# זיין מאיעסטעט

## ש. דייקסעל

און אנדערע נאוועלן

דריטער באנד

אויסגאבע: „פרייהייט“
שער־בלאט געצייכנט פון י. גאטבארג
ניו־יארק, 1925.


209

זיין

מאיעסטעט

ש. דייקסעל

## אינהאלט:

# זיין מאַיעסטעט

מיין האַרציקן אינגאַלע וואַליען — אַ מתנה

ערגעץ וואו, הויך איבער אונזער לעבן, אין דער „מיט“ פון יעדער זאַך, אין דער נשמה פון אונזער „זיין“ — האָט זיך זיין מאַיעסטעט, דער מעכטיקסטער פון אַלע געטער, דער גאָט פון צופאַל, — אויפגעשטעלט זיין קרישטאָלענעם פּאַלאַץ.

ווי אַ קאַלטע, דורכזיכטיקע זון, הויבט זיך דער קרישטאָלענער שלאָס אין דער בלוילאַכער לופט און פינקלט קאַלט און שפּאָטיש, ווי אַ פריש געשאַרפטער מעסער.

אין מיט'ן פּאַלאַץ שטייט אַ בלוט־רויטער טראָן און פון זיינע ביידע זייטן פליסן אַרויס צוויי קוואַלן: איינער פון פרייד און געלעכטער, דער צווייטער פון טרויער און פּיין. דורך צוויי רונדע עפענונגען אין דיל פאַלן ביידע שטראָמען אַרונטער — אין לעבן אַריין. און ווען זיי זיינען שוין גאַר נאָענט פון דער ערד, מישן זיי זיך צוזאַמען: דער געלעכטער פאַרלירט זיין פרייד און דער טרויער ווערט טיפער און פאַנגט אָן שמייכלען.

און איבער דער ערד צעשוועבט זיך אַ טרויעריקער, אַ ביטערער שמייכל.

אפ'ן בלוט־רויטן שטול זיצט דער אַלמעכטיקסטער פון אַלע הערשער, דער גאָט פון צופאַל, און רעגירט זיין געהאָרכזאַם קעניגרייך — דאָס מענטשלאַכע לעבן. ער רעדט קיין מאָל קיין וואָרט ניט, קוקט גלייכגילטיק אַראָפּ צו דער ערד און גיט זעלטן־ווען אַ שמייכל. זיין געלעכטער איז אַ פּאַסירונג, טרעפט נאָך זעלטענער פונ'ם שמייכל, קלינגט ניט אָפּ צו הויך, אָבער יעדער אַטאָם אף מיילן אַרום ציטערט אויף און הערט זיך איין.

אין אַלע פיר זייטן פונ׳ם קרישטאַלענעם פּאַלאַץ ציען זיך אַף טויזנטער מיילן דעם הערשער׳ס לאַנגע הענט און כאַפּן ווי מיט א רייף ארום דעם גאַנצן ערד־קוגל. און פון די מעכטיקע הענט פאַלן אין לעבן אַריין מיליאָנען דינינקע פעדים־פינגער, וועמעס עקן זיינען שטייף איינגעוואַקסן אין מארך פון יעדן לעבעדיקן באַשעפעניש. און ס׳איז פּונקט אַזוי פיל פינגער פאַראַן, וויפיל באַשעפענישן עס לויפן אין שפּאַן פון לעבן.

און זיין מאַיעסטעט זיצט זיך רואיק אַף זיין בלוט־רויטן שטול, באַוועגט מיט זיינע טויזנטער פינגער, פּלאָנטערט די מיליאָנען געהאָרכזאַמע פעדים, פאָלגט גלייכגילטיק נאָך די פאַלגן פון זיין שפיל און גיט צייטנווייס א שמייכל, און אַמאָל אויך א קורצן לאַך.

און פון אונטן, פונ׳ם לעבן, דערטראָגן זיך צו אים שווערע זיפצן, קייקלט זיך אַרויף א יונגער, ברוּיזנדיקער געלעכטער, קלינגט הילכיק אָפּ פאַרצווייפלונג און אָפּט שפּריצן אַרויף פינקלענדיקע טרערן אָדער טראָפּנס בלוט.

די טרערן גיסן זיך צונויף מיט זייער קוואַל לינקס, דער געלעכטער פאַלט רעכטס און דאָס בלוט קלעפּט זיך צו צום רויטן שטול, מאַכנדיק אים נאָך שענער, נאָך רויטער.

אַנגעשפּארט אָן דעם זייטל פונ׳ם רויטן שטול שטייט די „איראָניע“ און פאָלגט נייגעריק נאָך דעם הערשער׳ס שפּיל. זי לאַכט קיינמאָל ניט. דער שמייכל איז ווי צוגעקלעפּט צו אירע דינע, בלוילאַכע ליפּן און די קלוגע, האַלב־צוגעמאַכטע אויגן זיינען איבערפילט מיט שפּאָט.

גאָר נידעריק, אַפּ׳ן לעצטן טרעפּל פונ׳ם טראָן, זיצן מיט טרויעריק געבויגענע קעפּ, ווי צוויי שיק־איינגלאַך, „גליק“ און „אומגליק“. זיי זיצן און וואַרטן געהאָרכזאַם אַפּ׳ן באַפעל פון זייער הערשער, וואוהין צו גיין און וואָס צו טאָן.

און די מיליאָנען פעדים־פינגער פּלאָנטערן זיך אין א געדיכטער נעץ און דעם מענטשנ׳ס לעבן רייסט זיך אָפּ, בליצט אויף, וויקלט זיך אין אומענדלאַכע איבערגאַנגען פון פאַר־

צווייפלונג צו האָפנונג, פון פּיין צו פרייד, פון גליק צו אומגליק. און אויבן, אפּ'ן בלוט־רויטן שטול, אין זיין קאַלט פינקלענדיקן פּאַלאַץ, זיצט זיין מאַיעסטעט, דער אַלמעכטיקער גאָט פון צו־פאַל און שמייכלט... ווערט גאָרניט מיד סאַרקאַסטיש צו שמייכלען — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — —

## ווען דער אַלמעכטיקער לאַכט.

רודאָלף באַנער איז געווען אַ גאַנץ קלוגער מענטש, אָבער געהאַלטן האָט ער זיך פאַר גאָר אַ גרויסן חכם. אין זיינע האַנדלונ־גען איז ער געווען זייער פּאָרזיכטיק, אויסגערעכנט, האָט אַמאָל געקאָנט פּאָראויס זען געוויסע פּאַסירונגען, אָבער געדענקט ווענן זיך האָט ער ווי ווענן אַ געשעפטס־נביא.

פאַר די לעצטע פינף יאָר האָט ער מיט אַן אויסערגעוויינלאַכן ערפאָלג געפירט זיין שיך־פאַבריק און צוגעשריבן איר שנעלע אַנטוויקלונג און דעם וואוקס פון זיין רייכטום בלויז צו זיינע פּערזענלאַכע פעאיקייטן. ער האָט געגלויבט, אַז ער איז אַן אינדוסטריעלער געני און ווען נאָך ווען עס איז שטיין אין דער שפּיץ פון דער שיך־אינדוסטריע, צוערשט פון זיין שטאָט, נאָכהער — זיין געגנט און צולעצט — פון די פאַראייניקטע שטאַטן. עס איז אים עטלאַכע מאָל אויך איינגעפאַלן אַ געדאַנק ווענן אַן אַל־וועלטלאַכן באַנד פון שיך־פאַבריקאַנטן, מיט אים אָן דער שפּיץ, אָבער צו לאַנג האָט ער זיך אָפּ דעם ניט געקענט אָפּשטעלן: ס'איז נעווען צו צעשוואומען און ווייט.

דערווייל האָבן בא אים אין פאַבריק געאַרבעט 400 אַרבעטער, אָבער ער האָט געהאַט אַ קלאָרן און זיכערן פּלאַן, נאָך וועלכן זייער צאָל האָט ביז איבער אַ יאָר אין דער צייט געמוזט אָמ־ווייניקסטנס פאַרדרייפאַכט ווערן. און ער האָט ניט געצווייפלט, אַז אַלעם וועט זיין פונקט אַזוי ווי ער האָט אויסגערעכנט. אַזוי

שטארק האָט ער געגלויבט אין זיין קלוגשאפט, געניטקייט און קראפט פון פאָראויסזען.

הער באַנער איז אַלט געווען 38 יאָר, האָט געהאַט אַ געזונטע, שיינע ווייב מיט דריי קינדער. אָבער זיין הויז מיט דער פאַמיליע האָבן אים, ווי יעדע שוין פארענדיקטע זאך, גאַנץ ווייניק וואָס פאַר־נומען. ער האָט שוין לאַנג און איינמאָל פאַר אַלעמאָל באשטימט זייער צוקונפט: דאָס ווייב „מוז" וואָס אַ יאָר ווערן אַלץ שענער און פעטער, די קינדער „מוזן" ענדיקן די מיטל און הויך־שולן און ווערן לאָיערס. ער וועט זיי „מוזן" האָבן אין זיינע צוקונפטיקע קאַלאָסאַלע געשעפטן.

אַרום אָט־די באשטימטע געזעצן האָבן זיך באַ אים אין מח אויסגעלייגט קלענערע באַשלוסן, ווי צום ביישפּיל: ביז דעם קומענדיקן יאָר וועט מען מוזן פארקויפן דאָס הויז און קויפן אַ גרעסערס און אַ שענערס אין אַ רייכערן געגנט. מען דאַרף אויך זען פּטור צו ווערן פון דעם „דיוראַנט" אָטאָבאָמיל און קויפן אַ „סטודעבעקער". מען מוז אויך זען קריגן אַ זומער־וואוינונג אין איינעם פון יענע פלעצער, וואו די מיליאָנערן פארברענגען דעם זומער. קיין חילוק, אין פלאָרידא צי אין קאַליפאָרניע.

און אַלץ איז געגאַנגען לויט זיין אָנגעצייכנטן פלאַן, אין איינקלאַנג מיט זיינע וואונשן. אַ פּאָר קלייניקייטן האָבן אים, אמת, פון צייט צו צייט באַאומרואיקט. ער האָט זיי אָבער צו טיף צום הארצן ניט גענומען און זיי האָבן אפילו אַף קיין האָר ניט געשטערט זיינע גראַנדיעזע פלענער. דאָס ערשטע איז געווען דאָס, וואָס די קינדער האָבן זייער פאַרנאַכלעסיקט דאָס לערנען און זיך אַרומגעפירט מיט שלעכטע חברים. דאָס צווייטע, וואָס דער יונגער, עלעגאַנטער בען פּוירקינס, פלעגט צו אָפט פאַרברענגען אין זיין אפּוועזנהייט, באַ אים אין הויז.

פון דעם לעצטן האָט ער זיך דערוואוסט פון אַן אַנאָנים צו־געשיקטן בריוול, וואו מען האָט אים דערציילט וועגן זיין פרוי גאָר ניט קיין שיינע מעשים. די פרוי האָט אים אָבער מיט טרערן אין די אויגן פארזיכערט אין איר אומשולד, אָנגעוויזן אַף די

פילע שונאים, וועלכע פאַרגינען זיי ניט זייער וואַקסנדיקע רייכ־קייט און זוכן צו צעשטערן זייער גליקלאַכן לעבן. גאָט אין הימל איז אַן עדות, האָט זי גע׳טענה׳ט, אַז דער הער פּוירקינס איז בלויז אירער אַ גוטער פריינט נאָך פון קינדהייט אָן, אָבער דאָרטן וואו ס׳האַנדלט זיך וועגן איר טייערן רודאָלפ׳ס רו, שווערט זי אים, אַז פּוירקינס׳עס פוס וועט מער די שוועל פון זייער הויז ניט אַריבערטרעטן.

באַנער האָט זיך באַרואיקט און, אַ פּאַרטיפּטער אין געשעפט, גיך אָן דער גאַנצער געשיכטע כמעט ווי פאַרגעסן. און זי, די ווייב זיינע, האָט געהאַלטן וואָרט. דער הער פּוירקינס האָט מער ניט איבערטראָטן די שוועל פון באַנער׳ס הויז. זי האָט זיך גענומען טרעפן מיט אים אויף אַנדערע פּלעצער.

מיט עטלאַכע חדשים צוריק האָט באַנער׳ס מאָגן, ניט צאָלנדיק די קלענסטע אויפמערקזאַמקייט צום פאַקט אין וועמענס קערפּער ער האָט די ערע זיך צו געפינען, אויפגעהערט צו אַרבעטן. צי האָט ער זיך באַליידיקט, וואָס זיין בעל הבית שלינגט צו שנעל אַראָפּ דאָס ניט־צעקייטע עסן, צי האָט ער געפאָדערט מער פרישע לופט און באַוועגונג? ווער ווייסט? פאַר וועמען איז קלאָר, וואָס אַ מאָגן קען געפעלן אָדער ניט געפעלן? אָבער פאַר באַנער׳ן איז איין זאַך זיכער געווען, אַז זיין מאָגן שטייט ניט אויף דער זעלבער אַנטוויקלונגס־שטופע ווי ער אַליין און פאַרשטייט גאַנץ ווייניק אין אַזעלכע ערהאַבענע זאַכן ווי טויזנטער אַרבעטער, קאָר־פּאָראַציעס, מיליאָנען.

מיט איין וואָרט, באַנער׳ס מאָגן האָט אויפגעהערט צו אַר־בעטן, זיך איבערפילט מיט גאַזן און זויערקייט און גענומען שטערן דעם בעל הבית אַנצוגיין מיט זיין וויכטיקער אַרבעט.

הער באַנער איז אַוועק צו אַ גרויסן דאָקטאָר, וועלכער איז גראַד געווען איינפאַרשטאַנען מיט׳ן מאָגן און געהייסן דעם קראַנקן ניט נאָר ניט איגנאָרירן, נאָר פּינקטלעך נאָכגעבן דעם מאָגנ׳ס אַלע פאָדערונגען. ער האָט באַפוילן צו נוצן געוויסע שפּייזן, עסן

לאנגזאם, גוט צעקייענדיק, טרינקען א סך וואסער, זיך געפינען מער אף דער פרישער לופט, מאכן אלע טאג פיזישע איבונגען און אלע פרימארגן ניט פארן אין אויטאמאביל אין פאבריק אריין, נאר צוגיין די 40 גאסן צופוס.

דאנערשטיק, דעם 22טן מאי, האלב נאך 7 אין דער פרי, איז באנער ארויס פונ׳ם הויז זייער א צופרידענער. ער האט זיך ניט אומגעקוקט אף די בליענדיקע בוימער, גלייכגילטיק פארביי־געלאפן מיט׳ן בליק די העלע בייטן בלומען אין די גערטנדלאך ארום. ער איז געווען פארטיפט אין זיינע געדאנקען. ער האט היינט געפילט אויפגעלעגט און געשמייכלט צו זיך אליין.

יא. ווי עס ווייזט אוים איז ער נאך קליגער, נאך ווייט־זעענ־דיקער ווי ער אליין דענקט. לעצטע וואך האט ער פארנומען נאך צוויי שטאק פון דער זעלבער געביידע, וואו זיין פאבריק געפינט זיך, איינגעארדנט נייע מאשינערי און אין צווייען פארגרעסערט די צאל ארבעטער. נעכטן האט ער אויך אונטערגעשריבן א פאר־זיכערונג־„פאליסי” אף 75 טויזנט דאלאר אף 15 יאר צייט. אין 15 יאר ארום וועט ער קריגן 75 טויזנט דאלאר. ס׳איז קיין צווייפל, אז ביז דאן וועט אזא סומע בא אים קיין שום באדייטונג ניט האבן. זיינע געשעפטן וועלן שוין גיין אף מיליאנען, אבער ארויסווארפן דאס געלט וועט ער זיכער ניט. עס וועט צונוץ קומען.

א געדאנק איז אים דורכגעלאפן, אז די 75 טויזנט דאלאר טארן ניט אריין אין געשעפט. פאר זיי דארף מען אויפטאן עפעס אויסערגעוויינלאכעס. עפעס אזעלכעס, פון וועלכן די צייטונגען זאלן האבן וואס צו שרייבן. וואס, צום ביישפיל, וואלט ער גע־קענט מיט זיי אויפטאן?

ער איז לאנגזאם און זיכער נעגאנגען איבער די רוישנדיקע גאסן, קוים באמערקנדיק א פאר מאל אנגעבויגן דעם קאפ אף די טיפע באגריסונגען פון א פאר באקאנטע און א שפיציקער, צופרידענער שמייכל האט זיך נעשלענגלט פון דער לינקער זייט מויל ארויף צום אויג צו.

זיין מאַיעסטעט האָט פון זיין בלוט־רויטן שטול אַראָפּגע־קוקט אויף דעם לאַנגזאַם גייענדיקן באַנער׳ן, דערפילט זיינע געדאַנ־קען און אַ שוואַכן שמייכל געטאָן. דערנאָך האָט ער איבערגעפירט דעם בליק אויף אַ פלאַכן דאַך מיט אַ צען גאַסן פאָראויס, וואו דער קליינער ניקי האָט פון רויטע ציגל צונויפגעשטעלט אַ פּאַסטקע פאַר ווילדע טויבן. דער הערשער איבער אַלע הערשער האָט זיך איינגעקוקט אַ פּאָר מינוט אין אינגל׳ס אַרבעט און זיך פּלוצלינג שטיל, גאָר שטיל צעלאַכט — — — — — — — — — — — —

די „איראַניע" רעכטס, דערהערנדיק זיין מאַיעסטעט׳ס זעל־טענעם געלעכטער, האָט אויף אים אַ פאַרוואונדערטן קוק געטאָן, נאָכגעפאָלגט זיין בליק צוערשט צום קליינעם ניקי׳ן און נאָכהער צום אַלץ נענטער צוקומענדיקן באַנער׳ן. און פּלוצלינג האָט זיך איר צונויפגעצויגענער מויל מיט די דינע בלוי ליפּן ברייט צעעפנט און אַ שיטערער געלעכטער האָט זיך פון דאָרטן אַ גאַס געטאָן — — — — — — — — — — — — — — — — — —

גליק און אומגליק אויף די טרעפּלאַך פון׳ם שטול האָבן זיך איבערגעקוקט: ווער פון זיי וועט עס באַלד דאַרפן פאַרלאָזן דעם קרישטאָלענעם פּאַלאַץ? און נאָך דער „איראַניע׳ס" געלעכטער האָבן ביידע פאַרשטאַנען, אַז דאָס גליק קען רואיק בלייבן זיצן אויף זיין טרעפּל. דער אומגליק האָט לייכט אַ ריר געטאָן מיט די פליגל, זיך פאַרברייטנדיק אין וועג אַריין.

ניקי איז געווען אַ קלוגער ניין־יאָריקער אינגל. פיר גרויסע ליידנשאַפטן האָט ער געהאַט: עסן „אייז־קרים", טרינקען „מאַל־טעד־מילק", אויפלאָזן פאַפּירענע שלאַנגען און כאַפּן טויבן. און בעת די קראַפט פון די ערשטע צוויי זאַכן האָט אים געצויגן אַרונטער, צום געוועלבל אין גאַס, האָבן אים די לעצטע צוויי גע־האַלטן ענג צוגעבונדן צום דאַך פון׳ם פיר־שטאָקיקן הויז, וואו ער האָט געוואוינט. אָבער פון אַלע זיינע פיר ליידנשאַפטן איז די מעכטיקסטע געווען דער טויבן־צויבער. זיין גאַנץ וועזן, זיין גאַנצע פאַרשטעלונגס־קראַפט איז געווען איבערפילט מיט זיי. ניט

נאָר בייטאָג, נאָר אַ גאַנצע נאַכט, אין שלאָף, האָבן זיך אַרום אים געדרייט מחנות טויבן, זיך געזעצט אויף זיינע פּלייצעס, געגעסן פון זיינע הענט.

פון אַ הויז, וועלכע האָט זיך ניט ווייט געהאַלטן אין בויען, האָט ניקי פאַרשלעפּט צו זיך אויפ׳ן דאַך אַ צענדליק רויטע ציגל, און צוזאַמענגעשטעלט פון זיי אַ פּאַסטקע אין אויסזען פון אַ קליין שטיבעלע. אינווייניק זיינען געווען אָנגעוואָרפן שטיקלאַך ברויט. איבער׳ן אריינגאַנג פון דער פּאַסטקע איז געשטאַנען אַ ציגל, אונטערגעשפּאַרט מיט אַ שטעקעלע, פון וועלכן עס האָט זיך געצויגן אַ דין שטריקל. ניקי האָט געקענט גאַנצע טעג אָפּליגן אויפ׳ן דאַך, פאַרשטעקט אונטער אַ קוימען, מיט׳ן צווייטן עק פונ׳ם שטריקל אין האַנט, און געדולדיק וואַרטן אויף די טויבן. און ווען אַ טויב פלעגט אַריין אינווייניק, האָט ניקי אַרויסגעצויגן דאָס שטעקעלע פון אונטער׳ן ציגל, וועלכער פלעגט, פאַלנדיק, פאַרשטעלן דעם אַריינגאַנג.

דאָנערשטיק, דעם 22טן מאַי, האַלב נאָך 7 אין דער פרי האָט זיך ניקי אַרויפגעכאַפּט אויפ׳ן דאַך אַ קוק טאָן וואָס עס מאַכט זיין פּאַסטקע. זי איז געווען איינגעפאַלן. ער האָט געדאַרפט באַלד גיין אין „סקול״, אָבער זיין הערצל איז אים געווען זייער אומרואיק: ווי גייט מען עס אַוועק און מען לאָזט די פּאַסטקע אַ צעשטערטע? מעגלאַך, אַז גראַדע היינט, אין זיין אַבוועזנהייט, וועט זיך אויפ׳ן דאַך אָפּשטעלן אַ גאַנצע מחנה טויבן און איינע, אָדער אפילו אַ פּאָר, וועלן זיך אַליין פאַרהאַקן אין זיין שטיבל.

ער האָט אַוועקגעלעגט די ביכער אָן אַ זייט און שנעל גענומען צונויפשטעלן די פּאַסטקע. אין גרויס איילעניש, האָט ער איינעם פון די ציגל אַוועקגעלעגט אויפ׳ן סאַמע ענד פונ׳ם דאַך און אים באַלד, וועלענדיק אַליין נעמען, ניט־געשיקט אַ שטופּ געטאָן און אַראָפּגעוואָרפן פון דער צווייטער זייט.

דער ציגל איז אַראָפּגעפאַלן אין גאַס, אויפ׳ן קאָפּ פון דעם ווייט־

זעענדיקן רודאָלף באַנער'ן, וועלכער האָט זיך פּונקט אין יענער רגע געפונען אַף יענעם פּלאַץ. — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אין דער צייט, וואָס דער ציגל איז פון'ם דאַך געפלויגן, האָט זיך באַנער ברייט און צופרידן צושמייכלט: ער האָט ענדלאַך געפונען וואָס צו טאָן מיט די 75 טויזנט דאָלאַר, וועלכע ער וועט אין 15 יאָר אַרום קריגן פון זיין פּאָליסי. ער וועט פאַר'ן גאַנצן געלט קויפן א גרויסן דימענט, אים איינפאַסן אין א שוואַרצן, אייזערנעם מעדאַליאָן און שענקען זיין פרוי אַלס אָנדענקן פון דער איצטיקער, אין פאַרגלייך מיט דער צוקונפט, אָרימקייט. זי האָט עס בא אים פאַרדינט: זי איז די לעצטע צייט אַזוי גוט צו אים געוואָרן, קימערט זיך אַזוי וועגן זיין געזונט. ער וועט עס זיכער טאָן און זאָלן די צייטונגען וועגן דעם שרייבן, זיך רייסן אַף די גלייכע ווענט.

ער האָט נאָך געוואָלט עפּעס א טראַכט טאָן וועגן ענלאַכע פּרעזענטן פאַר די קינדער, נאָר דאָ האָט דער שווערער ציגל דורכגעבראָכן זיין שאַרבן און צעדריקט די פאָדערשטע טייל פון זיין מאַרך.

ער האָט אַזוי מאָדנע מיט איין מאָל א שאַרפן הויב געטאָן זיינעביידע אַקסלען, זיך א שאָקל געגעבן אין איין זייט, דערנאָך אין דער צווייטער און איז געפאַלן מיט'ן פּנים אַראָפּ. שוין ליגנדיק אַף דער ערד, האָט ער זיך א דריי געגעבן אַף דער רעכטער זייט, מיטגעצויגן דעם קאָפּ, עטוואָס אויפגעעפנט די אויגן און דער שפּיציקער שמייכל איז געבליבן ליגן אין רעכטן ווינקל פון זיין מויל.

זיין מאַיעסטעט, דער אַלמעכטיקסטער פון אַלע געטער, האָט געלאַכט. א זאַך וואָס פּאַסירט מיט אים זייער זעלטן. און די „איראָניע" האָט אים אונטערגעהאָלפן און אירע איינגעפאַלענע זייטן האָבן זיך, ווי צוויי בלאָז־זעק, געהויבן און אַראָפּגעלאָזט.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

## איינער פון זיין מאיעסטעט׳ס שפאסן.

אַלגאַ האָט נאָך נעכטן באַם שלאָפן גיין באַשלאָסן, אַז מאָרגן, דינסטיק בייטאָג, מוז זי זיך דורכפאָרן זען וואָס איר שוועסטער לינאַ מאַכט. לעצטע וואָך איז יענע קראַנק געווען, געלעגן עטלאַכע טעג אין בעט און זי האָט פאַר קיין פאַל ניט געקענט זיך באַפרייען אַף אַ האַלבן טאָג און צופאָרן אַהין.

דערפאַר איז זי טאָקע היינט אויפגעשטאַנען גלייך מיט לעאָנ׳ען, געמאַכט פאַר אים פרישטיק, און אין דער זעלבער צייט אויך צוגעשטעלט קאָכן די וועטשערע.

— וואָס עפּעס אַזוי פרי? — האָט זי דער מאַן געפרעגט.

— איך מוז היינט צופאָרן צו לינע׳ן. זי איז די לעצטע וואָך קראַנק געווען און איך בין זי אַפילו ניט געקומען זען.

— און דזשעראַלד׳ן וועסטו איבערלאָזן באַ דער מאַמען?

— ניין, כ׳וועל אים נעמען מיט זיך. דאָס פאָרן איז פאַר אים אַ קוואַל פון פאַרגעניגן און לינאַ וויל אים טאָקע אויך זען. — זי האָט צוגעשפּאַרט איר קאָפּ צום מאַנ׳ס ברוסט. — פאַרגעס ניט ליבער, אַז אונזער זון איז שוין אַ גרויסער בחור, פינף יאָר אַלט.

לעאָן האָט זי אַרומגענומען, איר אַ קוש געטאָן אין די ליפּן, וועלכע זי האָט מיט אַ קינדיש נאַאיוון חשק אים אונטערגעשטעלט. פייגלאַכע שאָטנס האָבן זיך דורכגעטראָגן איבער זיין פּנים. ער האָט מיט אַ פאַרשטיקטן זיפץ געענטפערט: — יאָ, ער איז שוין אַ גרויסער אינגל. — און זיין בליק האָט טרויעריק און פאַרבענקט געקוקט ערגעץ־וואו ווייט פאַר זיך און דאָרטן עפּעס געזען.

אַלגאַ האָט צעעפנט די פענסטער, מיט פריידיקע אויגן באַטראַכט די גאַס און אַרויפגעשיקט אַ פּאָר גליקלאַכע שמייכלען צום בלויען הימל. זי האָט געטראַכט, ווי גוט עס לעבט זיך איר

אַף גאָט'ס וועלט מיט איר לעאָנ'ען און קינד, און אַ שטילער געזאַנג האָט זיך פון אירע ליפּן געצויגן.

ביז דער פרישטיק איז פאַרטיק געוואָרן, האָט זי אָרומ־געווישט דעם שטויב פונ'ם מעבל און צונויפגעקליבן דעם קינד'ס מלבושים און שפּילצייג, וואָס זיינען געלעגן צעוואָרפן איבער אַלע צימערן.

— גיב נאָר אומיסטן אַ קוק, וואָס פאַר אַן איבערקערעניש דער קליינער טייוול מאַכט עס אָן, — האָט זי זיך פאַר'ן מאַן געפּיעשטשעט, אָנגיסנדיק אים אַ גלאָז קאַווע, — איך האָב נאָך אַזאַ פאַרשייט קינד ניט געזען.

— בעסער אַזוי. רואיקייט און אָרדנונג זיינען גאָר קנאַפּע מעלות פאַר אַ געזונטן, ענערגישן קינד.

באַם אוועקגיין האָט ער זי, ווי אַלע פרימאָרגן, אַ קוש געטאָן אין די ליפּן און דערמאָנט:

— זע, פאַר ניט צוריק אין „ראָש", ווען דער עולם פאָרט פון דער אַרבעט. מעגסט זיך פאַרזאַמען דאָרטן ביז אַרום 7 אַזייגער. איך וועל היינט אַהיימקומען אַ ביסל שפּעטער. מיר האָבן נעכטן געקראָגן אַ סך זיידנס און איך וויל מוזן אַ גאַנצן טאָג אַרומלויפן צווישן אונזערע קונים מיט די מוסטערן.

זי האָט אים באַגלייט ביז דער גאַס־טיר, אים נאָכגעפאָלגט מיט אַ ליבנדיקן בליק און ווען ער האָט זיך איינמאָל אומגעקוקט, האָט זי צו אים פון ווייטן אַ מאַך געטאָן מיט'ן האַנט.

ווען זי איז צוריק אריין אין שלאָף־צימער, איז שוין דזשעראַלד געשטאַנען אָפּ'ן בעט און זיך באַמיט נאָכצומאַכן אַ פּאָר טשאַרלי טשאַפּלינ'ס קונצן, וועלכע ער האָט נעכטן אין „מואווי־הויז" געזען. זי האָט אים אָפּגעגעבן אַ ברייטן גוט־מאָרגן און אים אויסגעקושט דאָס גאַנצע פּנימ'ל. דערנאָך האָט זי אים גענומען אַרומוואַשן, דערציילנדיק וועגן דעם וואונדערלאַכן וועג צו דער טאַנטע לינא, וואוהין זיי וועלן באַלד פאָרן, אויב ער וועט נאָר זיין אַ גוטער אינגל און זיך לאָזן שנעל אָנטאָן.

און זיך צוהערנדיק צום קינד'ס פּלאַפּלעריי, מעכאַניש ענט־

פערנדיק אף זיינע צענדליקע פראגן, האָט זי ווידער גענומען טראַכטן וועגן לעאָנ׳ס ליבע צו איר און וועגן איר גליקלאַכן לעבן. א הייסע דאַנקבאַרקייט האָט מיט אַמאָל אָנגעפילט איר ברוסט. ס׳האָט זיך איר פאַרוואָלט וויינען, אויסציען די הענט צום הימל און אויסדריקן אירע געפילן אין א הילכיק־אָפּקלינגענדיקן קוויטש. זי האָט א כאַפּ געטאָן דאָס קינד אף די הענט, אים צוגעדריקט צו זיך און הייס גענומען קושן.

איינס אַזייגער איז שוין די גאַנצע הויז־אַרבעט געווען אָפּגעטאָן, דאָס עסן איז שוין געשטאַנען אַפּ׳ן אייז און אָלגא איז א פריילאַכע אַרויס מיט׳ן קינד אין גאַס.

לינא האָט געוואוינט אף דער 99טער גאַס, אף דער „וועסט־סייד“, ניט ווייט פונ׳ם סענטראַל פּאַרק. געוויינלאַך פלעגט אָלגא, וועלכע האָט געוואוינט „דאַון־טאַון“, נעמען דעם „בראָנקס עקספּרעס“ פונ׳ם אונטערערדישן באַן, אַרויסגיין אף דער 96טער גאַס און שוין צוגיין די עטלאַכע גאַסן צופוס. דאָס מאָל איז אָבער דער „בראָנקס עקספּרעס“ געווען איבערגעפּאַקט מיט מענטשן, און דערזעענדיק האַלב ליידיקע וואַגאָנעס אין א „בראָד־וויי עקספּרעס“ האָט אָלגא באַשלאָסן, אַז ס׳איז, אייגנטלאַך, קיין חילוק פאַר איר ניט מיט וואָס פאַר א באַן צו פאָרן: ביז דער 96טער גאַס גייען ביידע אף דעם זעלבן וועג. זי איז אַריין מיט׳ן קינד אין עקספּרעס און זיך אוועקגעזעצט.

זיין מאַיעסטעט אַפּ׳ן בלוט־רויטן טראָן האָט, אַראָפּקוקנדיק, פּלוצלינג דערפילט אָלגא׳ס פרייד. דאָס גאַנצע גליק פון איר איינפאַכער, ערלאַכער נשמה האָט העל אָפּגעשיינט אין קוואַל רעכטס פון אים. אף איין ווייל האָט ער זיך ערנסט איינגע־קוקט אין איר, איבערגעפירט זיין בליק אף א צווייטן פּלאַץ, ערגעץ־וואו לינקס, און א סאַרקאַסטישער שמייכל האָט א ריר געטאָן זיינע ליפּן. ער האָט לייכט א באַוועג געגעבן מיט זיין רעכטער האַנט און איינער פון די מיליאָנען פעדים־פינגער, וועמעס עק האָט זיך געפונען אין אָלגא׳ס מאַרך, האָט א ציטער געטאָן. און די „איראָניע“ האָט זיך פעסטער צוגעשפּאַרט צום

רויטן שטול, שטייפער צוזאַמענגעצויגן די דין־בלויע ליפּן און נייגעריק אַרונטערגעקוקט צו דער ערד.

דער „אומגליק" האָט זיך האַסטיק אַ הויב געטאָן פון זיין פּלאַץ, ברייט צענומען זיינע געל־גרויע פליגלען און אַרויסגע־שוועבט פונ׳ם קרישטאָלענעם פּאַלאַץ. דאָס „גליק" האָט טרויעריק געקוקט אין זיין קוואַל, וואו די העלע פונקען פון אַלגאַ׳ם גליק זיינען אַלע טונקעלער געוואָרן און זיין קאָפּ האָט זיך געבויגן ווי אַ פאַרוועלקטע נאַרציס בלום.

פאַר דער 96טער גאַס האָט זיך אַלגאַ פאַרקוקט אויף אַ טשי־קאַוון „אַדווערטייזמענט". פון אַ גרין געפאַרבטער בילד האָט העל אַרויסגעקוקט אַ רויט־פּנים׳דיקער אינגל מיט פריש לאַכנדיקע אויגן. זיין מויל איז געווען ברייט צעעפנט, די רונדיקע הענט אויסגעשטרעקט אויף פאַראויס. איבער אים איז געווען אָנגעשריבן: „העי, דו בלייכער אינגל, פאַרוואָס טרינקסטו ניט ראַנדל׳ס טשאָ־קאָלאַט?"

אַלגאַ האָט אַ שמייכל געטאָן פונ׳ם געשיקטן וועג, ווי אַזוי די סוחרים מאַכן באַקאַנט וועגן זייער סחורה און באַשלאָסן צו קויפן אַמאָל אַ שאַכטל ראַנדל׳ס טשאָקאָלאַט, אפשר וועט עס דזשעראַלד׳ן געפעלן. דאָס פאַרטיפן זיך אין בילד האָט געדויערט בלויז אַ פּאָר מינוטן, נאָר אין דער צייט איז דער באַן שטיין געבליבן בא דער 96טער גאַס, די טירן האָבן זיך צעעפנט, איין טייל עולם איז שנעל אַרויס, דער צווייטער איז איילנדיק אַריין, און ווען זי האָט אַ לויף געטאָן מיט׳ן קינד אויף די הענט צום אַרויסגאַנג, זיינען שוין די טירן געווען פאַרמאַכט.

זי איז געבליבן שטיין אַ צעטומלטע, נאָר זיך גלייך באַ־רואיקט און באַשלאָסן, אַז זי וועט צופאָרן ביז׳ן צווייטן אָפּשטעל, אויף דער 103טער גאַס, און וועט דאָרטן נעמען דעם באַן וואָס גייט צוריק. אָנקומענדיק אָבער אויף דער 103טער גאַס, האָט זי זיך באַרעכנט, אַז עס לוינט זיך ניט אַריבערצוגיין אויף דער צווייטער זייט און וואַרטן אויף אַ באַן. זי וועט בעסער אַרויס אין גאַס און נעמען אַ שפּאַציר צו דער שוועסטער דורכ׳ן

סענטראַל פּאַרק. טאַקע לאַנג, אַז זי איז שוין דאָ ניט געווען. מיט 6 יאָר צוריק פלעגט זי דאָ, אין די געדיכט פאַרוואַקסענע אַלייען, פאַרברענגען אָפט מיט לעאָנ'ען גאַנצע אָוונטן. דאָס האַרץ האָט האַסטיקער גענומען קלאַפּן.

זי איז אַרוים פונ'ם סאַבוויי, אַריבער די גאַס און אַריין אין פּאַרק. אַף דער ערשטער אַלעע האָט זי גלייך דערקענט די שטיינערנע באַנק, אַף וועלכער זיי זיינען איין מאָל געזעסן. זי געדענקט אפילו פון וואָס זיי האָבן דאַן גערעדט. ער האָט געהאַלטן אירע הענט אין זיינע און געקושט אירע פינגער. די פאַרב האָט איר היים א שלאָג געטאָן אין פּנים און די שפּיצן פון די פינגער האָבן לייכט גענומען שטעכן. און אָט איז דער הילצערנער געצעלט, צונויפגעקלאַפּט פון ניט־געריייניקטע בוימער־שטאַמען, איבער דער האַלב־פאַרוואַקסענער אָזערע. גאָט, וויפיל אָוונטן זיי האָבן אָט דאָ פאַרבראַכט, פעסט צוגעדריקטע איינער צום צווייטן! זיי פלעגן פאַרכאַפּן דעם פּלאַץ, ווען די זון האָט נאָך געהאַלטן באַם פאַרגיין. צוערשט פלעגן זיי לעזן אָדער אַזוי רעדן צווישן זיך און זיצן גאַנץ ווייטלאַך איינער פונ'ם צווייטן. וואָס נידעריקער די זון האָט זיך אָבער אַראָפּגעלאָזט, אַלץ נאָענטער האָבן זיי זיך צונויפגערוקט, און ווען די זון איז אינ־גאַנצן פאַרשוואונדן, האָבן זיך אויך זייערע שאָטנס אין איינעם צוזאַמענגעגאָסן. אַ ציטער איז אַריבער איר לייב. זי האָט דער־פילט לעאָנ'ס ליפּן אַף איר מויל.

עס האָט זיך איר געוואָלט כאַפּן דאָס קינד אַף די הענט און אים וועגן דעם אַלעם דערציילן.

זי איז אַלץ טיפער אין פּאַרק געגאַנגען, פאַרגעסן וועגן דער שוועסטער און נאָכגעגאַנגען דעם קינד, וואָס האָט זי פאַר'ן האַנט איבער די אַלייען געפירט.

אַף אַ באַנק אין אַ פאַרוואַקסענעם, שמאָלן דורכגאַנג, האָט די דערזען אַ פּאָרל.

אַ בלאָנדע מיידל איז געזעסן אַף אַ באַנק און האַרט נעבן

איר, האַלטנדיק די האַנט פאַרוואָרפן אַרום איר טאַליע, איז גע־זעסן אַ מאַן און שטיל גערעדט צו איר.

אָלגאַ האָט געוואָלט זיך אַ נעם טאָן אין אַ צווייטער זייט. דאָס האַרץ האָט אָבער אין איר פּלוצלינג אַ ציטער געטאָן און זיך שאַרף צוזאַמענגעדריקט. זי איז שטיין געבליבן און גאָרניט גע־קענט פאַרשטיין, וואָס מיט איר איז געשען. זי האָט זיך אומ־רואיק אַרומגעקוקט און ווידער געוואָלט אַוועקגיין. דאָס קינד האָט זי אָבער געצויגן אַף דער שמאָלער אַלעע און זי איז אים, ווילנלאָז, נאָכגעגאַנגען.

ווען זיי זיינען שוין געווען נאָענט פון׳ם פּאָרל, האָט דאָס בלאָנדע מיידל, לאַכנדיק, עפּעס אַ זאָג געטאָן דעם מאָן. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ.

— פּאַפּאַ! — האָט פרייליך אויסגעשריען דזשעראַלד, זיך אַרויסגעריסן פון דער מוטער׳ס האַנט, און איז צוגעלאָפן צום מאַן.

אָלגאַ איז געשטאַנען אַ בלייכע, מיט ברייט־צעעפנטע, גאָר־ניט פאַרשטייענדיקע אויגן און אַ פיינלאַכע קרומקייט האָט זיך שפּרינגענדיק געקייקלט אַרום איר מויל. לעאָנ׳ס פּנים איז געווען ווייטאָקדיק צוזאַמענגעצויגן און ער איז ווי פאַרגליווערט גע־וואָרן, מיט׳ן קאָפּ אויסגעדרייט אַף צוריק.

דאָס בלאָנדע שיינע מיידל האָט זיך האַסטיק אויפגעהויבן פון דער באַנק, געוואָרפן אַף אָלגאַ׳ן אַ דערשראָקענעם בליק און שנעל גענומען אַוועקגיין, היילכיק אָפּקלאַפּנדיק מיט אירע אָפּ־צאַסלאַך דעם טאַקט פון אירע צושראָקענע באַוועגונגען.

לעאָן האָט זיך אויפגעשטעלט. מאַן און ווייב זיינען גע־שטאַנען איינער קעגן דעם צווייטן ערשיטערטע, ניט גלויביקע. און טונקעלע פליגל האָבן זיך איבער זייערע קעפּ געשפּירט און אַ פינסטערניש האָט זיך, ווי אַ וואַנט, אַף זייער ליכטיקן לעבנס־וועג געהויבן.

ביידע האָבן געשוויגן. דזשעראַלד בלויז האָט זיך מיט עפּעס געפרייט, ווען עפּעס דעם פּאַפּאַ דערציילט.

און ווען זיי קוקן אין דעם מאָמענט ארויף און קענען זען, וואָלטן זיי באמערקט דעם בלוט־רויטן שטול, דעם הערשער, אף אים און זיין סארקאסטישן בליק. און מעגליך, ווען זיי קענען הערן, וואָלטן זיי, אפשר, אויך דערהערט זיין שטילן, שטיקן געלעכטער — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## נאָך א שפּאַס פונ׳ם אלמעכטיקן.

אלע פרימאָרגן, ווען די ווייזערס פונ׳ם גרויסן זייגער אויפ׳ן קלויסטער איבער׳ן וועג, האָבן געוויזן פּונקט א פערטעל צו זיבן, פלעגט פונ׳ם ברוינעם „טענעמענט״־הויז נומער 228 ארויסקומען דער 37־יאָריקער ראָבין און מיט געמאָסטענע טריט זיך לאָזן גיין צו דער ארבעט. און פארנאכט, א פערטעל נאָך זעקס, פלעגט ער אף דעם זעלבן וועג אהיימגעקומען. אבער אצינד זיינען זיינע טריט שוין געווען ניט אזעלכע זיכערע, דאָס פּנים בלאס און אויסגעצערט.

עס האָט אים געפעלט אביסל בלוט נאָך א טאָג שווערער ארבעט. עס איז פארבליבן אין די פאלדן פונ׳ם בארג מלבושים, וואָס ער האָט היינט אין פאבריק אויפגענייט.

ער האָט זיך געאיילט צום ברוינעם „טענעמענט״־הויז, וואו עס האָבן אויף אים געווארט פיר ציכטיקע צימערלאך, זיין יונגע 28־יאָריקע פרוי עטעל און זייערע צוויי קינדערלאך. ביים אריינקומען אין פאָרהויז פלעגט ער שוין דערפילן דעם ריח פון א געשמאקן נעקעכץ, וואָס האָט געווארט אויף אים אין אויוון. ער פלעגט לייכט אָפּזיפצן: „דאנקן גאָט... אבי מען איז שוין אין דער היים״.

אין דער קליידער פאבריק, ביי דער מאשין, ווען בלויז ראָ־בין׳ס געניטע הענט זיינען געווען פארנומען מיט׳ן מאכן מענער־רעק און דער מח פריי — פלעגט ער א גאנצן טאָג האלטן אין איין טראכטן. און פּונקט אויף אזויפיל, אויף וויפיל זיינע גע־

דאַנקען זיינען געוויינלאַך געווען לאַנגזאַם און אויסגערעכנט, אַזוי זיינען זיי אין אַ שאָפּ ביי דער מאַשין געווען פיבעריש שנעל און טרוימעריש ניט אויסגעהאַלטן.

אממעהרסטן האָבן זיך זיינע געדאַנקען געדרייט אַרום זיין פרוי מיט די קינדער. מילא, וועגן עטלען איז שוין אָפּגערעדט. אמת, זי איז פיל אינגער פון אים, נאָך גאַנץ שיין, אָבער זי שפּאַנט שוין מיט אים צוזאַמען באַרג אַראָפּ. זיי וועלן שוין ביידע אויסלעבן זייער ביסל יאָרן. אָט די צוויי קינדער: דוד'ל און חנה'לע — זיי זיינען שוין גאָר עטוואָס אַנדערש. זיי גייען ערשט באַרג אַרויף, זיי מוז מען העלפן אַרויפקלעטערן. און דערפאַר, ווען זיי וועלן שוין זיין פון אויבן, פאַרזאָרגטע מיט אַלץ, ווען זיי וועלן שוין קענען פאַר זיך אַליין אַ לעבן מאַכן, וועלן זיי אויך אים מיט עטלען אַ האַנט דערלאַנגען, זיי אַרויפ־שלעפּן צו זיך און זאָגן: „טאַטע, מאַמע, איר האָט אייער גאַנצן לעבן אָפּגעגעבן פאַר אונזערט וועגן. מיך, דוד'ן, געמאַכט פאַר אַ דאָקטאָר און מיין שוועסטער, חנה'לען, חתונה גע־מאַכט פאַר אַ רייכן, געלערנטן מאַן, און דערפאַר וועט איר אַלע אייערע יאָרן אָפּלעבן ביי אונז אין רייכטום און אין כבוד."

ראָבין פּלעגט זיך גליקלאַך צושמייכלען, עטוואָס צומאַכן די אויגן און זיין צוקונפטיקער לעבן האָט זיך אים געמאָלן פּונקט, ווי ער וואָלט אין אַ ווינדלאָזן פאַרנאַכט געשטאַנען אויף אַ הויכן באַרג און צוגעקוקט ווי רואיק און זיכער די מידע זון זעצט זיך אין איר גאָלדיק־פלאַמיקער נעסט. אוונט שאָטנס פילן אָן די טאָלן, הויבן זיך צום באַרג־שפּיץ. אים אָבער אַרט עס ניט. ער האָט זיינס אָפּגעטאָן. אין אים איז אַלעס, פּונקט ווי אַרום, שטיל, רואיק, איבערגעבעטן מיט זיך און מיט דער גאַנצער וועלט.

דער רואיקער, אַלץ באַרעכנענדיקער ראָבין האָט נאָך אין זיין יוגנט געננוי אויסגערעכנט, אַז פאַר אים איז דאָס בעסטע צו פאַרבלייבן אַ בחור. און ער האָט זיין באַשלוס געהאַלטן ביז ער האָט, מיט אַכט יאָר צוריק, זיך באַקענט מיט עטלען,

און צו זיין גרויסער איבעראשונג, זיך פארליבט אין איר. און א וועלט מיט נייע געפילן האט זיך מיט אמאל אין זיין נשמה פאר אים אליין אנטפלעקט, אים פארמשאדעט און צונישט גע־מאכט אלע זיינע חשבונות.

עטעל איז געווען א „גרין" מיידל, ערשט עטלאכע חדשים פון דער שיף. צוויי טאנטעס האבן זיך אריינגעלעגט אין שדוך, זי אנגעשראקן מיט'ן „שאפ" און פאר'קנס'ט. זי האט אים קיינמאל ניט ליב געהאט, ער איז אבער געווען זייער גוט צו איר און ביסלאכוויז האט זיך איר יונגער לעבן ווי צוגעקלעפט צו זיין לאנגזאמען, שוין עטוואס מידן טראט, און איר נשמה האט זיך אנגעפילט מיט'ן טעמפן ריטם פון באלעבאטישקייט און מיט זארגן פאר די קינדער. זי האט זיך פרייוויליק ווי איינ־געשלאסן אין די פיר קליינע צימערלאך אין „טענעמענט" הויז נומער 228, וואוהין זיי האבן זיך נאך דער חתונה אריינגעצויגן, און איר יונג הארץ האט רואיק איינגעדרימלט.

זיין מאיעסטעט איז, ווי ס'ווייזט אויס, שוין מיאוס גע־ווארן צו זען ווי ראבין גייט זיך אלע טאג אזוי רואיק צו דער ארבעט און צוריק. עס זיינען אים איבערדריסיק געווארן ראבינ'ס קינדערשע טרוימען ביי דער מאשין, און ער האט באשלאסן א סוף צו מאכן פון דעם. ער האט א זוך געטאן מיט'ן בליק צווישן די מיליאנען פינטעלאך, וועלכע האבן זיך, האווענדיק, באוועגט אפ'ן ערד־קוגל, אויסגעקליבן איינס פון זיי און א צי געטאן איינעם פון זיינע טויזנטער פינגער.

באריס ליינער, א יונגער פאעט, וועלכער האט בא פרויען געהאט א גרעסערן ערפאלג מיט זיינע לאנגע, שווארצע האר און ווייטע, פאר'חלומ'טע בליקן, ווי בא מענער מיט זיינע שוואכע לידער, האט זיך פון גאנץ פרי אן ארומגעבלאנקעט איבער דער שטאט, זוכנדיק א צימער. ענדלאך, אריבערגייענדיק א גע־וויסע גאס, האט ער צופעליק א דריי געטאן דעם קאפ אויף רעכטס און פון ווייטנס באמערקט א צעטל אויף א סלופ פונ'ם ברוינעם טענעמענט הויז נומער 228.

ניט ווילנדיק, איז ער צוגעגאַנגען צום הויז. אַף איינעם פון די צוויי שטיינערנע סלופּעס באַם אַריינגאַנג, איז געווען צוגע־בונדן אַ צעטל, אַז אַפ׳ן צווייטן שטאָק פאַרדינגט זיך אַ שלאָף־צימער.

דאָס צעטל האָט מיט אַ טאָג פריער ראָבין אַליין זאָרגפעלטיק צוגעבונדן, נאָכדעם ווי די צוויי מיידלאַך, וואָס האָבן ביי אים געוואוינט, האָבן זיך אַרויסגעקליבן.

ליינער האָט אויפמערקזאַם באַטראַכט דאָס הויז און זיך אַ קרים געטאָן: ווי קען עס גאָר אין אַזאַ שטיינערנעם קאַסטן זיך געפינען אַ פּאַסיקער צימער פאַר אים? ער מוז דאָך האָבן אַ סך ליכט און זונען־שיין, אַנדערש קומען זיינע לידער אַרויס אַנעמיש און בלייך, ווי קעלער־געוויקסן.

ער האָט שוין געוואָלט אַוועקגיין פון׳ם הויז נומער 228, האָט אָבער דער הערשער אַפ׳ן בלוט־רויטן שטול אַ לייכטן ריר געטאָן מיט זיין האַנט און ליינער האָט באַשלאָסן, אַז וויבאַלד ער איז שוין דאָ, טאָ וואָס קאָן שאַדן אַרויפגיין אַ קוק טאָן? ס׳איז דאָך ניט מער ווי דער צווייטער שטאָק.

דער שלאָף־צימער איז געווען אַ קליינער, נאָר אַ ליכטיקער און מיט געשמאַק צוגעפּוצט. אַ זאָרגפעלטיקע פרויען־האַנט האָט זיך געפילט אין יעדן ווינקל.

גלייך ווי ליינער האָט נאָר אַ קוק געטאָן אַפ׳ן צימער און אַף עטלעכן, האָט ער באַשלאָסן, אַז דאָ אין הויז מוז ער בלייבן, אַז דאָס האָט אים גאָט אַליין צוגעשיקט אַ באַלוינונג פאַר זיין לעצטער עקעלהאַפטער בעל־הבית׳טע מיט איר פינסטערן קבר׳ל. אַלץ איז דאָ געווען פונקט ווי פאַר אים באַשאַפן, אַפילו זיין פענסטער איז אַרויסגעקומען צו מזרח צו און האָט געהאַט אַ שטיק פרייעם פלאַץ פאַר זיך. נאָר מער פון אַלץ האָט אים באַצויבערט עטעל׳ס צנועה׳דיקער חן, די פרישקייט פון איר פּנים, די פאַרטרוימטקייט פון אירע טונקל־ברוינע אויגן און די שלאַנקע, מיידלשע פיגור.

דער פרייז פונ'ם צימער איז אויך געווען א גאנץ צוגענגלאכער און לייגער האט גלייך באצאלט פאר א מאנאט.

ער האט זיך א שפּיל געטאן מיט די קינדער, זיי דערציילט א מעשה'לע, א לויב געגעבן די ציכטיקייט און היימלאכקייט פון דער הויז, וואו מען פילט גלייך, אז עס געפינט זיך א צארטע פרויען־נשמה. צווישן אנדערעם האט ער אויך ווי צופעליק גע־לאזט וויסן דער בעל־הבית'טע אז ער איז א פאעט און זיינע לידער האבן בלויז דאן ערפאלג, ווען זיי ווערן געשאפן אין אן אטמאספערע פון ריינקייט און פרוילאכקייט.

עטעל האט זיך פארשעמט, געפרעגט זיין נאמען און אין וואס פאר א צייטונגען און זשורנאלן ער דרוקט זיך. זיין נא־מען איז איר געווען אומבאקאנט. זי האט אויך ניט געהערט וועגן די צוויי זשורנאלן, וועלכע ער האט איר אנגערופן און וואו ער איז געווען א שטענדיקער מיטארבעטער. ער האט זי אבער פארזיכערט, אז דאס זיינען אמת'ע קונסט־אויסגאבן אין דער צייט וואס אלע אנדערע ניו יארקער צייטונגען און זשור־נאלן ליגן אין די הענט פון שמוציקע פאליטישנס, וועלכע ווייסן ניט וואס אמת'ע קונסט איז.

מיט א האלבע שעה שפעטער זיינען זיי שוין ביידע געזעסן ביים טיש, געטרונקן טיי און ער האט פאר איר מיט באגייס־טערונג געלעזן זיינע לידער. די געוויינלאכסטע לידער וועגן שטילן טייך אדער רוישיקן ים, וואו ער טראגט זיך מיט דער בלוי־אויגיקער און בלאנד־האריקער פרינצעסין אויף א שיפל, אדער די געזאנגען וועגן שווארצע וועלדער און ענדלאזע פעל־דער, וואו ער יאגט זיך ארום אף א ברענענדיקן פערד, זוכנדיק זיין איינציקע, זיין געליבטע — האבן געוועקט אין עטעל'ס דרימלענדיקער נשמה האלב־פארלאשענע, האלב־פארגעסענע פאר־לאנגען. אירע אויגן האבן פייכט געפינקלט און איר האט זיך געדאכט, אז אט די אלע שיינע לידער זיינען וועגן איר אליין געשריבן, רייצן זיך מיט איר, ווייזן איר אן וואס זי האט אין לעבן ניט דערזען, אדער פארלארן.

זי האָט זיך דערמאָנט, אז ראָבין האָט ניט נאָר איר קיין מאָל ניט געלעזן וועגן אזעלכע וואונדערשיינע איבערלעבונגען, נאָר ס'איז גאנץ מעגלאך, אז ער ווייסט אפילו ניט צי זיי עקזיסטירן. אים פארנעמען בלויז דער שאפ און די הויז. זי אליין איז פאר אים ניט מער ווי א טייל פון דעם. אלע אוונט, נאָכן עסן קוקט ער קוים, קוים, דורך די צייטונג און גייט שלאָפן. דאכט זיך, ער רעדט גאָר קיין מאָל ניט צו איר און אויב ער זאָגט יא אמאָל א פּאָר ווערטער, איז עס וועגן די קינדער, וועגן בעל־הבית פון שאפ אָדער די ארבעטער.

ס'האָט זי גענומען פיינלאך נאָגן ביים הארצן.

ראָבין איז געווען זייער צופרידן, וואס מען האָט אזוי גיך פארדונגען דעם צימער. ער האָט זיך נאָך דעמזעלבן אָוונט באקענט מיט ליינער'ן און אים באמערקט, אז דאָס וואס ער שרייבט לידער, וואָלט ניט געווען אזוי שלעכט, ווען מען זאָל פון דעם קענען כאָטש א שטיקל לעבן מאכן. דער אומגליק איז אָבער, אז אלע פּאָעטן שטארבן פון הונגער.

ווען ער גייט אין דעם מאָמענט א קוק אף עטלען, וואָלט ער געזען ווי בלייך זי איז געוואָרן, וואָלט באמערקט ווי זי האָט א פּאָר מאָל אויפגעהויבן צו ליינער'ן איר פארשעמטן בליק, ווי בעטנדיק בא אים אנטשולדיקונג פארן' מאַנ'ס רייד.

ליינער האָט מיט אן איינגעהאלטענער איראָניע געענטפערט, אז פּאָעזיע איז ניט קיין קליידער נייען אדער מאכן שיך מען זאָל עס אויסנוצן פאר'ן מאָגן. אמת'ע קונסט טאָר ניט און קען ניט ווערן באצאָלט.

פאר עטלען האָט זיך אָנגעפאנגען א ניי לעבן. אימיצער האָט מיט אמאל צוריקגעווארפן א צענדליק בלעטלאך פון איר לעבנ'ס־בוך, אויפגעמישט איר יוגנט, אויפגעוועקט די איינגעשלאָפענע מיידלשע חלומות ווידער אָנגעפילט די ארומיקע וועלט מיט לופט שלעסער, מיט צויבערנדיקע בילדער. זי האָט מיט אמאָל דערפילט די שווערקייט פון דער הויז ארבעט, די אומערטרעגלאכקייט פונ'ם מאנ'ס רואיקן ארט גיין און ריידן, פון זיין

זיכערקייט אין זיך און אין איר. זי האָט אפילו אנגעפאנגען צו פאַרנאַכלעסיקן די קינדער.

זי איז געוואָרן א פרינצעסין און ליינער האָט ביסלאַכווייז אומבאוואוסט פאר איר אליין, פארנומען דעם פלאץ אלס איר אויס־דערוועלטער, אלס איר פרינץ.

באַנאַכט, ליגנדיק אָפט אָן שלאָף נעבן מאַן, האָט זי זיך מיט א וואַקסנדיקן געפיל פון פרעמדקייט געגומען אײנהערן אין זיין רואיקן, און ווי איר האָט זיך אַצינד געדאכט, ניט ריי־נעם אָטעמען און געפילט, ווי א שאַרפער אומגעדולד וואַקסט אין איר, אַן אומגעדולד, וועלכער ווערט ביסלאַכוויים פאר־וואַנדלט אין האַס. דאָס האָט זי געשראָקן און איז אין דער זעלבער צייט געווען אויך אנגענעם.

און זי האָט מיט א געפיל פון שניידנדיקן פארגעניגען גע־טראַכט וועגן דעם צווייטן, דעם שלאַנקן, דעם יונגן, וואָס שלאָפט אזוי נאָענט, פון דער צווייטער זייט וואַנט. און איר האָט זיך געוואָלט אראָפּ פונ'ם בעט, אריין צו ליינער'ן אין צימער, אים אויפוועקן און זאָל ער איר נאָך אמאָל איבערלעזן די פּאָעמע פון דער פרינצעסין, וועלכע מען האָט געצוואונגען חתונה צו האָבן מיט אַן אלטן, עקלהאפטן קעניג, אין צייט וואָס איר פרינץ האָט זי איבער דער גאַנצער וועלט אַרומגעזוכט.

ליינער האָט איר אַצינד כמעט אַלע טאָג געלעזן זיינע אלטע און נייע לידער. אייניקע פון זיי זיינען געווען איר געווידמעט. זיי האָבן באַזונגען די צאַרטקייט פון איר נשמה, איר שלאַנקע פיגור, די רונדקייט און זאַפטיקייט פון אירע מיידלשע ברוסטן, איר גאַנג און געלעכטער. און ווען ער פלעגט דערביי נעמען אירע הענט און זיי צוטראָגן צו זיינע ליפּן, האָט זי זיך שוואַך גע־ווערט און טוויזנטער פייערן האָבן זיך אין איר פּנים און מח געצונדן. א גליקלאַכע, א דערשראָקענע פלעגט זי זיך פון אָרט ניט רירן און זיך איינהערן אין דעם שטורם, וואָס טראָגט זיך דורך אירע אדערן.

און גיך איז געקומען די צייט, ווען זי האָט זיך שוין ניט

געקענט קאָנטראָלירן מער, ווען אירע אויפגעוואכטע טרוימען האָבן אויך מיטגעשלעפּט אירע ניט באַפרידיקטע ליידנשאַפטן, און זי האָט זיך אים איינמאָל איבערגעגעבן, ווי א יונגע רויז ניט זיך איבער דעם פרימאָרגן טוי, אדער די הייסע זונען־שטראַלן.

זיין מאַיעסטעט איז געווען זייער צופרידן מיט׳ן הויז נומער 228. און כדי וואָס שנעלער צו פאַרענדיקן די שפּיל, כדי ניט צו זען מער ראָבינ׳ען אַלע טאָג אזוי רואיק שפּאַנענדיק צו דער ארבעט און צוריק, האָט ער אים איין מאָל מיטאָג צייט אהיים געשיקט נאָך א נויטיקן בריוו, דעם געדאנק וועגן וועלכן ער האָט אין דער פרי אליין ארויסגעראַמט פון זיין זכרון.

ראָבין האָט שטיל, מיט זיין אייגענעם שליסל געעפנט די טיר און איז אריין אין הויז. פאַרבייגייענדיק דעם לאַנגן אריינגאַנג האָט ער פונ׳ם קוואַרטיראַנט׳ס צימער דערהערט א שטילן געלעכטער. מיט א שמייכל אַף די ליפּן האָט ער אריינגעקוקט דורך דער האַלב־אָפענער טיר אין צימער און דערזען ליינער׳ן מיט עטלען.

זיין מח איז ווי פאַראַליזירט געוואָרן. ער האָט געקוקט און ניט געקענט באַגרייפן וואס ער זעט. דערנאָך האָט א געדאנק אויפגעציטערט, אז ער איז מעגלאָך פון זינען אראָפּ, אָדער אפשר שלאָפט ער גאָר? ער האָט ארויסגענומען דעם קאָפּ פון דער טיר, אויסגעריבן די אויגן, געוואַרט א מינוט און ווידער אריינגעקוקט אין צימער.

און אזוי איז ער געשטאַנען א פאַרגליווערטער מיט זיין ווייסן, קליין געוואָרענעם פּנים און אַלץ געקוקט, געקוקט.

און ווען עטעל האָט דערזען זיינע וואַנזיניקע אויגן, האָט זי א שטילן קוויטש געגעבן און באַהאַלטן דאָס פּנים אין קישן.

און ליינער׳ס פּנים איז שטאַרק בלייך געוואָרן און זיין ערשטער געדאַנק איז געווען וועגן סקאַנדאַל און מעגליך אויך קלעפּ, וואָס ער וועט באַלד כאַפּן. ער האָט אויך א טראַכט

געטאָן ווי אזוי אמבעסטן ארויסקריגן זיין רענצל מיט די מאנוס־קריפּטן און זיך וואָס שנעלער אָפּצוטראָגן פון דאנען.

דער הערשער האָט א שמייכל געטאָן. און די איראָניע האָט ברייט צוצויגן אירע בלויע דינע ליפּן און זיך פעסטער אָנגעשפּארט אָן רויטן שטול. און דער אלמעכטיקער האָט ווידער א קוק געטאָן אין הויז נומער 228 און זיין שמייכל איז פיל ברייטער געווארן.

וואָס אים איז אמבעסטן געפעלן איז ראָבין'ס, מיט אמאָל קליין־געווארענער פּנים און די ברייט צועפנטע, פארלוירענע אויגן אין דער האלב אָפענער טיר . — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

## דער הערשער איז מיד.

ביל מעק־קארטי האָט שוין ניט געקענט מער אויסהאלטן. די קעלט און הונגער האָבן פארטויבט אין אים אלע מענטשלאכע געפילן. אפילו געטויטעט דעם שרעק.

א גאנצן ווינטער פלאָגט ער זיך אָן ארבעט, מוז צוקוקן ווי זיין קראנקע פרוי, נעללי, און דאָס 8־מאָנאטדיקע קינד גייען איינפאך אויס פון הונגער און קעלט.

זיי וואוינען אין א פינסטערן קעלער, פאר וועלכן ער האָט שוין אויך פיר חדשים קיין דירה־געלט ניט געצאָלט. און אויב מען טרייבט אים ניט ארויס פון דאָרטן איז עס בלויז דערפאַר, ווייל דער בעל־הבית פון הויז ווייסט, אז קיינער וועט סיי־ווי אזא קבר ניט דינגען. ביל האלט דאָרטן אונטער די ווארימקייט, ברענענדיק צייטונגען און שטיקלאך האָלץ, וואָס ער קלייבט צונויף אין גאס און איז אָפט מקנא די הינט און קעץ, וואָס גריבלען זיך אָן בושה אין די אָפּפאל־קאַנען, זוכנדיק עפּעס צום עסן.

פון גאנץ פרי ביז עס ווערט פינסטער לויפט ער ארום א הונגעריקער, א בייזער איבער דער רייכער שטאָט, בעט ארבעט,

איז פאַרטיק זיך צו פאַרקויפן פאַר אַ שקלאַף אַף זיין גאַנצן לעבן, אַבי צו קריגן ברויט און מילך פאַר זיין ווייב און קינד.

ביינאַכט לאָזט אים די קעלט ניט איינשלאָפן און געדאַנקען שווערע, ווי מיל־שטיינער, דריקן זיין מח. עס פיבערט אים אָפט, ער ווייסט אַליין ניט צי שלאָפט ער, צי ניט, ער הערט אָבער דייטלאַך, ווי אין צווייטן בעטל קרעכצט נעללי און ווי דאָס קינד פאַנגט אַלע מאָל אָן וויינען, ציצנדיק איר ליידיקע ברוסט.

און דאָ ניט ווייט, עטלאַכע שפאַן פון זיין וואוינונג, ציען זיך פוןביידע זייטן גאַס ש.רות העל־באַלויכטענע, רייכע קלייטן, איבערפילטע מיט קליידער, שיך און עסנוואַרג. איבער די גאַסן גייען זאַטע, וואַרים אָנגעטאָנענע מענטשן און ריידן אַזוי זיכער, לאַכן אַזוי הילכיק.

און ביל קוקט זיי נאָך מיט בייזע, וועלפישע בליקן, זעט אין יעדן איינעם פון זיי אַ בלוטיקן שונא און פילט, ווי זיי אַלע אָנצוכאַפּן פאַר די וואַרימע, פעטע העלזער און דערשטיקן.

אָבער איצט איז אים שוין אַלץ איינס. ער האָט זיך שוין אָנטשלאָסן. איידער אַזאַ לעבן איז בעסער דער טויט. ער האָט שוין גענוג געליטן. ער וועט „זיי“ שוין ניט דערלויבן מער זיך און זיין פאַמיליע מער צו פייניקן פון הונגער און קעלט! זיי האָבן די זעלבע רעכט אַף אַ ביסל שפייז און וואַרימקייט, ווי אָט די אַלע אָרום, וואָס פאַרפעסטן די לופט מיט זייער זאַטקייט און צופרידנקייט. מער קען ער שוין ניט. היינט מוז עס נעמען אַ סוף. אַהין אָדער אַהער!

אין דער פרי האָט ער נעלליס איבערגעלאָזט 10 סענט, וואָס ער האָט נעכטן ביינאַכט א.יסגעבעטן בא אַ פאַרבייגייער. אַ גאַנצן טאָג איז ער ווידער אַרומגעלאָפן זוכן אַרבעט, אָבער שוין מיט אַ געפיל פון אַ שטאָלצער פאַרביטערטקייט. ער איז זיכער געווען, אַז ער וועט סיי ווי גאָרניט קריגן. און אַף אַ פּאָר פלעצער האָט ער שוין געפאָדערט אַרבעט, גערעדט חוצפה׳דיק, און נאָכדעם, גייענדיק איבער דער גאַס, אומיצן געדראָט, אַז

אויב ער וועט היינט ביז'ן אוונט קיין ארבעט ניט קריגן, וועט ער... ער וועט זיי שוין אלעמען ווייזן!

פארנאכט איז ער א פאר מאל פארבייגעגאנגען א געוויסע שפייז־קראם, וועלכע ער האט נאך אין דער פרי אויסגעקליבן אלס זיין קרבן. ער האט זיך אפגעשטעלט באם פענסטער, זיך איינגעקוקט אין די טייערע שפייזן, וואס זיינען אין טעלער־רייען־ווייז געווען אויסגעשטעלט, געווארפן א פאר בליקן אין קלייט אריין, וואו א קורצער, פעטער דייטש מיט זיין פרוי האבן באדינט עטלאכע קונים, און דערביי געטראכט: „לייזט, לייזט וואס מער. עס וועט מיר שפעטער צוניץ קומען!“ און ס'האט אים געווארפן דערביי ווי אין א קדחת.

ער איז אוועק אהיים, בארואיקט דאס ווייב, פארזיכערנדיק זי, אז נאך היינט באנאכט קריגט ער אומבאדינגט ארבעט. זי דארף גארניט צווייפלען אפילו: מען האט אים צוגעזאגט און דאס מאל איז עס שוין אף זיכער. די ארבעט איז פונקט ווי בא אים אין די הענט.

ער איז געווען שטארק הונגעריק, האט אומבאמערקט פאר נעללי'ן געכאפט א קוק אין שאפקע, וואו דאס עסנווארג איז געווייינלאך געלעגן. קיין ברעקל ברויט. ער האט עס פריער גע־וואוסט. ער האט א טראכט געטאן, אז מען וואלט באדארפט ארויס אין גאס און אויסבעטן בא א פארבייגייער 10 סענט אף א שנאפס. ער דארף עס אצינד זייער האבן: עס גיט צו מוט. ער האט באלד אבער אפגעשטויסן פון זיך דעם געדאנק. ניין, גענוג! מער דערנידעריקט ער זיך שוין ניט פאר זיי. פון היינט אן וועט ער שוין פאדערן אדער נעמען מיט גוואלד דאס וואס אים קומט.

אין א קעסטל מיט אלטע שטיקער אייזן, האט ער נאך בייטאג געפונען אן אלטן, פארזשאווערטן רעוואלווער, אים אויס־געריייניקט און אנגעלאדן מיט צוויי פייכטע, פארשימלטע קוילן. ווען ס'איז פינסטער געווארן, האט ער א קוש געטאן דאס

קינד, פאַרזיכערט נעללי׳ן, אַז אצינד גייט ער גלייך נעמען דעם „דזשאַב“ און איז אַרויס פונ׳ם קעלער.

די גוט־באַקאַנטע גאַס האָט איצט באַ אים אויסגעזען גאָר אַנדערש ווי אַלע מאָל. די מענטשן פון ביידע זייטן זיינען געגאַנגען שנעלער ווי געוויינלאַך און האָבן זיך אָפּט און ניט זיכער אַרומגעקוקט. מען האָט ווייניק גערעדט און נאָך ווייניקער געלאַכט. די אָטאָמאָבילן האָבן זיך פאָרזיכטיק געטראָגן, סקריפּענדיק איבער׳ן פאַרפרוירענעם שניי, און די טויזנטער פייערן האָבן זיך אומרואיק איבערגערעדט מיט דער קאַלטער לופט וועגן דעם וואָס וועט באַלד געשען.

„מיר איז שוין אַלץ איינס,“ — האָט ביל געטראַכט, זיך טוליענדיק אין זיין אויסגעריבענעם מאַנטל. „אַלץ איינס! זאָלן זיי מיך שוין בעסער טויטן! איך קען שוין סיי ווי מער ניט אויסהאַלטן! זאָלן זיי! קיין לעבעדיקער וועל איך זיך זיי סיי ווי אין די הענט אריין ניט איבערגעבן! זיי וועלן לאַנג געדענקען דעם הונגעריקן ביל׳ן!“

ער איז פאַרבייגעגאַנגען די שפּייז־קראָם, שטיין געבליבן אַף אַ רגע באַם פענסטער, געכאַפּט אַ קוק אינווייניק און, זעענדיק דאָרטן עטלאַכע קונים, איז ער אַוועק ווייטער.

„מען וועט מוזן איבערוואַרטן ביז די קונים וועלן אַרויס“ — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, אַריבערגייענדיק אַף דער צווייטער זייט גאַס. — „קיינער אַ חוץ דעם דייטש מיט דער דייטשקע טאָרן אין קראָם זיך ניט געפינען, ווען איך וועל אַריין. דאָס וויכטיקסטע איז שנעלקייט. מען מוז שנעל אַריין, געשווינד אַ באַפעל טאָן: — די הענט אַרויף! — און זיך גלייך אַ נעם טאָן צום געלטקעסטל. די שטימע דאַרף קלינגען רואיק און באַפעלנדיק. זיי זאָלן זען, אַז זיי האָבן צו טאָן מיט אַ געניטן און געפערלאַכן מאַן. די דייטשקע זאָל נאָר קיין גוואַלד ניט מאַכן. די ווייבער, אַז זיי פאַנגען אָן קווויטשן, איז דאָך אַ שרעק.“ ער האָט זיך אַליין בארואיקט: — „אַ פרוי איז אויך אַ מענטש און ווען זי דערזעט

פאַר זיך אַן אַנגעשטעלטן רעוואָלווער, האָט זי אויך אַ ביסל דרך־ארץ און שווייגט צו אַ פּאָר מינוטן. דאָס וויכטיקסטע איז שנעל־קייט און זיך ניט שרעקן."

פון דער שפּייז־קראָם זיינען ארויס אַ פּאָר קונים מיט פּעקלאַך אין די הענט, נאָר איידער ביל האָט נאָך צייט געהאַט אריבער־צוגיין די גאַס, זיינען שוין עטלאַכע נייע אריין.

— גאָד דעמעט! מען קען גאָר פון זיי ניט פּטור ווערן — האָט ביל אַזש מיט די ציין פאַרקריצט — ווי חזירים קריכן זיי. קענען זיך גאָר זאַט ניט אָנפרעסן!

ער האָט גענומען שפּאַנען פון איין ראָג צום צווייטן, זיך געטוליעט אין דינעם, האַלב צעריסענעם מאַנטל און געדאַכט האָט זיך אים, אַז ער פאַרנעמט אַ צו גרויסן טייל פון דער גאַס. ער איז זיכער געווען, אַז יעדער פאַרבייגייער ווארפט אַף אים פאַר־דעכטיקע בליקן, זעט קלאָר, אַז אָט דער מענטש דרייט זיך עס ניט גלאַט אַזוי ארום איבער דער גאַס, אַז ער פּלאַנעוועט עפּעס אַ פאַרברעכן.

עס איז אָנגעלאָפן אַ קאַלטער ווינט און דער פראָסט איז גע־וואָרן אומדערטרעגלאַך. די דורכגייער האָבן פאַרשנעלט זייערע טריט און אַ טרוקענער, דריבנער שניי האָט זיך גענומען בייז דרייען אין דער לופטן.

פון דער שפּייז־קראָם קעגנאיבער איז ארויס אַ פרוי מיט אַ גרויסן פּאַק אין האַנט און אַף איר אָרט זיינען גלייך אריין צוויי מענער.

— אָ, צום טייוול! — האָט מעק־קאַרטי אונטער'ן נאָז גע־וואָרטשעט, פילענדיק ווי זיין האַנט אין דער רעכטער קעשענע ווערט צוגעפרוירן צום הענטל פונ'ם רעוואָלווער. — וואָס ווילן זיי, איך זאָל דאָ פאַלן אַ טויטער? פאַרשאָלטענע, געלע הינט! זאָלן נאָר די מענער ארויס. קיין רגע ווארט איך ניט מער!

אַ פּאָליסמאַן איז לאַנגזאַם פאַרבייגעגאַנגען און ביל האָט געזען, ווי יענער קוקט זיך פאַרדעכטיק איין אין זיין רעכטער קעשענע.

„פאַרפאַלן!״ — האָט ביל אַ טראַכט געטאָן, פילנדיק אַז ער פאַלט פון די פיס, — „ער וועט מיך גלייך אַרעסטירן.״ ער איז צו צום ערשטן באַלויכטענעם פענסטער און זיך גענומען איינ־קוקן אין דעם, גאָרניט זעענדיק פאַר זיך.

דער פּאָליציי־מאַן איז פאַרבייגעגאַנגען.

ביל האָט אים נאָכגעפאָלגט מיט איין אויג, דערווייל אויך דערזען, אַז די קראָם איבער'ן וועג האָט זיך אָנגעפילט מיט קונים. ער האָט גענומען טראַכטן, וואָס ווייטער צו טאָן. דערווייל האָט ער באמערקט, אַז דאָס פענסטער צו וועלכן דער פּאָליסמאַן האָט אים פאַרטריבן, געהערט צו אַ קליינעם, שוואַך באַלויכטענעם רעסטאָראַן. ער האָט זיך מעכאַניש איינגעקוקט אין גרויסן צעטל פון פאַרשידענע מאכלים מיט די פּרייזן, וואָס זיינען אויבן אָן אין פענסטער געשטאַנען און וואַרפנדיק אַ בליק אינווייניק דער־זען, בא דעם איינגאַם־טישל, אַ מאַן, וואָס איז געשטאַנען און געציילט אַ פּעקל מיט פּאַפּיר געלט.

מעק־קאַרטי'ן האָט אַ שווינדל געטאָן אין די אויגן און די האַנט מיט'ן רעוואָלווער אין קעשענע האָט אַ ציטער געטאָן. אַ געדאַנק האָט דורכגעבליצט: „וואָס איז דער חילוק, דאָ צי דאָרטן? אַבי געלט קריגן!״ און אימיצער האָט אין אים ווי גענומען שרייען: „ביל, ניט געטראַכט! דאָס איז אפשר דיין איינציקע מעגלאַכקייט. לאָז זי ניט דורך, ביל!״

ער האָט אַריינגעקוקט אין רעסטאָראַן. קיינער איז דאָרטן ניט געווען. ער האָט זיך אַרומגעקוקט: די גאַס איז געווען כמעט ווי ליידיק.

„העלף מיר, גאָט, צוליב מיין ווייב און קינד!״ — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, עטוואָס אַ רוק געטאָן דאָס היטל איבער די אויגן און איז אַנטשלאָפן אַריין אינווייניק.

דער בעל הבית פון'ם רעסטאָראַן האָט צו אים אַ פריינדלאַכן שמייכל געטאָן, געוואָלט אַריינלייגן דאָס געלט אין „רעדזשיסטער״, נאָר אין דעם מאָמענט האָט ער דערזען פאַר זיך דאָס מויל פון אַ רעוואָלווער און דערהערט: „די הענט אַרויף!״ ער האָט גע־

פאָלגט און אַ בלייבער, מיט דערשראָקענע אויגן זיך איינגעקוקט אין רויבער.

מעק־קאַרטי האָט שוין געהאַט אויסגעשטרעקט די האַנט צום געלט, וואָס איז געבליבן ליגן אפ׳ן טישל, ווען דער מאַן קעגן אים האָט פּלוצלינג אויסגעשריען:

— ביל, איך דערקען דיך!

מעק־קאַרטי׳ס האַנט איז פאַרגליווערט געוואָרן. ער האָט פאַרגעסן וואו ער געפינט זיך און אָנגעשטרענגט זיך איינגעקוקט אין דעם בלייכן מאַן פאַר זיך. ער האָט אים אויך ווי אָנגעפאַנגען צו דערקענען, נאָר ניט געדענקט ווער יענער איז און וואו ער האָט זיך מיט אים געטראָפן. מיט אַמאָל האָט זיך בא אים אינווייניק ווי אַלץ אָפּגעריסן, די פיס האָבן זיך אונטערגעהאַקט, אין קאָפּ האָט גענומען רוישן און ער האָט דערפילט, אַז ער פאַלט. ער האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אַף דער האַנט, וואָס האָט נאָך דעם רע־וואָלווער געהאַלטן און אַזוי אַ פּאָר מינוטן זיך פון אָרט ניט גע־רירט. און פון די מחנות, ווי צודריקטע געדאַנקען, האָט זיך בולט אויסגעטיילט איינער, וואָס האָט אים דערמאָנט, אַז דער מאַן דאָ פאַר אים, איז דייוו פרידמאַן, דער „ווייטער", מיט וועלכן ער האָט פאַר צוויי יאָרן געאַרבעט אַ גאַנצן זומער אין אַ האָטעל אין די בערג.

דער בעל הבית פונ׳ם רעסטאָראַן האָט דערווייל אַראָפּגעלאָזט די הענט, באַהאַלטן דאָס געלט, פאָרזיכטיק אַרויסגענומען דעם רעוואָלווער פון מעק־קאַרטי׳ס האַנט, אים אַליין לייכט אַרומגע־נומען:

— קום, ביל, וועלן מיר זיך דורכריידן! — ער האָט אים אַריינגעפירט אין קיך, אים אַוועקגעזעצט, געצוואונגען אויסצו־טרינקען אַ גלעזל בראַנפן און זיך אַוועקגעזעצט אַנטקעגן אים.

מעק־קאַרטי איז געזעסן מיט אַ טיף־געבויגענעם קאָפּ. פרידמאַן האָט שווייגנדיק געקוקט אַף אים. ענדלאַך האָט ער מיט אַ טיפן זיפץ געזאָגט:

— דערציייל, ביל. ווי איך זעה, איז עס שוין בא דיר גאַנץ גוייט פאַרגאַנגען.

און זיך ווערגנדיק מיט טרערן, אויפכליפּענדיק ווי אַ קליין קינד, האָט ביל אים דערציילט וועגן שרעקלאַכן ווינטער, — וועגן דער קראַנקער נעלי׳ן און דעם שטענדיק־ווייגענדיקן, הונגעריקן קינד. און זיינע הויכע, אויסגעדאַרטע אַקסלען האָבן זיך געהויבן איבער זיין געבויגענעם קאָפּ, ווי צוויי שפּיציקע הויקערס.

— הער, — האָט זיך פרידמאַן אָפּגערופן, ווען מעק־קאַרטי איז אנטשוויגן געוואָרן. — נאָך גוט וואָס דיין טייפלשער מזל האָט דיך אָנגעטראָגן אהער. דו, סאָן־אָוו־אַ־גאָן, ביסט זייער אַ שלעכטער רויבער. טויגסט ניט פאַר אַזעלכע ביזנעס. האָסט אפילו פאַרגעסן, דאָס פּנים צו פאַרשטעלן. ווער ווייסט, וואָס עס וואָלט מיט דיר געוואָרן, ווען דו פאַלסט אריין און מען אַרעסטירט דיך. הער, איך דאַרף אַצינד אַ מאַן אין רעסטאָראַן און דו קענסט פון מאָרגן גאַנץ פרי קומען צו דער אַרבעט. וועסט דערלאַנגען דאָס עסן די קאָסטימער און אַרויסהעלפן מיין פרוי אין קיך. וועסט קריגן 15 דאָלאַר אַ וואָך מיט עסן. וועסט אויך קענען אַהיימנעמען עסן פאַר׳ן ווייב. כ׳ווייל פון דעם ניט אָרימער ווערן. אָללרייט?

ביל האָט ניט געענטפערט, צוגעמאַכט די אויגן און געפילט, ווי זיין גרויסער, דאַרער גוף צעפאַלט זיך אין שטיקער אונטער אַ הייסן שטראָם, וואָס האָט זיך פון אינווייניק געריסן. די כוחות האָבן גענומען, ווי אויסרינען פון זיין קערפּער, דער קאָפּ האָט זיך נעדרייט און ער איז קוים אָפּ׳ן ביינקל איינגעזעסן. ער האָט גע־וואָלט עפּעס זאָגן, דאַנקען, אָבער ניט געקענט.

מיט 20 מינוטן שפּעטער איז ער אַרויס פון׳ם רעסטאָראַן מיט אַ פּעקל עסנוואַרג אין האַנט און מיט 5 דאָלאַר אין קעשענע. אַלץ האָט זיך אַרום אים געדרייט. די פייערן פון די אַרומיקע פענסטער זיינען צוזאַמען מיט די שניידנדיקע שנייעלאַך אים גע־שפּרונגען אין פּנים אריין און געשטאָכן די אויגן. ער איז געשטאַנען

א ווײַלע, זיך פֿאַרוואַנדערט אַרומגעקוקט, פּונקט ווי ער וואָלט דאָס ערשטע מאָל די גאַס דערזען, און זשעדנע געצויגן אין זיך די לופֿט.

ער האָט געוואָלט גלייך אַהיים לויפֿן, אָבער זיין בליק האָט זיך אָפּגעשטעלט אױף דער באַלויכטענער שפּייז־קראָם קעגנאיבער. ער איז שנעל אַריבער דעם וועג, איז אַריין אינווייניק, געפֿילט ווי אויסצוקושן די פּאָר קונים, דערפֿאַר וואָס זיי לאָזן דעם דייטש מיט דער דייטשקע ניט אַליין אין געשעפֿט, און אייגגעקויפֿט פֿאַר 45 סענט שמעקנדיקע וואורשטן.

מיט וואַקלענדיקע טריט האָט ער זיך נאָכדעם געאיילט דורך די רווישנדיקע, העל־באַלויכטענע גאַסן אַהיים, צו זיין ווייב און קינד. און אַצינד האָבן די מענטשן אים אַזוי ליב און פֿריינדלאַך אין פּנים אַריינגעקוקט, דער טומל האָט געקלונגען אַזוי ריטמיש און אויפֿגעלייגט, דער געלעכטער אַזוי קלינגענדיק און האַרציק.

זיין מאַיעסטעט, דער אַלמעכטיקער גאָט פֿון צופֿאַל, האָט אים נאָכגעפֿאָלגט אַ ווײַלע מיט זיין גלייכגילטיקן בליק. דערנאָך האָט ער אָפּגעלאָזט די פֿעדים פֿונ׳ם פּאָליציי־מאַן׳ס מאַרך, וועלכער האָט ביל׳ן, פּאַרבייגייענדיק, צום פֿענסטער פֿונ׳ם רעסטאָראַן פֿאַר־טריבן, אויך פֿון פֿרידמאַנ׳ס ווילן, ווען ער האָט געהייסן איבער־ציילן די איינגאַמע, פּונקט דאַן, ווען ביל איז אין דרויסן פֿאַר׳ן פֿענסטער געשטאַנען, און פֿון אַ האַלבן טוץ קונים, וועמען ער האָט אין דער צייט געטריבן אין שפּייז־קראָם איינעם נאָכ׳ן צווייטן.

דער הערשער האָט זיך געפֿילט מיד. ער האָט אפֿילו קיין איינציקן בליק ניט געשאָנקען צום „גליק", וואָס איז אַ צופֿרידענער צוריקגעקומען פֿונ׳ם לעבן צו די טרעפּלאַך פֿונ׳ם בלוט־רויטן שטול און אַריינגעוואָרפֿן צו זיך אין קוואַל ביל׳ס גליק און זיינע פֿריידיקע טרערן. וואָס גייט עס אים אָן? ער איז מיד. ער האָט זיך באַ־קוועמער אַריינגעזעצט אין זיין שטול און צוגעשלאָסן די אויגן.

און זיינע פֿינגער האָבן זיך מעכאַניש־לייכט באַוועגט און דער טאַנץ פֿון די מיליאָנען פֿעדים, אונטן — אין לעבן, זייער־

פארקניפּן, פלאָנטערן און צעררייסן זיך, איז אָנגעגאַנגען ווי שטענדיק. און גליק און אומגליק זיינען יעדע רגע געבוירן געוואָרן, איבערגעגאַנגען איינער אין צווייטן, און דער מענטשלאַכער געלעכטער האָט זיך מיט ביטערע טרערן געמישט, און פריידיקע בליקן האָבן זייער אָפּשיין אין פיינלאַך־אויסגעקרימטע פּנים'ער געזען. —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

## דער הערשער לאַנגווייליקט זיך.

מען האָט זיי כמעט שטענדיק געזען צוזאַמען. מענטשן האָבן ניט געוואוסט וועמעס ווייב לינא איז: דאָנ'ס צי ארטור'ס. קאָמישע צופאַלן פלעגן פּאַסירן גאַנץ אָפט אַ ן לינא האָט, לאַכנדיק, יעדעס מאָל געמוזט געבן צו פאַרשטיין, אַז אַרטור איז איר מאַן און דאָן איז בלויז זייער ביידנס אַ גוטער פריינט.

זעלטן ווען ס'איז דורכגעגאַנגען אַן אָוונט, דאָן זאָל זיך ניט ארויפכאַפּן צו די אַרטורס, אויב ניט אַף אַ פּאָר שטונדן, איז אַף עטלאכע מינוטן. זיך טרעפן אַלע טאָג איז פאַר זיי אלעמען געווען אַ נויטווענדיקייט. אַלע זונטאָג פלעגט מען צוזאַמען פאַרברענגען באַם ברעג ים אָדער אין אַן אַנדער פאַרגעניגן־פּלאַץ.

ווען עס פלעגט אַמאָל טרעפן, אַז ארטור איז אויך זונטיק געווען פאַרנומען אין געשעפט, וואו ער האָט געאַרבעט, פלעגט ער נאָך מיט אַ טאָג פריער אָפּרופן דאָנ'ען און צוזאַמען מיט אים אויסקלייבן אַ פּלאַץ, וואוהין יענער זאָל פאָרן זונטיק מיט לינען. דאָס איינציקע וואָס ער האָט פון זיי אין אַזאַ פאַל געפאָדערט, איז געווען, זיי זאָלן זען וואָס פריער אהיים קומען, מען זאָל כאָטש דעם אָוונט פאַרברענגען צוזאַמען.

ארטור האָט געקענט דאָנ'ען שוין אַ יאָר זיבן. דורך אים האָט ער זיך טאַקע באַקענט מיט לינען. און זיין געפיל צו דאָנ'ען איז געווען אַ צווייפאַכער, געפלאָכטן פון פערזענלאַכער

סימפאטיע און טיפער דאנקבארקייט פאר'ן גליק וואס יענער האט אין זיין לעבן אריינגעבראכט, אים צוזאמענפירנדיק מיט זיין פרוי.

ארטור'ס נשמה איז געווען אן איינפאכע, וואו דער קינדער־שער גלויבן האט זיך אין לויף פון יארן בלויז פון אויבן פאר־צויגן מיט דער גרויער געניטקייט. פון אונטן איז זי געווען נים באריר̈ט אין איר נאטירלאכער גוטסקייט און איינפאכקייט.

מענטשן האט ער צעטיילט אין דריי קלאסן: פריינט, שונאים און פרעמדע. און אין פארבינדונג מיט אט דער צע־טיילונג, געשאפן זיינע באציאונגען צו זיי. די פריינט געשיינקט זיינע איינפאך־אויפריכטיקע געפילן, גענומען זייערע רייד אין דעמזעלבן זין ווי זיי זיינען געזאגט געווארן, און עס איז ניט געווען די טובה, וועלכע ער זאל זיך אנטזאגן פאר זיי צו טאן. מיט שונאים האט ער געקעמפט און צו פרעמדע געווען גלייכ־גילטיק.

דאן איז געווען פונקט דער היפך פון ארטור'ן.

אויב ארטור'ס נשמה האט געקענט פארגלייכט ווערן מים א גלאטן, מיט גרינעם גראז פארוואקסענעם פעלד, איז דאן'ס נשמה געווען פונקט דער געגנזאץ. זי איז געווען דורך און דורך באדעקט מיט קליינע שפיציקע בערגלאך, אן א שיער לעכער און קליינע, אבער געפערלאכע זומפן. עס איז אפט פאר אים אליין געווען שווער צו באשליסן ווען ער איז א גוטער פריינט און ווען ניט, און אויב א גוטער פריינט, ווי ווייט זיין אפפערווויליגקייט וואלט געגאנגען אין דער מינוט ווען יענער וואלט געדארפט זיין הילף.

געהאנדלט האט ער אין אזעלכע פאלן נאך דער אנווייזונג פון'ם שכל, אבער אונטער'ן שכל איז שטענדיק געלעגן באהאלטן א קליינינקער געפיל, וועלכער האט פלינק געמאסטן די גרויס־קייט פון דער געטאנענער טובה און געפארשט וואס ער וועט דערפון ארויסקריגן פאר זיך?

ציימגנוויים האט די זומפיקייט פון זיין איינענער נשמה

אים אַליין פאַרשאַפט שמערצן. ער פלעגט זיך אַליין אָנרופן מיט די ערגסטע נעמען און פעסט באַשליסן צו באַקעמפן זיין נידערטרעכטיקן „איך“. ווען עס פלעגט אָבער קומען צום האַנדלען, זיינען שוין זיינע טאַטן געגאַנגען אַפ׳ן אויסגעטראָטענעם וועג. און ווען ער האָט זיך עטלאַכע מאָל דאָך געצוואונגען צו האַנדלען קעגן זיין ווילן, איז עס געווען אַזוי פיינלאַך און האָט אים אריינגעבראַכט אין אַזאַ שטימונג, אַז ער האָט עס גיך געמוזט אויפגעבן.

דאָס איז געווען דער אינערלאַכער דאָן און בלויז ער אליין האָט אים געקענט. אויסערלאַך זיינען אָבער אַלע זיינע רייד און טאַטן געווען זאָרגפעלטיק פאַרדעקט מיט פאַרפוצטע טוכן, ווייך געשטריקטע פון שיינע ווערטער. ס׳איז געווען אַ קונציק געפלאָכטענע נעץ פי׳ן פרעמדע רייד און אויפגעכאַפטע טעאָריעס, חנ׳עוודיק באַשפרינקלט מיט טויזנטער טיף־מענטשלאַכע קלייניקייטן, באַפוצטע מיט טובה׳לאַך, מיט ליבלאַכע בליקן און זיסע שמייכלען.

מען האָט אים געהאַלטן פאַר אַ קלוגן און גוטן בחור און דער איינציקער מענטש, וועלכער איז אימשטאַנד געווען אריינצודרינגען אין דאָן׳ס נשמה און זי גוט דערקענען, איז געווען לינאַ.

ווייל זי איז אליין געווען אַ פאַראייניגונג פוןביידע מענער. אויב ארטור׳ס נשמה איז געווען ענלאַך צו אַ גרינעם, גלייך־געשפרייטן, זיכערן פעלד, און דאָנ׳ס צו אַ געגנט פול מיט שפיציקע בערגלאַך, לעכער און זומפן, — האָט לינאַ׳ס נשמה פאַרקערפערט אין זיך זיי ביידן. נאָך גרינע, רואיקע און גלייכע לאָנקעס האָבן זיך באַ איר געצויגן שפיציקע בערגלאַך מיט לעכער און זומפן, און נאָכהער ווידער גלייכע גרינע לאָנקעס.

און ווען זי האָט זיך געפונען אַף די לאָנקעס, האָט זי זיך געקלעפט צום שטאַרקען און עהרלאַכן ארטור׳ן און פון קיינעם אחוץ אים ניט געקענט טראַכטן. אירע אייגענע לעכער און זומפן האָבן זי אָבער אָפט געצויגן צו דאָנ׳ען, וואו די טונקלקייט

פון זייערע נשמות האָט זיך אַזוי גוט פּאַראייניקט, אוןביידע האָבן דאַן געשעפּאָט פון אַרטור'ס פלאַכער רואיקייט און צוקראַ־בענער גוטסקייט.

אין מיט עטלאַכע שעה שפּעטער, אָדער אין אַ טאָג אַרום, האָט זי זיך שוין ווידער געקלעפּט צום מאַן, באַוואונדערנדיק זיין שיינע נשמה, וועלכע שטייט מיט הונדערט פּראָצענט העכער פון דאַנ'ס נישטיקער, פּאַררעטערישער פּערזענלאַכקייט.

זונטיק, דעם 12טן יוני, זיבן אַזייגער אין דער פרי, האָט דאַן אָנגעקלונגען דריי מאָל צו זיינע פריינט. יענע האָבן שוין געוואַרט אַף די דריי קלינגען. זיי זיינען באַלד אַראָפּ פון די טרעפּ מיט פּעקלאַך עסנוואַרג אין די הענט, שיינענדיקע, אויפּ־געררעגטע פון דעם געפּלאַנטן פאָרן צום ים זיך באָדן.

אַלע דריי האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און מיט אַ געזאַנג אַרויס אין גאַס.

צוזאַמען מיט הונדערטע אַנדערע, פּונקט אַזעלכע אויפגע־רעגטע, פרי אויפגעשטאַנענע מענטשן, האָבן זיי אָנגעפּילט דעם באַן און מיט צען מינוט שפּעטער זיך שוין געטראָגן איבער'ן ריזיקן ברוקלינער בריק אין דער ריכטונג צו קוני־איילאַנד.

לינא איז געזעסן צווישן ביידע מענער, געהאַלטן זייערע ביידנ'ס הענט און ניט אויפגעהערט צו פּלוידערן. ביידע מענער האָבן געקוקט אַף איר באַ'חנ'ט פּנים, מיט'ן שיינעם, עטוואָס אויפגעדרויבענעם נעזל און די בל יע, גרויסע אויגן, וואו אַן אויס־דרוק פון נאַאיוויטעט האָט זיך ניט אויפגעהערט צו טונקען אין אַ פינקעלדיקער זינדיקייט. זי האָט אָפט געשמייכלט צו איינעם אָדער אַ צווייטן, זיך געפּיעשטשעט פאַר ביידן, געמאַכט צו זיי חנ'דלאַך, זיי געשלאָגן איבער די הענט אין מיט הנאה געלאַכט.

אַפ'ן אינזל האָט מען גענומען אַ צימער, זיך איבערגעטאָן אין די באָד־קאָסטיומע', און גליקלאַכע, פילנדיק אַף די צוהיצטע האַלב־נאַקעטע קערפּערס די צערטלאַכע פייכטקייט פונ'ם ים־ווינטל, זיינען זיי ממש געלאָפן אַנטקעגן די רוישנדיקע כוואַליעס און צוזאַמען אַריין אין וואַסער.

— לאָז מיך ניט אָפּ, אַרטור! פעסטער האַלט מיך, דאָן!

דערנאָך זיינען זיי געלעגן מידע אַפּ'ן זאַמד און אינגאַנצן איבערגעגעבן זייערע אָפּגעקילטע קערפּערס צו די שטאַרקע זונענשטראַלן. לינאַ האָט געהאַלטן איר קאָפּ אַף אַרטור'ס ברוסט, מיט איין האַנט געגלעט זיינע באַקן און די צווייטע געהאַלטן אַף דאָנ'ס קאָפּ, וועלכער האָט גערוט אַף אירן אַ פוס.

און די זון האָט ברענענדיק געגלעט, געצונדן פייערן אין זייער בלוט און זיי געוואָלט מיט שטראָמען פון דעם זעלבן בלוט אויסלעשן. די פייערן זיינען אָבער וואָס אַמאָל אַלץ ברייטער געוואָרן, געשטייפט דעם גאַנצן קערפּער און ווי פון אַן איבערפילטן כוס זיך אַריבערגעגאָסן בא יעדן ריר.

דער אַלמעכטיקער גאָט פון צופאַל האָט נאָך אין דער פרי באמערקט דאָס גליק פון די דריי פריינט; דערפילט די פאַרשיידנאַרטיקייט פון די קוואַלן, פון וואַנען די פרייד האָט געשטראָמט און אַ קוים באמערקנדיקער איראָנישער שמייכל האָט עטוואָס צונומען זיינע ליפּן.

ער האָט אַ ריר געטאָן דעם מינדסטן און צווייטן פינגער פון זיין רעכטער האַנט און טויזנטער פעדים האָבן אונזעבאַר אַ ציטער געגעבן אין דער לופטן. מיליאָנען וואונשן און טרוימען זיינען באַלד געבוירן געוואָרן און תיכף פאַרשוואונדן. טויזנטער וועגן האָבן זיך פאַרפּלאָנטערט און אויסגעפּלאָנטערט און טויזנטער נייע האָבן זיך אויסגעשטרעקט.

אַפּ'ן פּלאַטער פון עטלאַכע פעדים האָט זיין מאַיעסטעט אָפּגעשטעלט זיין בליק און רואיק געוואַרט וואָס ס'וועט פּאַסירן. און געשען איז אָט־וואָס:

די זון האָט זיך שוין גענומען זעצן, ווען דאָן, לינאַ און אַרטור זיינען דעם לעצטן מאָל אַריין אין וואַסער „כאַפּן" אַ שווים. דערנאָך האָבן זיי באַשלאָסן, אַז אַנשטאָט אַריינצוגיין עפּעס אָפּעסן אין אַ רעסטאָראַן, ווי זיי פּלעגן עס געוויינלאַך טאָן, זאָלן זיי בעסער פאָרן אַהיים און אַ הוליע טאָן אַף אַ היימישן שטייגער.

פאַרגעלעגט האָט עס דאָן, און אַרטור מיט לינאַ'ן האָבן זיך אָנגעכאַפּט אָן דעם. עס האָט געשטימט מיט זייערע אייגענע געפילן. זייערע קערפּערס, מידע פון ים־וואַסער, פון דער זון אין ברייטן צושטרייענדיקן האָריזאָנט, האָבן געלעכצט נאָך אַ פאַרצאַמטער היימישער סביבה, נאָך ווייכע קישנס אויף דיוואַנען, נאָך אַ געמיטלאַך רואיקן טיש, באַלויכטן מיט אַ פאַרביקן האַלב־טונקעלן שיין.

און נאָך האָט זיך געוואָלט עטוואָס אומבאַשטימטעס, עפּעס אַזוינס, וואָס איז געבוירן געוואָרן אין בלוט דורך דער פאַר־אייניקונג פון די קאַלטע כוואַליעס מיט די הייסע זונען־שטראַלן און געפאָדערט אַן אויסגאַנג.

פאַרנדיק אין סאָבווי האָט אַרטור זיך דערמאָנט, אַז ער מוז איצט גלייך אויף האַלבע שעה צופאָרן צו זיין בעל־הבית, וועל־כער וואוינט אויף דער 125טער גאַס. ער האָט פאַרגע־לעגט צוזאַמען צו פאָרן ביז „גרענד סענטראַל“, און נאָכהער וועט ער מיט'ן זעלבן „עקספּרעס“ פאָרן ווייטער, און זיי וועלן נעמען דעם „לאָקאַל“ און צופאָרן אַהיים. ביז ער וועט צוריק־קומען זאָלן זיי אַלץ איינקויפן און פאַרטיק מאַכן די וועטשערע. ער וועט ברענגען אַ גוטע פלאַש וויין.

לינאַ האָט אַ טראַכט געטאָן אַ ווײַלע און צוגעשטימט. דאָן האָט צופרידן אַ שאָקל געטאָן מיט'ן קאָפּ און צוגעגעבן:

— זע אָבער, פאַרהאַלט זיך ניט דאָרטן!

אַרטי'ר האָט אַ קוק געטאָן אויפ'ן זייגער: — אַצינד איז אַכט. ניין בין איך אין הויז.

בא דער פערצנטער גאַס האָבן זיי אַלע גענומען דעם „בראָנקס עקספּרעס“ און בא „גרענט סענטראַל“ איז לינאַ מיט דאָנען אַרויס, דערמאָנענדיק אַרטור'ן זיך ניט צו פאַרזאַמען.

ער האָט איר מיט ליבשאַפט אַריינגעקוקט אין די אויגן:

— באַלד, טייערע, בין איך צוריק! — און האָט אַ צאַרטן גלעט געטאָן אירע טונקל־קאַשטאַן האָר.

זי האָט אָפּגעזיפצט און אַ שמייכל געטאָן.

דער מאַטאָרמאַן פונ׳ם „עקספּרעס“, אין וועלכן אַרט׳ר איז אריין, האָט געהייסן עדוואַרד שולץ. דאָס איז געווען אַ פעטער, ברייט־פּלייציגער דייטש פון אַ יאָר 48 מיט אַ קליינעם קאָפּ אויף אַ קורצן האַלז, וואָסערדיק־בלוילאַכע אויגן און אַ קיילעכדיקן, קורצן נאָז. אַ גאַנץ גוטמוטיקער פון דער נאַטור, האָט ער ליב געהאַט אַ שפּאַס צו טאָן מיט די מאָטאָרלייט און קאָנדוקטאָרן און פלעגט בײַ יעדן שפּאַס אַ קלאַפּ טאָן דעם צוהערער איבער׳ן רעכטן אַקסל.

— הערסט, דזשאהן, נעכטן פאַרנאַכט גיי איך אַרויס פונ׳ם הויז און גיב זיך פּלוצלונג אַ קער איבער, אַז די ציין האָבן מיר אין מויל אַ קלאַפּ געטאָן. און וואָס מיינסטו איז געווען די אורזאַכע? אַ שטיקל באַנאַנע־שאָלעכץ! — ער צולאַכט זיך און גיט אַ הייב די האַנט.

דזשאַן שפּרינגט אָבער גלייך אָפּ:

— נעווער מיינד שולץ! קלאַפּ אימיצן אַנדערש; פון מיין זייט איז גענוג, וואָס כ׳האָב דיין מעשה׳לע אויסגעהערט.

ביידע לאַכן צופרידן.

היינט איז אָבער צו שולצ׳ן אַ געפאַר צוצוגיין. ער איז בייז און זייער אומגליקלאַך. דער היינטיקער טאָג איז עפּעס אַ מאָדנע שלימזל׳דיקער פאַר אים. אָנגעפאַנגען האָט זיך עס נאָך אין דער היים.

צוראַמענדיק די הויז האָט דאָס ווייב אונגערן אַראָפּגעוואָרפן אָפּ׳ן דיל זיין אַלטן זייגער, וועלכן ער האָט נאָך מיט פופצן יאָר צוריק געקראָגן אַלס מתנה פון זיין ברודער פון דייטשלאַנד. זי האָט צובראָכן דאָס גלעזל. ער איז אויפגעשפּרונגען אַ טויט־דערשראָקענער און גענומען זידלען דאָס ווייב — אַ זאַך וואָס ער פלעגט טאָן זייער זעלטן.

צוערשט האָט זי געשוויגן, געלאָזט אפילו אַ טרער, אָבער שפּעטער אים גענומען אָפּענטפערן. האָט ער דאַן צעבראָכן דריי טעלער, וועלכע זיינען אָפּ׳ן טיש לעבן אים געשטאַנען. האָט זי, וועלנדיק אים ווייזן, ווי ווייניק עס אַרט זי וואָס ער צוברעכט

זייער בעל־הבתישקייט, אליין צוברעכן צוויי גוטע טעפּ, וועלכע זי האָט געהאַלטן אין וואַשן.

האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן צו איר מיט די קולאַקעס. איז זי אַרויס מיט אַ געשריי אין הויף, וואו אַ שכן האָט זיך פאַר איר איינגעשטעלט. האָט ער דערלאַנגט דעם שכן, און יענער האָט אים גלייך געענטפערט מיט אַ פּאָר קלעפּ. און וועער ווייסט ווי ווייט עס וואָלט דערגאַנגען, ווען די איבעריקע שכנים מישן זיך ניט אַריין און צענעמען זיי ניט

דאָס ווייב מיט די קינדער זיינען דאַן גלייך אַוועק צו אירן אַ ברודער און שולץ האָט יענעם טאָג קיין מיטאָג ניט געגעסן. אַ בייזער איז ער געזעסן אַ גאַנצן טאָג אין הויז און זיך אַליין געגעסן, צו וואָס ער האָט פאַרקאָכט די גאַנצע קאַשע. שוין ניט רייִדנדיק וועגן דעם ווייב, האָט ער באַליידיקט אַ גוטן שכן, וועלכער האָט אים לעצטן ווינטער, ווען ער איז אַרומגע־גאַנגען אָן אַרבעט, צוויי מאָל געליען צו 25 דאָלאַר.

גייענדיק פאַרנאַכט צום „דיפּאָ", וואו ער האָט געדאַרפט זיין פּונקט זעקס אַזייגער, האָט מען אין אַ שמאָלן געסל, דורך וועלכן ער האָט געדאַרפט דורכגיין, איבערגעפאָרן אַ פרוי. דאָס געסל איז גלייך פאַרפּלייצט געוואָרן מיט טויזנטער מענטשן און ניט קוקנדיק אויף זיין גאַנצער מי, האָט ער זיך בשום אופן ניט געקענט דורכברעכן קיין וועג און געמוזט לויפן אַרום.

אין „דיפּאָ" איז ער געקומען אַ פאַרסאַפּעטער שוין מיט זעקס מינוטן שפּעטער. זיין טריין איז שוין אָבער אַרויס מיט אַן אַנדער מאָטאָרמאַן און ער האָט געמוזט פאַרנעמען יענעמ'ס פּלאַץ.

דאָס איז געווען דער „עקספּרעס", וועלכער האָט געפירט אַרטור'ן צו דער 86טער גאַס.

אָנגעכמורעט האָט שולץ געקוקט אויף די רויטע און גרינע פייערלאַך אויף די ווענט פון'ם טונעל, נאָכגעפאָלגט די פינקלענ־דיקע רעלסן, וועלכע זיין לויפנדיקער צוג האָט ווי געשלינגען אונטער זיך, צום הונדערטן מאָל געזען פאַר זיך די פריי־

מאַרגנדיקע סצענע און געפילט ווי זיך אליין אין פנים אריין אָנצושפייען.

ער האָט געהאָפט, אַז די ווייב מיט די קינדער וועלן באַ־נאַכט אהיימקומען און געטראַכט וואָס איר מאָרגן צו זאָגן. דאָס בעסטע איז קיין זאַך ניט דערמאָנען, און אַ סוף. און וואָס וועט ער דעם שכן זאָגן? נו, און די אַנדערע שכנים? זיי רופן אים דאָך שטענדיק: מר. שולץ, און קומען צו אים פרעגן עצות. איצט וועלן זיי שוין זיכער דאָס וואָרט „מר." ארויס־לאָזן. וואָס פאַר אַ ערע קומט אים, ווען ער שלאָגט דאָס ווייב און עַנטפערט מיט קלעפּ פאַר טובות?

שולץ האָט געפילט ווי זיך דעם קאָפּ אָן דיקן גלאָז פונ׳ם פענסטער צו צוברעכן.

אָפּפאָרנדיק פון „גרענט סענטראַל", האָט ער, ווי געוויינ־לאַך, אַ טרייב געטאָן דעם „עקספּרעס" מיט דער פולסטער קראַפט.

פּלוצלונג האָט ער דערפילט, אַז דאָס קליינע זייגער־קעשענ־קעלע און דער פעדערשטער טייל פון די הויזן איז ליידיק. ער האָט אויפגעציטערט. וואו איז דער זייגער? ער האָט אים אין „דיפּאָ" אליין געהאַלטן אין פאָרזיכטיק איינגעוויקלט אין האַרטן פּאַפּיר, די ווייזערס זאָלן זיך ניט אָפּברעכן.

ער האָט איינגעהאַלטן דעם לויף פונ׳ם עקספּרעס, גענומען זוכן אין אַלע קעשענעס און ארומטאַפּן די הויזן.

דער „לאָקאַל", וועלכער איז נאָך געשטאַנען אַ מינוט אַף דעם „גרענט סענטראַל" נאָכדעם ווי דער עקספּרעס האָט זיך שוין געריהרט, האָט זיך דערווייל באַנוצט מיט׳ן לאַנגזאַמען גאַנג פונ׳ם „עקספּרעס" און אים גענומען אָניאָגן.

אַרטור איז געשטאַנען נעבן דער טיר פונ׳ם פינפטן וואַגאָן און מיט אַ געפיל פון דאַנקבאַרקייט צו וועמען, געטראַכט וועגן זיין לינע׳ן און ווי גוט ס׳איז אים מיט איר. דערזעענדיק דעם פאָדערשטן וואַגאָן פון דעם אָנלויפנדיקן „לאָקאַל", האָט ער זיך דערמאָנט, אַז ער וועט מעגלאַך באַמערקן לינא׳ן מיט דאַנ׳ען

און צו זיי א מאך טאָן מיט דער האַנט. ער האָט צוגעדריקט דעם שטערן צום גלאָז און זיך אויפמערקזאַם גענומען איינקוקן.

דער „עקספּרעס" האָט פאַרגעזעצט לאַנגזאַם צו גיין און דער „לאָקאַל" האָט אים גענומען פאַרבייליופן.

פאַר ארטור'ס אויגן האָט זיך ניט שנעל דורכגערוקט דער ערשטער וואַגאָן, דער צווייטער, דער דריטער. דאַכט זיך, דאָ דאַרפן זיי זיך געפינען.

ביידע באַנען האָבן זיך באַוועגט כמעט מיט דערזעלבער שנעלקייט און ס'איז אויסגעקומען אַז ביידע שטייען, זיך שאָקלענדיק, אויף איין פּלאַץ.

מיט אַמאָל האָט ארטור זיי דערזען און שיער ניט אויסגעשריען פון פרייד. אים האָט זיך פאַרוואָלט אָנקלאַפּן אין שויב און צו זיי אַ געשריי טאָן אַז ער זעט זיי.

דער פרייד-געשריי איז אָבער מיט אַמאָל אין אים ווי אָפּגעהאַקט געוואָרן. ער האָט זיך גענומען אויפמערקזאַם איינקוקן, און זיין ברייטער קיילאַכדיקער פּנים האָט גענומען קלענער ווערן און זיך באַדעקן מיט קנייטשן.

לינא איז געזעסן נעבן פענסטער, אַפּ'ן פּלאַץ וואָס ער האָט איר פריער אָפּגעטראָטן, און דאָן האַרט נעבן איר. די רעכטע האַנט האָט ער געהאַלטן פאַרוואָרפן אַרום אירע אַקסלען און זיינע פינגער זיינען געווען איינגעזונקען אין איר צושפּילעטן האַלז אַזוי טיף ביז די ברוסט. ער האָט עס אין איין רגע באַמערקט. זי האָט איר קאָפּ געהאַלטן עטוואָס אָנגעבויגן רעכטס און, ווי ארטור'ן האָט זיך געדאַכט, לייכט געקושט דאָן'ס אַנטבלויזטע האַנט.

דאָ האָט זיך דער „עקספּרעס" אַ ריס געטאָן פון זיין לאַנגזאַמקייט, אַ הילכיקן פייף געגעבן און גענומען אָניאָגן די פאַרלוירענע צייט.

שולץ האָט געפינען דעם זייגער אין רעכטן שוך, וואוהין ער האָט זיך אַראָפּגעגליטשט פונ'ם קעשענקעלע. גיך האָט דער „עקספּרעס" געלאָזט דעם „לאָקאַל" הינטער זיך.

ארויסקומענדיק אַף דער 86טער גאַס, איז אַרטור אַריבער אַף דער צווייטער זייט פון דער סטאַנציע און גענומען אַ „לאָ־קאַל“, וועלכער איז געלאָפן צוריק.

מיט צוואַנציק מינוטן שפּעטער האָט ער זיך שוין לאַנגזאַם געהויבן, קוים שלעפּענדיק די שווער־געוואָרענע פיס, איבער די שטיינערנע טרעפּ צום פערטן שטאָק, וואו ער האָט געוואוינט. ער האָט נאָך אין דרויסן, פון ווייטנס, געזען, ווי אימיצנס אַ האַנט, דאַכט זיך אַ מענערשע, האָט געשווינד אַראָפּגעצויגן דעם פאָרהאַנג איבער׳ן פענסטער פון׳ם שלאָף־צימער.

מיט זיין שליסל האָט ער שטיל געעפענט די טיר. די קיך איז געווען באַלויכטן, און זיך פאַרביי׳גנב׳ענענדיק האָט ער באַ־מערקט אַפ׳ן טיש צוויי פּעקלאַך מיט שפּייז און אַפ׳ן גאַז אַ טשייניק מיט וואַסער. איבער׳ן קולים פון׳ם גאַסט־צימער איז ער שטיל צו און אַריין אין שלאָף־צימער. און ער האָט זיי ביידן גלייך דערזען אין דער האַלב־טונקלקייט, באַ זיך אַפ׳ן בעט — זי אין אַ בלויזן העמד און אים אַ האַלב־אויסגעטאָנענעם. ער האָט אפילו דערהערט אַ קלאַנג פון אַ קוש.

מיט אַמאָל האָט ער דערפילט ווי די קעלט, וואָס האָט אים פריער אין עקספּרעס ארומגעכאַפּט, איז פאַרשוואונדן, און ער ברענט פון קאָפּ ביז די שפּיץ פינגער. ער האָט אויסגעשטרעקט די האַנט, אָנגעטאַפּט דאָס עלעקטרישע קנעפּל און עס אַ דריק געטאָן.

צוויי לעמפּלאַך האָבן זיך העל אָנגעצינדן אין מיטן צימער. דאָן איז אויפגעשפּרונגען פון׳ם בעט און מעכאַניש גע־וואָלט זיך ברענגען אין אָרדנונג, שמייכלענדיק דערביי זינלאָז, במעט אידיאָטיש.

אַרטור איז שוין אָבער געשטאַנען פאַר אים, אַ ווייל׳ע שאַרף זיך איינגעקוקט אין זיין בלייכן פּנים און מיט אַמאָל אים מיט אַלע כחות אַ זעץ געטאָן מיט׳ן פויסט אין פּנים אַריין.

דאָן האָט אַ פאַל געטאָן צוריק אַפ׳ן בעט און לינאַ האָט מיט אַ פאַרשטיקטן קוויטש זיך אָפּגערוקט אין ווינקל.

דער קלאַפּ האָט דאַנ'ען געבראַכט צו זיך. ער איז שנעל אויפגעשפּרונגען פונ'ם בעט און זיך אַ וואָרף געטאָן אַף אַרטור'ן.

לינא איז אַ בלייכע, אַ ציטערנדיקע געזעסן אַפּ'ן צווייטן בעט און מיט אַ צומישטן בליק צוגעקוקט ווי די צוויי מענער שלאָגן זיך. זי האָט געזען ווי שרעקלאַך אַרטור'ס פּנים איז און ווי עס ציטערן די פליגלען פ'ן זיין נאָז. און מיט אַמאָל האָט זי דערפילט, אַז זי האַסט דאַנ'ען, אַז דער איינציקער וועמען זי ליבט אמת איז בלויז אים, אַרטור'ן. און אַ פיינ־לאַכער וואונש איז אין איר האַלב־פּאַראַליזירטן מוח געבוירן געוואָרן — צולויפן צום מאַן, צופאַלן צו זיינע פיס, זיך מ.דה זיין אין אַלע זינד און בעטן פאַרגעבונג.

און ווען דאַן איז מיט אַ צובלוטיקטן פּנים, אָן דער הוט, מיט'ן רעקל אין האַנט שנעל פאַרשוואונדן אין קיך, א ן זי האָט דערזען, אַז אַרטור וואַרפט שנעל זיינע זאַכן אין רענצל אריין, איז זי ווי אַ קאַץ אַף אַלע פיר צוגעקראָכן און אים אַרומגעכאַפּט מיטביידע הענט פאַר די קני.

ער האָט זיך שנעל אויסגעגלייכט, אַ שנעלן קיק געטאָן אין אירע פאַרטרערטע, בעטנדיקע אויגן און מיט איין שטויס מיט'ן פוס זי אָפּגעשליידערט צום קליינעם שרייב־טישל בא דער וואַנט געגנאיבער.

מיט עטלאַכע מינוט שפּעטער האָט ער, פאַרבייגייענדיק די קיך מיט'ן רענצל אין האַנט, באַמערקט ווי די וואַסער אין טשייניק אַפּ'ן גאַז זידט. ער האָט אַוועקגעשטעלט דאָס רענצל, איז צ געגאַנגען און פאַרדרייט די גאַז.

אַרויסגייענדיק האָט ער געהערט אַ שטילן וואָיען ווי פון אַ קראַנקן הונט. זיין פּנים האָט זיך אַפילו קיין ריר ניט געטאָן.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

דער שמייכל אַפּ'ן הערשער'ס ליפּן איז ברייטער געוואָרן, די איראָניע האָט שאַרף געשטשירעט די ווייסע ציין און מיט פאַרגעניגן צוגעשאָקלט מיט'ן קאָפּ.

## „איך" און זיין „מאַיעסטעט."

ווי אַ טראָפּן וואַסער באַם ברעג פון אַלע ימים, ווי אַ זאַמ־דעלע באַם גרעניץ פון אַלע מדבריות, ווי אַן אַטאָם־לופט באַם זוים פון אייביקן רוים — אַזוי שטיי איך אַנטקעגן זיין מאַיעס־טעט, דעם אַלמעכטיקסטן פון אַלע געטער, דעם גאָט פון צופאַל. איך שטיי און היט אים.

און ווי פון אַלע ימים אַן איינציקן טראָפּן, ווי פון אַלע וויסטעס אַ נישטיק זאמדעלע, ווי פון דער אייביקייט אַ בלויען אַטאָם — אַזוי מערקט מיך ניט דער הערשער אַף זיין בלוט־רויטן שטול. ער קוקט זיך ניט אום אַף מיר, פּונקט ווי אַף יעדן איינעם פון די מיליאָנען לעבעדיקע באַשעפעניש, וועמעס טויט און לעבן, גליק און אומגליק זיינען בלויז אַן אויסדרוק פון זיינע מאַיעסטעטישע שפּילן און שפּאַסן.

אויך די „איראָניע", וואָס שטייט צוגעשפּאַרט צום הער־שער'ס טראָן, קוקט ניט אַף מיר. נאָר אין אויסדרוק פון אירע דינע, בלויאַכע ליפּן און אין די צוויי קנייטשעלאַך נעבן אירע שפּאָטיש־צועפנטע אויגן, זע איך, אַז זי ווייסט וועגן מיין עקזיס־טענץ, ווייסט אַז מען קען מיך שוין מער ניט נאַרן, אַז ניט וויסנ־דיק די וועגן, האָב איך דאָך אַריינגעדרונגען אין הערשער'ס שפּיל.

בלויז די צוויי יונגלינגס: „גליק" און „אומגליק", וואָס זיצן, ווי שיק־איינגלאַך, אַף די אונטערשטע טרעפּלאַך פון זיין מאַיעסטעט'ס טראָן, שפּילן מיט מיר ניט אין קיין באַהאַלטעניש. זיי קוקן מיר גלייך אין די אויגן אריין, און טרויער און פרייד מישן זיך אויס אין זייערע בליקן.

— — — — — — — — — — — — — — — — —

שוין לאַנג, נאָך מיט פיל יאָרן צוריק, האָב איך איין מאָל אויפגעדעקט דעם סוד פון'ם קרישטאָלענעם פּאַלאַץ, וואָס געפינט זיך איבער אונזער לעבן, אין דער „מיט" פון אונזער „זיין", און האָב דאָס ערשטע מאָל דערזען דעם הערשער אַף זיין שטול.

ס'איז געווען אזוי:

איין מאָל האָב איך מיט מיינעם א פריינט זיך געאיילט צום באַן. ער איז זייער מיד געוואָרן פון אונזער שטאָט און באשלאָסן אוועקצופאָרן אף, אמווייניקסטן, איין יאָר צייט. פאַרבייגייענדיק א געוויסע הויז, האָב איך זיך דערמאָנט, אז כ'האָב נעכטן אָוונט דאָרטן א נויטיקן בוך פאַרגעסן. כ'האָב מיין פריינט פאָרגעלעגט מיט מיר ארויפגיין אף איין מינוט. ער האָט בעסער געוואָלט אויסוואַרטן אין דרויסן. כ'האָב אים אָבער איבערגערעדט און מיר זיינען ביידע אריין אין הויז.

און ער איז שוין אף יענעם אָוונט פאַרבליבן אין שטאָדט. ניט אוועקגעפאָרן איז ער אויך מאָרגן און ניט איבערמאָרגן. דאָרטן, אין יענעם הויז, וואוהין איך האָב אים כמעט געגן זיין ווילן אריינגעפירט, האָט ער „זי" באגעגנט — „זי", וואָס האָט זיינע טרוימען אין א באַרג אש פאַרוואַנדלט, צודריקט זיין לעבן מיט איר שיינקייט און גלייכגילטיקייט און אים מיט פיר חדשים שפעטער צו זעלבסטמאָרד געטריבן.

און באגלייטנדיק זיין קערפער צום בית־עולם, האָב איך אף זיך געטראָגן די שולד פאַר זיין פריצייטיקן טויט. און ווען מען האָט אים אין קבר אראָפגעלאָזט, האָב איך פון דער הויך דערפילט אימיצנס א שאַרפן בליק. כ'האָב שנעל אויפגעהויבן דעם קאָפ און עפעס בלוט־רויטעס אין א ים פון ווייסער פינקל־דיקייט האָט א שווינדל געטאָן פאַר מיינע אויגן. כ'האָב מיט אמאָל דערפילט ווי די אייביקע איראָניע טריפט אין יעדן טראָפּן לופט, און האָב דערזען דעם שפאָט פון דער מענטשלאַכער עקזיס־טענץ אפ'ן פנים פון יעדן גרעזעלע, פון יעדן וואָלקן.

כ'האָב זיך איינגעקוקט אין דער הויך, נאָר די זעאונג איז שוין געווען פאַרשוואונדן. דער בלויער רוים האָט אומשולדיק־נאַריש געשמייכלט.

---

און דאָס צווייטע מאָל:

דריי פריינט זיינען מיר געווען, ענג פאַרבונדן ניט נאָר דורך דער רעוואָלוציאָנערער באַוועגונג, וועמען מיר האָבן גע־ווידמעט אונזערע לעבנס, נאָר אויך דורך אַן אינגוועניקסטער קראַפט, וואָס האָט אונז געצויגן איינעם צום צווייטן. איך, בערן און סאָפּי. אַלע חברים האָבן געוואוסט, אַז סאָפּי און בערן ליבן שוין לאַנג איינער דעם צווייטן, און בלויז זייער צוריק־געהאַלטנקייט און איבערגעבנקייט צו די אינטערעסן פון דער רעוואָלוציע דערלאָזן זיי ניט צו מאַכן דעם לעצטן שריט און זיך צוזאַמענקומען.

ענדלאַך איז פאַר זיי שוין צו שווער געוואָרן צו צאַמען זייערע געפילן. זיי האָבן זיך דורכגערעדט און באַשלאָסן צו הייראַטן.

צו רבנים נאָך אַן ערלויבניש איז מען ניט געגאַנגען, נאָר געמאַכט אַ פּריוואַטע ווערטשערינקע פאַר נאָענטע חברים. מיר האָבן פאַרבראַכט ביז איינס אַזייגער פאַרטאָג, נאָכהער זיי גע־וואונשן אַ גליקלאַכן לעבן און זיינען אַוועק אַהיים. באַם טאָג האָבן מיר באַגעגנט אַן אָפּטיילונג זשאַנדאַרן. זיי זיינען אַריין אין הויז, פון וועלכן מיר זיינען נאָר־וואָס אַרויס. מען האָט זיי ביידן אַרעסטירט. אים האָט מען אין 5 חדשים אַרום אַוועק־געשיקט קיין סיביר אַף 10 יאָר און זי באַפרייט נאָך צוואַנציק מאָנאַטן „זיצן". בערן איז גיך אַנטלאָפן פון סיביר קיין אַמע־ריקע און סאָפּי האָט אויך געמוזט אַוועק קיין אויסלאַנד. זיי האָבען פאַרלוירן איינער דעם צווייטן.

דריי יאָר זיינען פאַריבער. איך האָב שוין דאַן געוואוינט אין ניו יאָרק, צוזאַמען מיט בערנ'ן. ער האָט די גאַנצע צייט געבענקט נאָך זיין סאָפּי'ן און ניט אויפגעהערט זי אַרומצוזוכן. מען האָט אים געזאָגט, אַז זי געפינט זיך ערגעץ־וואו אין אַמעריקע.

ענדלאַך האָט ער באַשלאָסן חתונה צו האָבן. און ווען זיין פרוי איז שוין אין זיבעטן מאָנאַט געווען, האָבן מיר, נייער־

דיק איינמאָל צוזאַמען אין גאַס, באַגעגנט סאָפי׳ן מיט אַ מאַן געאָרעמט. זי איז אויך געווען אין די הויכע חדשים.

מיר דריי זיינען געבליבן שטיין ווי געלעמטע.

און פון אויבן האָט זיך צו מיר פלוצלינג דערטראָגן אַ שטילער געלעכטער. כ׳האָב שנעל אויפגעהויבן דעם קאָפּ און צום ערשטן מאָל קלאָר דערזען זיין מאַיעסטעט אויף זיין בלוטיק־רויטן טראָן, און די „איראָניע“ נעבן אים.

און איך האָב פאַרשטאַנען דעם געטלאַכן שפּאַס. ניט נאָר בערן סאָפי׳ן, נאָר איך זי האָט אים ארומגעזוכט די גאַנצע צייט, און פאַרלירנדיק ענדלאָך די האָפנונג אים נאָך ווען ס׳איז צו געפינען, האָט זי מיט עטלאַכע מאָנאַטן צוריק געהייראַט. און דער, וואָס האָט די גאַנצע צייט אַזוי קונציק־גרויזאַם אויס־באַהאַלטן זייערע טריט איינער פונ׳ם צווייטן, האָט אַצינד צוזאַ־מענגעבונדן זייערע וועגן און . . . געלאַכט, געלאַכט פון זיין געלונגענעם שפּאַס. — — —

און מיינע אויגן און אויערן האָבן זיך פון דאַן אָן געעפנט און טויזנטער פאַלן פון מיין אייגענעם לעבן און פון די לעבנס פון מיינע פריינט האָבן אָנגעהויבן לייכטן פאַר מיר מיט גאָר אַ נייעם שיין.

און כ׳האָב גענומען זוכן געזעצן אין דעם שיפל פון צופאַלן, געוואָלט געפינען אַ געוויסע נויטווענדיקייט אין זיין מאַיעס־טעט׳ס ווילן, און ניט געקענט. און נאָכפאָלגנדיק די מיליאָנען פעדים, וואָס האָבן זיך פונ׳ם הערשער׳ס הענט צום מאַרך פון אַלע לעבעדיקע באַשעפענישן געצויגן, האָב איך זיך אויך אָנגע־שטויסן אָן מיין אייגענער פאַרבינדונג מיט זיין ווילן און אָנגע־הויבן אַ קאַמף.

כ׳האָב זיך געוואָלט פון זיין יאָך באַפרייען.

כ׳האָב זיך גענומען פאַר אַלץ היטן, איינצוהאַלטן די שטאַרקסטע וואונשן, צאַמען די ברויזענדסטע פאַרלאַנגען. כ׳האָב פּאָרזיכטיק נאָכגעשפּירט אַלע ווינקלען פון מיין לעבנס־וועג און באַ זיין יעדן בויג ערוואַרטעט אַן אָנפאַל, מעגלאָך אַ טויטלאַכן,

אָדער גאָר אַ שטראָם פון גליק, מעגלאַך דעם העלסטן אין מיין לעבן.

כ'האָב זיך זשעדנע גענומען צוקוקן צו אַלע מיינע פריינט און באַקאַנטע און דורך זייערע טאַטן אין באַצוג צו מיר געוואָלט אַלץ אויסגעפינען עפּעס וועגן זיך אַליין, וועגן מיין צוקונפט, וועגן דעם ווילן פון זיין מאַיעסטעט.

ענדלאַך בין איך מיד געוואָרן פון פאַרלויפן מיין אייגענעם וועג, פון זיך היטן פאַר זיך אַליין.

זאָל געשען וואָס עס וויל! זאָל מיין לעבן, פונקט ווי דאָס לעבן פון מיליאָנען אַנדערע, ברענענדיק, דינען אַלס שטאָף פאַר זיינע שפּאַסן! זאָל עס!

קען דען אַ טראָפּן קעמפן אנטקעגן דעם ים, אַ זאַמדעלע אנטקעגן אַ מדבר, אַן אַטאָם אנטקעגן אַן אָרגאַן?

כ'האָב אויפגעגעבן מיין קאַמף. נאָר איין מאָל, אין אַ מינוט פון פאַרצווייפלונג, האָב איך מיט דער גאַנצער קראַפט פון מיינע לונגען אויסגעשריען צום קרישטאָלענעם פּאַלאַץ:

— העי, דו אַלמעכטיקסטער פון אַלע געטער, הער אויס וואָס איך, אַ טראָפּן, אַ שטויבעלע, האָב דיר צו זאָגן! דו ביסט אומגערעכט, דיין שפּיל איז אומגעטלאַך, דיין גוטס און שלעכטס פאַרניכטן זיך אַליין! איך וואָלט פרייוויליק מיין לעבן אָפּגעגעבן כדי דיך פון דיין רויטן שטול אַראָפּצושלעפּן, אַרויסנעמען „גליק" און „אומגליק" פון אונטער דיין מאַכט און זיי אונטערוואַרפן שטרענגע, גערעכטע געזעצן! אמת, דו ביסט דער מעכטיקסטער, נאָר אויך דער אומבאַוואוסטער פון אַלע געטער! איך בין הילפלאָז אנטקעגן דיר. כ'ווייס עס גוט. מיט איין ריר פון דיינעם אַ פינגער פאַרקניפּסטו מיין לעבנס־וועג מיט'ן „אומגליק" אָדער טויט און וואַשסט דערנאָך, ווי פּילאַטוס, אָפּ דיינע הענט. דו דאַרפסט אפילו אליין דער מערדער ניט זיי׳ן. איך וויל אָבער דו זאָלסט וויסן, אַז איך קען דיינע וועגן און מער נאָרן וועסטו מיך שוין ניט!

קיינער האָט מיר ניט געענטפערט.

איך האָב זיך איינגעקוקט אין רויטן שטול: קיין דיר, קיין סלאַנג. דער אַלמעכטיקער און די „איראָניע“ האָבן גאָר געקוקט אין אַ צווייטער זייט. אפשר האָבן זיי מיך אינגאַנצן ניט גע־הערט? אָבער די אויפגערעגטע בליקן פון „גליק“ און „אומ־גליק“ האָבן מיר דערוויזן, אַז מיין שטים איז דערגאַנגען.

און כ׳האָב ווייטער געשריען:

— און דו, ביטרע „איראָניע“, מאַך דיך ניט טויב! ווען איך זאָל נאָר קענען דיך דערגרייכן, וואָלט איך מיט אַ וויס־פינקלדיקן מעסער דיינע שמאָלע אויגעלאַך גאַנץ ברייט צו־עפנט, וואָלט אינגאַנצן אָפּגעשניטן דיינע גיפטיקע, דין־בלוי־לאַכע ליפּן און כאָטש איין מאָל אין דיין אייביקייט דיך גע־צוואונגען ברייט דיין מויל צו עפענען. זיי רואיק, איך וויס דאָס ווערטל: „יענער לאַכט ווער עס לאַכט דער לעצטער“, און איך צווייפל ניט, אַז דו וועסט די לעצטע שפּאָטיש שמייכלען איבער מיין טויטן קערפּער. כ׳וויל אָבער, זאָלסט וויסן, אַז איך באַנרייף דיין טייוולשן שפּיל און האָב פאַר דיר קיין מורא ניט!

און ווידער האָט מיר קיינער ניט געענטפערט און דער הער־שער מיט דער „איראָניע“ זיינען פאַרטיפט געווען אין אַ צוויי־טער זייט. נאָר די אויפגעלויכטענע אויגן פון „גליק“ האָבן מיך ווידער פאַרזיכערט, אַז מיין קול איז דערגאַנגען, אַז מיינע רייד האָבן דערגרייכט.

און שוין אַ ווילדער פון אַ פיינלאַכער פרייד, פון אַ געפיל פון זעלבסט־פאַרניכטונג, האָב איך נאָך העכער מיין קול גע־הויבן:

— אַלמעכטיקער! דו, וואָס האָסט פאַרניכטעט אויף דער וועלט גוטס און שלעכטס, פאַרטריבן אַלע טייוואָלים און מלאָכים און אָנגעפילט די ערד בלויז מיט גוטע אָדער שלעכטע פאַלגן פון דיין שפּיל, רוף זיך אָפּ, זיי ניט אַזוי קליינלאַך! ענטפער מיר! מיר — אַ טראָפּן, אַ זאמדעלע, אַן אַטאָם! זאָג וואָס

איז דיין ציל? האָט דאָס לעבן אַ צוועק? און אויב יאָ, וואו איז ער אין דיינע שפּאַסן?

זיין מאַיעסטעט האָט אָבער געשוויגן. בלויז די שמאָלע אויגעלאָך פון דער „איראָניע" זיינען נאָך שמאָלער געוואָרן און דאָס „גליק" האָט טיף דעם קאָפּ געבויגן.

כ'האָב זיך אָן כח אַראָפּגעלאָזט אויף דער ערד.

און פון דאַן אָן האָב איך זיך אויפגעהערט צו היטן, נעם אויף גוטס פּונקט ווי שלעכטס, נאָר מיינע אויגן ווענדן זיך יעדעס מאָל צום קרישטאָלענעם פּאַלאַץ און אין בליק פון זיין מאַיעסטעט זוך איך אָן ענטפער.

און ווען כ'בין איין מאָל פון אַ הויכען, אַזיאַטישן באַרג אין אָן אָפּגרונט געפאַלן און זיך אין מיטן וועג פאַר אַ שטעכיקן קוסט אָנגעכאַפּט און אַ האַלב־פאַרשאָטענער מיט שניי און שטיינער איבער'ן אָפּגרונט געהאַנגען, האָט מיין בליק דעם רויטן שטול אָפּגעזוכט און געפרעגט, צי איז עס בלויז אַ שפּאַס, צי אויך דער סוף פון מיין לעבן?

און זיין מאַיעסטעט האָט געשוויגן און די „איראָניע" האָט געקוקט ערגעץ־וואו איבער מיין קאָפּ און געשמייכלט.

ס'איז בלויז אַ שפּאַס געווען.

און ווען כ'בין דעם צווייטן מאָל, אַ נאַקעטער, אריינגעפאַלן אין אַ רינג פון טויטלאָך גיפטיקע שלאַנגען, ווען דער לייכטסטער ביס וואָלט געמיינט אָן אומפאַרמיידלאַכן טויט — האָב איך ווידער מיין בליק צום קרישטאָלענעם פּאַלאַץ געווענדט און אָן ווערטער געפרעגט:

— בלויז אַ שפּאַס... צי אויך דער סוף?

און ווידער קיין ענטפער, ווידער דער „איראָניע'ס" גיפטיקער שמייכל אין וייטן רוים איבער מיין קאָפּ.

ס'איז אויך דאָס מאָל אַ שפּאַס געווען.

אַ מיליטערישער פּאַטרול האָט זיך איינמאָל נאָך מיר דורך אַ וואַלד געיאָגט. צענדליקע קוילן האָבן מיין שאָטן געזוכט,

באיאָנעטן האָבן די גראָזן און קוסטן געשטאָכן. שפּעטער האָבן זיי ארומגערינגלט דאָס „טויטע שטיבל“ פון א מיליטערישן לאַזארעט, וואו איך בין געלעגן באהאלטן אונטער א טויטן סאָלדאַט. זיי האָבן ניט געוואגט אריינצוגיין צו שטערן דעם טויטנ׳ס רו. דערצו איז זיי ניט איינגעפאלן מיך אונטער׳ן טויטן צו זוכן. זיי זיינען אוועק ווייטער.

און דורכ׳ן פענסטער האָב איך א ביסל שפּעטער אין די ווייטע הימלען אָפּגעזוכט דעם רויטן שטול און געוואָלט אויסגעפינען צי ס׳איז שוין דער סוף?

און אזעלכע פאַלן זיינען געווען נאָך און נאָך.

און ניט איין מאָל האָב איך א ווילדער מיינע פויסטן צום הימל געהויבן, געפּאָדערט אַז אויסוועג פון דער געדיכטער נעץ מיט צופאַלן, געבעטן א סימן, אז אין אלץ איז פאראן א זינען, א צוועק.

זיין מאיעסטעט האָט אָבער צו מיר קיין איינציקן מאָל זיין קאָפּ ניט אויסגעדרייט, מיר קיין איינציקן בליק ניט געשאָנקען.

נאָר איך בין זיכער, אז זיין מאיעסטעט קען מיך, ווייסט וועגן דעם טראָפּן, וואָס האָט זיין ווילן באגריפן, וועגן שטויבעלע, וואָס שטאמט פון אים אליין, וועגן אטאָם, וואָס קומט פון זיין אייגענער ברוסט.

און איך ווייס:

אז ווען ער וועט אמאָל אומגעדולדיק אויסדרייען דעם קאָפּ און אף מיר ווארפן זיין בליק — וועט עס זיין מיין סוף. עס וועט מיינען, אז ער וויל שוין מיך מער ניט דולדען, וויל שוין מער מיין שטאָלץ ניט איבערטראָגן. דאָס וועט מיינען, אז מיין צייט איז געקומען. — — —

און די קויל וועט מיך שוין דאַן טרעפן, די גיפטיגע ציינער פון א שלאנג וועלן שוין ניט אויסמיידן מער אפילו מיין פארדעקטן קערפּער און קיין קוסט וועט זיך ניט אונטעררוקן, ווען כ׳וועל זיך אין אן אָפּגרונט קייקלען.

אפילו דער אַלמעכטיקסטער פון די געטער האָט ניט ליב מען זאָל אים קענען צ.פּיל.

און מיר זיינען דאָך בלויז שפּילצייג, און אַ שפּילצייג דאַרף קיין קשיות ניט שטעלן. עס דאַרף זיך בלויז העלפן שפּילן, זיך העלפן שפּילן...

# שפּעטע בלומען

די לעצטע טעג פון סעפּטעמבער. גאַנץ פרי. ביינאַכט איז געגאַנגען אַ רעגן, און די לופט, אָנגעזאַפּט מיט וואַסער־שטויב, באַוועגט זיך לאַנגזאַם און שווער, ווי אין אַ נעבל. דער שמוציק־גראָער הימל האָט זיך אַראָפּגעלאָזט גאָר נידעריק און גליטשט זיך כמעט ווי איבער די דעכער.

די ביימער, נאָך גאַנץ געדיכטע און גרינע, באַוועגן זיך לאַנגזאַם און פאַרטראַכט. זייער געדיכטקייט איז שוין אָבער דורכגעוועבט מיט געלע האַלב־פאַרטרוקנטע בלעטער, וועלכע שמייכלען איראָניש און זיכער אַרויס פון דער גרינקייט. ווען דאָס ווינטל גיט אַ בלאָז, נעמען געלע בלעטער פאַלן און מאַכן געדיכטער דעם קולים אויף דעם נאַסן וועג.

אָסיען איז געקומען.

קאַלט און טרויעריק אויף'ן האַרצן. לייכטע שאָטנס שפּינען זייער געוועב אין די ווינקלען פון מיין צימער און שעפּטשען מיר פון דאָרטן וועגן טרויער, איינזאַמקייט, גראָע טעג און קאַלטן, דריבנעם רעגן.

אָסיען איז געקומען.

פאַרוואָס געפינט זיך אין אַזאַ טאָג ניט נעבן מיין זייט יענץ פרוי, וועלכע זאָל פאַר מיר זיין די שענסטע און די בעסטע אין דער וועלט? וועמעס ווייכע הענט זאָלן מיין האַרץ קענען גלעטן, עס אָנפילן מיט גליק און רו, וועמעס אויגן זאָלן דעם פלאַץ פון דער זון פאַרנעמען און אָט־דעם גראָען אָסיען־טאָג אין אַ פרילינגס־טאָג פאַרוואַנדלען?

וואו איז זי, יענע וואונדערבארע פרוי, וועלכע פלעגט אזוי אָפט צו מיר, אין מיינע טרוימען קומען? פארוואָס מיידט זי אזוי הארצלאָז אוים מיין וועג? האָט זי אויך וועגן מיר אמאָל געטרוימט? צי אפשר זוכט זי מיך נאָך אצינד ארום אף וועגן און שטעגן און, ווי איך, זיצט זי איינזאם אין דער מי־נוט בא א פענסטער ערגעץ־וואו, קוקט אפ׳ן גרויען הימעל, טראַכט פון מיר, און א טרער פאלט לאנגזאם אף אירע פאר־בראָכענע הענט?

אַך, אָסיען, ווי אומדערטרעגלאָך שווער עס איז צו זיין מיט דיר אליין אין א גרויען, קאַלטן, רעגנדיקן טאָג!

פונקט אנטקעגן מיין פענסטער שטייט א יונגער עפּלבוים. אין פרילינג האָב איך אים בייטאָג און ביינאַכט געזען איינגע־טונקען אין א צארטן וואָלקן ווייס־ראָזאָווע בליטן. עס איז געגוג געווען איין בליק צו געבן אף אים פון ווייטנס, אָדער פון נאָענט, א צי טאָן אין זיך דעם ריח פון זיין צוויט, דאָס הארץ זאָל האַסטיקער א גיי טאָן, און טרוימען זאָלן זיך נעמען וועבן. אין די לבנה־נעכט האָט דער בוים אויסגעזען, ווי א כלה אין א חופה־קלייד, וועלכע ווארט מיט א הארץ פול מיט שרעק און גליק אפ׳ן קומען פונ׳ם חתן, וועלכער דארף זי, א שעמעוודיקע, א ציטערנדיקע, דאָס ערשטע מאָל צו זיך אין הויז אריינפירן.

שפּעטער זיינען די בליטן פארשוואונדן. דער בוים איז ווי העכער, געדיכטער און ברייטער געוואָרן, און הונדערטער קליינינקע גרינינקע עפּעלאָך האָבן מיט גרינע אויגן אף גאָט׳ס וועלט געגומען קוקן.

אינמיטן זומער איז דער בוים געדיכט געווען באדעקט מיט גרויסע עפּל, און זייערע רויטע בעקלאָך האָבן אים ענלאָך געמאַכט צו א געזונטער, הויכער, צופרידנגעשטעלטער יונגער פרוי, וועלכע שטייט א באהאנגענע מיט איר בעסטן צירונג און ווארט געדולדיק אפ׳ן קומען פון איר מאַן.

דערנאָך זיינען פון ערגעץ אָנגעקראָכן קאַליכטע, האָריקע ווערים און, קופּעסווייז, זיך א לאָז־געטאָן איבער די ברייט־

צעוואַקסענע צווייגן. קיינער האָט קיין צייט ניט געהאַט מיט'ן בוים זיך אָפּצוגעבן, אים פון די ווערים אָפּצורייניקן. אין צוויי־דריי וואָכן אַרום איז ער שוין געשטאַנען אַ נאַקעטער, כמעט אָן בלעטער. די ניט־צייטיק געוואָרענע עפּל האָבן גע־נומען פאַלן אויף דער ערד, און די איבערגעבליבענע זיינען געווען דורכגעלעכערט און האַלב־פאַרפוילט. און די ווערים האָבן גענומען פאַרשפּינען מיט אַ גרויען געוועב די צווייגן און פאַרטיק מאַכן באַקוועמע, וואַרימע לופט־הייזלאַך פאַר זייער צוקונפטיקן דור.

און אַצינד האָט דער בוים אויסגעזען, ווי אַן אַלמנה, וואָס שטייט אַ פאַרלאָזענע אין אָפּגעריסענע קליידער בײַ דער צעטיי־לונג פון וועג און בעט אַ נדבה.

אָבער דאָ ניט לאַנג, אין אַ פרימאָרגן, האָב איך דורך מיין פענסטער באַמערקט, ווי ניט קיין גרויסער זייטיגער צווייג פונ'ם עפּל־בוים, וועלכער האָט אַ גאַנצן זומער געהאַנגען שוואַרץ און שטום, האָט זיך פּלוצלונג באַדעקט מיט צאַרטע ווייס־ראָזעווע בליטן.

אַ טרויער, כמעט אַ וויי, איז אין מיין האַרצן געבוירן גע־וואָרן. כ'בין שנעל אַרויס אין גאָרטן, צוגעשטעלט אַ לייטער צום בוים און פאָרזיכטיק גענומען באַטראַכטן דאָס אַזוי שפּעט צעבליטע צווייגל. דערנאָך האָב איך עס אָפּגערייניקט פון אַלע ווערים־נעסטן און געפילט, אַז עפּעס אין מיר אַליין, אָדער אין מיין פאַרגאַנגענעם לעבן, איז פאַראַן אַזעלכעס, וואָס האָט אַ שייכות צו אָט־די בליטן. איך האָב זיך ניט געקאָנט גלייך דער־מאָנען וואָס, אָבער כ'האָב גענומען היטן דאָס צווייגל. כ'האָב געוואוסט, אַז מיין אַרבעט איז אומזיסט, אַז אויב ניט די ווערים, וועלן די קעלטן גיך פאַרניכטן די צאַרטע בלומען. כ'האָב אָבער אַנדערש ניט געקאָנט.

די פרילינג־בליטן אין קאַלטן אָסיען האָבן מיך געפאַנגען.

און איינמאָל, נאָך אַ קאַלטער ווינטער־נאַכט, קוקנדיק אויף די צאַרטע בליטן, וועלכע זיינען האַלב־צוזאַמענגעדריקטע שוין

אף דער ערד געלעגן, האָב איך זיך דערמאָנט אָן קלאַראַ'ן. דער־מאָנט און פאַרשטאַנען, פאַרוואָס אָט־די שפּעטע בלומען האָבן אין מיר אַזאַ טרויער דערוועקט. — — — — — — — — — —

אין דער שטאָט ניקאָלאַיעוו האָב איך זיך מיט איר באַ־געגנט, מיט אַ יאָר צען צוריק. אַלט בין איך דאַן געווען אַ יאָר פיר־און־צוואַנציק. איך בין געקומען צו־גאַסט אַף צוויי וואָכן צו אַ גוטן פריינט, באָרים גאָלדמאַן, אַ סטודענט פונ'ם אָדעסער אוניווערזיטעט, וועלכער האָט פאַרבראַכט יעדן זומער אין ניקאָלאַיעוו בא זיינע רייכע עלטערן. איך האָב אים גע־לאָזט וויסן, אַז איך קום, און ער האָט מיך מיט עטלאַכע פון זיינע באַקאַנטע באַגעגנט באַם שיף. פריילאַכע, אויפגערעגטע פון דער באַגעגעניש, זיינען מיר אַלע אַהיימגעפאָרן אַף עטלאַכע איזוואָזטשיקעס.

באָרים'עס עלטערן האָבן מיך זייער פריינטלאַך אויפגע־נומען און אַף דער נאַכט, לכבוד מיר, צונויפגערופן אייניקע נאָענטע פריינט און גוטע באַקאַנטע. צווישן זיי איז אויך געווען מאַדאַם קלאַראַ פּאַניש.

נאָך דער וועטשערע האָט זיך באָרים'עס אינגערע שוועסטער צוגעזעצט צו דער פּיאַנאָ. די געסט האָבן זיך לאַנג ניט גע־לאָזט בעטן, און גיך האָבן זיך שוין פאַרלאָף געטראָגן איבער'ן גרויסן צימער אונטער די צאַרטע קלאַנגען פון אַ מעלאַנכאָלישן וואַלס.

איך מיט באָרים'ן זיינען געזעסן אַף אַ ווייכן דיוואַן אין אַ ווינקל, און ער האָט, מיט זיין שטענדיקן הומאָר און שאַרפזין, כאַראַקטעריזירט פאַר מיר יעדן גאַסט באַזונדער. איינער איז, נאָך זיין מיינונג, געווען אַן אייזל אין אַ מאַרקסיסטישן פעלץ; דער צווייטער, אַ געבוירענער האַז, וועלכער רעדט שטענדיק בלויז וועגן העלדן און העלדן־טאַטן; דער דריטער — גלאַט אַזוי אַ פערד אין ברילן. איין יונגע פרוי האָט ער אָנגערופן: די מאָדערנע אַספּאַזיאַ, מיך געראַטן זיך צו פאַרליבן אין איר און געגעבן סאָלידע האָפנונגען; פון דער צווייטער האָט ער מיר

געהייסן זיך היטן, ווייל דער גייסט פונ'ם גרויסן סאָקראַטעס'עס קליינער, שלעכטער ווייב לעבט אין איר; אַ דריטע האָט ער מיר פאַרגעשטעלט אַלס אַ ליידנשאַפטלאַכע ליבהאָבערן פון לעבעדיקע שרייבער און טויטע פּאָעטן און מיך געוואָרנט זיך צו היטן פאַר איר, ווייל זי ווייסט שוין, אַז כ'בין אַ שרייבער.

ווענן דער מאַדאַם פּאַניש האָט ער מיר אָט־וואָס געזאָגט:

— קוק זי נאָר גוט אָן. זי דאַרף שוין זיכער זיין אַ יאָר זעקס־ אָדער אַכט־און־דרייסיק, און איך פאַרזיכער דיך, אַז זי איז אין אַלע הינזיכטן פיל אינטערעסאַנטער פון אַלע אונזערע מיידלאַך. אַמאָל איז זי געווען גאָר אַ שיינהייט. מיר רופן זי „ניאבא", ווייל זי איז קאַלט און גלייכגילטיק צו אַלע אונזערע מענער, פּונקט ווי די פאַרשטיינערטע „ניאבא" פון דער גריכי־שער מיטאָלאָגיע איז געווען. איך געדענק, מיט צוויי יאָר צוריק האָבן זיך דאָ איינמאָל עטלאַכע פון אונזערע ערפאָלג־רייכסטע פרויען־העלדן געוועט איר האַרץ צו פאַנגען. זיינען זיי אָבער אַלע גאַנץ מיאוס דורכגעפאַלן. דער טייוול ווייסט זי, צי איז זי פאַרליבט אין איר מאַן, צי זי האָט פאַרשטאַנען זייער אבזיכט. זי האָט זיי אויסגעלאַכט און געראַטן זיך ניט נאַריש צו מאַכן. וואָלט כאָטש איר מאַן עפּעס אַ פאַרשוין געווען! איז דאָס אויך ניט. זי האָט צוויי שיינע קינדער, מיט וועלכע זי שיידט זיך קיינמאָל ניט. דער טייוול ווייסט זי. עס דאַרף זיין עפּעס אַ געהיימניס אין איר לעבן. קיינער האָט אָבער פון איר דערוויייל קיין וואָרט ניט אַרויסגעקראָגן. זי קאָן האַלטן אַ סוד.

איך האָב זיך אויפמערקזאַם איינגעקוקט אין דער מאַדאַם פּאַניש. זי איז געווען עטוואָס העכער פון מיטעלן וואוקס און זייער עלעגאַנט. די ליניען פון איר לענגלאַכן פּראָפיל זיי־נען געווען אויסערגעוויינלאַך צאַרט, און איר יעדער אבר האָט זיך אויסגעצייכנט מיט אַ פאַרענדיקטער קיילאַכדיקייט. זי האָט אויסגעזען פון וויטנס נאָך גאַנץ יונג. בלויז שפּעטער, צוקומענדיק צו איר אַביסל נענטער, האָב איך אַרום אירע אויגן

און מויל באַמערקט שאָטנס פון לייכטע קנייטשן. אויגן האָט זי געהאַט גרויסע, אויסדרוקספולע, פון אַ וואונדערבאַרן גרוי מיט טונקל־געלע פונקען געמישט. געקוקט האָט זי אָבער מיד, גלייכגילטיק, שטענדיק ערגעץ־וואו נעבן אָדער איבער אייך.

— זי איז גאַנץ אינטערעסאַנט, — האָב איך אים איבער־געגעבן מיין מיינונג. — כ'וועל צוגיין צו איר אביסל שפּעטער. אפשר וועט מיר געלינגען מיט איר זיך אביסל נענטער צו באַקענען. — כ'האָב פאַררויכערט און גענומען אים דערציילן עפּעס אַ געשיכטע פון אַ באַקאַנטער מיידל, וועלכע האָט זיך גע'סמ'ט צוליב אַ ניט־געלונגענעם ראָמאַן.

מאַדאַם פּאַניש איז פּלוצלינג צוגעקומען צו אונז.

— איר ווייסט, באָרים, — האָט זי אַ שמייכל געטאָן, — איר זענט מיר שולדיק אַ חוב.

— איך? — האָט ער זיך פאַרוואונדערט און העפלאַך זיך אויפגעהויבן פון פּלאַץ. — אויב מיין לעבן איז גענוג אים צו באַצאָלן, בין איך צו יעדער צייט פאַרטיק עס צו טאָן.

— דאָס איז שוין אביסל צופיל! — האָט זי זיך צעלאַכט.

— באומער האָט מיר געשריבן, ער האָט מיר איבערגעשיקט מיט אייך אַ גרוס. וואו איז ער?

— אנטשולדיקט! — האָט זיך באָרים אַ כאַפּ־געטאָן, — כ'האָב פאַרגעסן. כ'וועל אייך אָבער זאָגן דעם אמת: כ'האָב ניט געדענקט, ס'זאָל אייך זיין זייער אינטערעסאַנט דעם גרוס צו קריגן.

— איר האַלט מיך, ווי עס ווייזט אויס, פאַר אַ מענער־האַסערן? — האָט זי אַ קרומען שמייכל געטאָן.

— ניט אינגאַנצן, אָבער טיילווייז יאָ, — האָט ער זיך צעלאַכט.

אַ שאָטן איז אַריבער איר פּנים. זי האָט אים גלייך פאַר־טריבן און זיך געצוואונגען אַ שמייכל צו טאָן:

— איך נעם עס אָן אַלס אַ שפּאַס.

איך האָב אָפּגעקערט דעם קאָפּ אויף אַ מינוט, נאָכפאָלגנדיק

א שלאנק, יונג פּארל, וואָס האָט פאַרביי מיר דורכגעשוועבט, און זיך פאַרטראַכט. מיטאַמאָל האָב איך דערפילט אימיצנ׳ס שאַרפן בליק אַף זיך. כ׳האָב שנעל אויסגעדרייט דעם קאָפּ און באַגעגנט מאַדאַם פּאַניש׳ס ברייט־צעעפנטע גאָלד־גרויע אויגן.

זי האָט געקוקט אַף מיר מיט אַזאַ אָנגעשטרענגטקייט און פאַרוואונדערונג, אַז כ׳האָב זיך אַף א ווײַלע פאַרלוירן און צו איר א שוואַכן שמייכל געטאָן.

זי האָט אַף מײַן שמייכל ניט געענטפערט, איבערגעפירט איר בליק אַף באַרים׳ן און געזאָגט צו אונז ביידן:

— קומט צו מיר ביידע מאָרגן פאַרנאַכט אַף טיי. כ׳וועל אײַך מכבד זיין מיט זאַכן, וועלכע איר האָט זיכער אַף אײַער לעבן ניט געגעסן. — זי האָט א קוק־געטאָן צו מיר מיט א לייכטן שמייכל.

— מיט פאַרגניגן! — האָט באַרים געענטפערט. איך האָב זיך אויפגעהויבן און צושטימיק אָנגעבויגן דעם קאָפּ.

זי איז אַוועק, אונז צוּאוואַרפנדיק א שמייכל, און מיר האָבן זיך צוריקגעזעצט אַף אונזערע פּלעצער.

— ס׳איז עפּעס אויסערגעוויינלאַך! — האָט באַרים א הויב־געטאָן מיט די פּלייצעס. — מיר האָבן, ווי עס ווייזט אויס, בא איר זייער אויסגענומען: זי לאַדט זעלטן ווען איין וועמען צו זיך אַהיים.

עטלאַכע באַקאַנטע זיינען צוגעקומען, און מיר האָבן גע־נומען רעדן וועגן עפּעס אַנדערש.

שפּעטער האָב איך א פּאָר מאָל געטאַנצט מיט דער מאַדאַם פּאַניש און געפּרוווט מיט איר פאַרפירן א געשפּרעך וועגן ליבע. זי האָט אָבער ווייניק וואָס גערעדט, אויפמערקזאַם זיך צוגעהערט צו מײַנע ווערטער און צייטנווייז געוואָרפן זייטיקע, פאַרשנדיקע בליקן אַף מיר.

בײַנאַכט, שוין לייגנדיק זיך שלאָפן, האָט באַרים זיך ווי־דער דערמאָנט און געזאָגט:

— איך קאָן ניט פאַרשטיין, וואָס ס'איז היינט פּאָרט מיט אונזער פאַרגליווערטער ניאַבאַ געשען!

— דו רעדסט פון מאַדאַם פּאַניש?

— יאָ. איך קאָן שווערן, אַז זי איז היינט געווען נערוועז. די מאַמע האָט עס אויך באַמערקט און איז ערשטוינט געוואָרן. זי האָט היינט פיל מער געטאַנצט, ווי אין די לעצטע צען יאָר צוזאַמען.

— זי איז אַ פּראַכטפולע פרוי, באָריס, אָבער אַצינד — אַ גוטע נאַכט. כ'וויל שלאָפן.

איך האָב זיך מיט פאַרגניגן אויסגעצויגן אין בעטל.

אַף מאָרגן, זעקס אַזייגער פאַרנאַכט, בין איך מיט באָריס'ן אַריין צו מאַדאַם פּאַניש אין הויז. די טיר האָט אונז געעפנט אַ דינסט, אונז אַריינגעפירט אין אַ זייער רייך־מעבלירטן לעז־צימער און איז אַוועק אָנזאָגן וועגן אונזער קומען.

— הער פּאַניש איז זייער רייך — האָט מיר באָריס אַ זאָג געטאָן, — ער איז דער דירעקטאָר פון אונזער שטאָטישער באַנק און פאַרמאָגט אַ פּאָר צענדליק אייגענע הייזער.

גיך איז הערר פּאַניש אַליין דערשינען.

דאָס איז געווען אַ נידעריק, פּעט מענטשל מיט אַ קיילאַכ־דיק נאַקעט קעפּל, קלוגע, נאָר גאָר קליינינקע אויגן אונטער גרויסע ברילן אין שוואַרצע ראַמען. אַ נאָז האָט ער געהאַט עפּעס גאָר אַ מאָדנע. אַ קורצע, אַ גראָבע, מיט צו גרויסע נאָז־לעכער.

— איר וועט אונז אַנטשולדיקן, — האָט ער שטיל, ווי עטוואָס איינהאַלטנדיק זיין קול, געזאָגט און דערביי לייכט גע־ריבן די הענט. — די פרוי האָט היינט אַ גאַנצן טאָג געפילט ניט איבעריק גוט. זי ליידט די לעצטע צייטן אַביסל פון קאָפּ־שמערצן. אָבער איצט פילט זי שוין בעסער און וועט באַלד אַרונטערקומען.

באָריס האָט געוואָרפן אַף מיר אַ פול־באַדייטנדיקן בליק און מיך פאַרגעשטעלט.

די דינסט האָט אוועקגעשטעלט אפ'ן טיש טיי, פרוכט און זיסע זאַכן. מ'האָט גערעדט פון שטאָטישע נייעס, וועגן באַקאַנטע, וועגן אייראָפּעאישער און רוסישער פּאָליטיק. שפּעטער האָט דער בעל־הבית צוגערוקט א שאַך־טישל און אָנגעהויבן שפּילן א פּאַרטיע מיט באָרים'ן. איך האָב גענומען דורכקוקן די בילדער אין א גרויסן אַלבום, וועלכער איז אף א קליין טישל אין א ווינקל געלעגן.

אַזוי זיינען אַריבער א צען מינוט. באָרים און הערר פּאַניש האָבן זיך פאַרטיפט אין דער שפּיל, און איך האָב זיך פאַרקוקט אף מאַדאַם פּאַניש'ס א בילד, אפּנים, פון איר יוגנט. זי איז געשטאַנען, א שלאַנקע, א צויבערנד־שיינע, אין א ווייסן קלייד, אינמיטן פון א מענים־פעלד. אין איין האַנט א פּילקע, אין דער צווייטער — דער קלאַפּער, און איר שמייכל, דער גלאַנץ פון אירע אויגן, דער עטוואָס אף רעכטס אויסגעבויגענער קערפּער, — אַלעס אין איר האָט מיט א טויזנט־קלאַנגיקער שבֿא געזונגען וועגן יוגנט און ליבע. איך האָב זיך איינגעקוקט אין בילד, און עפּעס א טרויריקער ווארימער געפיל האָט גענומען וואַקסן אין ברוסט.

וואָס האָט געקאָנט צווינגען אָט־דאָס צויבערנדיקע באַשעפעניש, מיט אַזאַ אומבאַזיגבאַרן רוף צום לעבן אין יעדן גליד, חתונה צו האָבן פאַר אָט־אַזאַ נפש, וואָס זיצט דאָ אַנטקעגן מיר און שפּילט אין שאַך? קיין פראַגע, אַז זי ליבט אים ניט. ווי קאָן זי אים ליבן? אָבער וואָס האָט זי פאַרוואַנדלט אין א פאַרגליווערטער „ניאַבאַ"? ווי קאָנען אָט־די פינקלדיקע גאָלד־גרויע אויגן גאָר קוקן קאַלט, און די זאַפטיק־קיילאַכדיקע ליפּן שמייכלען גלייכגילטיק?

מיינע געדאַנקען זיינען מיטאַמאָל ווי אָפּגעריסן געוואָרן: איך האָב דערפילט אף זיך וועמעס בליק. איך האָב אויפגעהויבן דעם קאָפּ און, פונקט ווי נעכטן, באַגעגנט מאַדאַם פּאַניש'ס גרויסע, גרויע אויגן. אָבער בעת נעכטן האָט איר בליק אויסגעדריקט בלויז אָנגעשטרענגטקייט און פאַרוואונדערונג, איז ער

אצינד פול געווען מיט טרויער און בענקשאפט. זי איז גע־שטאנען ניט ווייט פון אונז, אף דעם לעצטן טרעפל פון די שטיגן, וועלכע האבן געפירט פון דעם צווייטן שטאק. זי האט געטראגן א ווייס קלייד און איז, פון ווייטנס, אזוי ענלאך גע־ווען צום בילד, וועלכעס איך האב פאר זיך געהאלטן, אז דאס הארץ האט אין מיר א צאפל געטאן.

א ווײלע האבן מיר זיך איינגעקוקט איינער אין צווייטן. דערנאך האט זי א שוואכן, טרויריקן שמייכל געטאן און זיך געלאזט גיין צו אונז.

זי האט אונז פריינטלאך, אבער עטוואס איינגעהאלטן באַ־גריסט, און מיר האבן זיך גענומען צו דער טיי און פרוכט.

— איך בעט דיך, טייערע, האט הערר פאניש זיך צו דער פרוי געווענדעט, נעם ניט אוועק הער גאלדמאנ׳ען: איך וויל זייער די פארטיע ענדיקן. ער שפילט פיל בעסער, ווי איך האב דערוואַרטעט.

— גוט, איך דערלויב עס, — האט זי א שמייכל געטאן און זיך געווענדעט צו מיר: — אויב איר ווילט קיין טיי ניט מער, קומט, וועל איך אייך ווייזן אונזער גארטן.

— מיט פארגניגן! — איך האב זיך פון פלאץ אויפגע־הויבן.

זי האט מיך אונטער׳ן אָרעם גענומען, און מיר זיינען ארויס פון צימער.

מיר זיינען געגאנגען לאנגזאם, און איך האב געפילט, אז מיט יעדן טריט ווערט איר האנט אין מיינער שווערער, און איר גאנג פארלירט זיין פעסטקייט. איך האב רואיק פארטגעזעצט מיין געשפרעך, אבער אין הארצן האט עפעס גענומען טיאָבקען. פארבייגייענדיק א גרויסן, געדיכטן עפל־בוים, איז זי שטיין געבליבן און זיך א וואקל־געטאן. איך האב זי א נעם־געטאן ארום גארטל און איר אריינגעקוקט אין געזיכט. איר פנים איז געווען ווייס, די אויגן פארמאכט, און די ליפן האבן גע־ציטערט.

— וואָס איז מיט אייך, מאַדאַם פּאַניש? זאָל איך אפשר רופן אייער... — איך האָב געוואָלט זאָגן מאַן, אָבער זיך צו־ריקגעכאַפּט — אייער דינסט?

זי האָט אַ שאָקל־געטאָן מיט׳ן קאָפּ אויף ניין.

איך האָב זי אוועקגעזעצט אויף אַ באַנק, זיך געזעצט נעבן איר און אומרואיק געוואַרט, וואָס וועט ווייטער זיין. כ׳האָב גע־וואָלט עפּעס זאָגן און ניט געקאָנט געפינען וואָס. אַזוי זיינען אַריבער אַ פינף מינוטן. עטלאַכע טרערן האָבן זיך דורכגע־זאַפּט דורך אירע וויעס און שווער פאַרשוואונדן אויף איר ברוסט. דערנאָך האָט זי געעפנט די אויגן, און איך האָב ווידער דער־פילט איר בליק אויף מיין פּנים. איצט האָט זי אים אָבער ניט אָפּ־געווענדעט. זי האָט זיך איינגעקוקט אין מיר מיט אַ צערטלאַכן געבעט און מיט נאָך עפּעס אַן אויסדרוק, וועלכער האָט געוועקט אין מיר אַ פיינלאַכע אומרו און געצונדן די הויט אויף מיין לייב.

כ׳האָב ניט זיכער גענומען רעדן:

— איר פילט היינט ניט גוט? אייער מאַן האָט עס אונז געזאָגט. אפשר וואָלטן מיר צוריקגעגאַנגען אין הויז, און איר וואָלט זיך צוגעלייגט אביסל?

— ווי אַזוי איז אייער ערשטער נאָמען? — האָט זי פּלוצ־לינג שטיל אַ פרעג־געטאָן.

— סאַלאָמאָן, — האָב איך פאַרוואונדערט געענטפערט.

— סאַלאָמאָן, — האָט זי איבערגע׳חזר׳ט, זיך אַריינגע־טראַכט אין דעם וואָרט און שוואַך אַ שמייכל געטאָן.

איך האָב אַלץ געפילט איר טרויעריק לאַשטשענדיקן בליק אויף מיין געזיכט און ניט געוואוסט, פון וואָס ווייטער צו רעדן. אַזוי זיינען אַריבער אַ פּאָר מינוטן. איך האָב געפּרואווט מיט עפּעס זיך אַליין פאַרשטיין צו געבן, וואָס דאָ קומט פאָר, אָבער בשום אופן ניט געקאָנט צוטראַכטן קיין זאַך. עפּעס האָט מיך אי געצויגן, אי געשראָקן.

— ווייסט איר, סאַלאָמאָן, ווי שטאַרק... איך ליב אייך? — האָב איך פּלוצלינג איר קול דערהערט.

איך האב ברייט צעעפנט די אויגן און איר א קוק־געגעבן אין פנים. האט זיך עס מיר אויסגעדאכט? צי אפשר לאכט זי פון מיר?

דאס רעכטע ווינקל פון איר מויל האט, צוקנדיק, פיינלאך געשמייכלט, און די אויגן זיינען געווען פול מיט טרערן. איך האב זיך פארלוירן און ניט געוואוסט, וואס צו ענטפערן.

און זי האט שטיל, ווי פאר זיך, מיט א ציטער אין קול, גענומען רעדן:

— טראכט וועגן מיר אלץ, וואס איר ווילט. איר האט א רעכט דערצו. אבער גלויבט מיר, איך בין ניט פון יענע פרויען, וועלכע זוכן געלעגנהייטן צו ראמאנסירן, זוכן וועמען דעם קאפ צו פארדרייען. איך דערקען זיך ניט. איך האב פאר זיך אליין מורא. ווי א קליין קינד, בין איך אצינד ניט פאר־אנטווארטלאך פאר מיינע רייד און טאטן. פון דעם ערשטן מאמענט אן, ווי איך האב אייך נאר דערזען, האב איך דערפילט, ווי אן אפגרונט וואלט זיך אונטער מיינע פיס געעפנט. איך האב זיך דערשראקן, געוואלט אנטלויפן און ניט געקאנט. איך האב זיך אליין אויפגעהערט צו גלויבן, זיך אליין אויפגעהערט צו דערקענען. ווען אימיצער דערציילט מיר פריער פון אזא פאסירונג, וואלט איך זיך אויסגעלאכט. עס איז עטוואס שרעק־לאכעס, סאלאמאן, אומפארשטענדלאכעס! עס קומט אן, ווי א מגפה, ברעכט אויס, ווי א פייער, און מען דערפילט קלאר, אז מיט אלע פעסטגעשטעלטע באגריפן און פרינציפן איז מען אבסאלוט גארניט קעגן די געהיימע נאטור־קרעפטן, וואס ליגן אין אונז אליין באהאלטן. אך, גאט מיינער! וואס רייד איך! וואס טו איך? — זי האט גענומען ברעכן די הענט.

איך האב אירע הענט אין מיינע גענומען.

— אום גאטעס ווילן, מאדאם פאניש, בארואיקט אייך. גלויבט מיר, איך וועל קיין שלעכטס וועגן אייך ניט טראכטן. איך פארשטיי אייך זייער גוט. אבער... עס איז אזוי אומדער־ווארטעט פאר מיר.

— פּונקט ווי פאַר מיר, — האָט זי דורך טרערן געענטפערט.

— נו, באַרואיקט אייך, באַרואיקט אייך! — האָב איך זיך עטוואָס נענטער צוגערוקט, ניט אויפהערנדיק צו גלעטן אירע הענט.

— איך בין נעכטן גיך אַוועק פון די גאָלדמאַנס. געמיינט, איך וועל זיך אין דער היים באַרואיקן. עס האָט אָבער ניט געהאָלפן. אָה, וואָס פאַר אַ שרעקלאַכע נאַכט איך האָב פאַרבראַכט און וואָס פאַר אַ שווערער טאָג עס איז פאַר מיר געווען. יעדע מינוט ערוואַרטונג — אַ יאָהר; יעדע שעה — אַן אייביקייט. און באַם געדאַנק טאָמער קומט איר ניט. — זי האָט אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אויף אַ זייטל פון דער באַנק און מיט אַלע כחות זיך באַמיט איינצוהאַלטן דאָס געוויין.

איך האָב זי אַרומגענומען, געגלעט אירע האָר, ניט געוואוסט וואָס מיט זיך אַליין און מיט איר צו טאָן און זי אַלץ געוואָלט באַרואיקן.

— וויינט ניט. גלויבט מיר, עס וועט איבערגיין. איר וועט פאַרגעסן. איר האָט אַ גוטן מאַן, וועלכן איר... ווי איך האָב געהערט, ליבט זייער שטאַרק.

זי האָט האַסטיק אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דורך די צוזאַמענגעפּרעסטע ליפּן לאַנגזאַם ווי אַרויסגעדריקט פון זיך צעלאַכע ווערטער:

— ס'איז ניט אמת! איך קען אים ניט פאַרטראָגן! וואָס ווייסן זיי און צו וואָס דאַרפן זיי עס וויסן?

— וואָס־זשע צווינגט אייך צו וואוינען מיט אים? — האָב איך פאַרוואונדערט געפרעגט.

זי האָט אויפגעציטערט:

— פרעגט מיך ניט, טייערער! ס'איז צו שווער אין איבעריק פון דעם צו ריידן. מענטשן האָבן ליב אויף יענעמס רחמנות צו האָבן. איך דאַרף אָבער ניט זייער מיטלייד.

איך האָב געפילט, ווי אָט די פרוי, וועמעס קערפּער עס

ציטערט נעבן מיר, ווערט מיר מיט יעדער מינוט אלץ נענטער, ווי איר ווי אוןביינקשאפט דרינגען אריין אין מיין נשמה, און מחנות ווייכע און צארטע ווערטער שווימען פון ערגעצוואו ארויף און רייסן זיך פון אינווייניק.

— איך בעט אייך, ליבער פרעמדער, אורטיילט מיך ניט צו שווער. איך ווייס ניט, איך קען ניט אנדערש. ס'איז אן אומגליק געשען... כ'בעט ניט קיין ליבע פון אייך, כ'האב אבער קיינעם אין מיין לעבן ניט געליבט. — זי האט פארדעקט דעם פנים מיט די הענט און צוגעשפארט דעם קאפ צום זייטל פון דער באנק.

איך האב זי פעסטער צו זיך צוגעצויגן.

— ווי אזוי הייסט איר?

— קלארא!

— הערט מיך אויס, קלארא טייערע! — איך האב געפילט ווי עפעס א מאדנער פייער האט אנגעפילט מיין הארץ. איך בין פארטיק געווען אלץ אין דער וועלט צו טאן אבי צו בארואיקן די ליידנדיקע פרוי, אבער איך האב אין דערזעלבער צייט גע־פילט, אז איך אליין לייד מיט דיזעלבע ליידן, און זי, בלויז זי, קען מיך בארואיקן. — הערט מיך אויס: איך בין געקומען אהער אף צוויי וואכן צייט און איך גיב זיי אייך אוועק אינ־גאנצן. איך וועל טאן פאר אייך אלץ, וואס איר וועט נאר פאר־לאנגען! אבער, אום גאטעס ווילן, מיינט ניט, אז איך וועל אייך טאן א טובה מיט דעם, אז איך האב אף אייך מיטלייד. פון דעם טראכט אפילו ניט, ווייל איר וועט מיר זיכער געבן מער גליק ווי איך אייך. זאגט מיר בלויז וואו כ'וועל אייך קענען אלע טאג זען. איך גלויב, אז די צוויי וואכן וועלן אפשר זיין פון די שענסטע ניט נאר אין אייער נאר אויך אין מיין לעבן. גלויבט איר מיר, קלארא?

איך האב מיט כח אויסגעדרייט איר קאפ צו זיך און זי פעסטער ארומגענומען.

מיט ברייט אפענע, דערשראקען־גליקלאכע אויגן האט זי זיך

איינגעקוקט אין מיר. אירע ציטערנדיקע ליפּן האָבן עפּעס ניט קלאָרעס געמורמלט. איר פּנים איז זייער ענלאַך געווען צו איר יוגנד־בילד, וואָס איך האָב דאָ ערשט ניט לאַנג אין די הענט געהאַלטן.

— קלאַרא, מיין טייערע, טייערע פריינט! — האָב איך שטיל אַ זאָג געטאָן און צוגעדריקט מיינע ליפּן צו אירע. זי האָט שטיל געקרעכצט, פלאַטערנדיק מיט'ן גאַנצן קערפּער זיך צו מיר געצויגן, און איך האָב געפילט ווי אירע טרערן קייקלען זיך איבער מיין געזיכט.

— — — און אַזוי איז עס ווייטער געגאַנגען. אַלע טאָג, און אָפט צוויי מאָל אַ טאָג, פלעג איך זיך זען מיט קלאַרא'ן. אַמאָל פלעג איך זי באַזוכן בא איר אין דער היים, און אָפט פלעגן מיר זיך טרעפן אין באַשטימטע פלעצער אויסער'ן שטאָט. זי האָט געברענט, ווי אַ ליכט אָנגעצונדן פוןביידע זייטן און מיך מיטגעריסן מיט זיך. די קנייטשן אַף איר פּנים זיינען ווי טיפער געוואָרן, אָבער אירע אויגן און שמייכל האָבן געשיינט ווי די פרילינג זון.

אַ גאַנצן לעבן האָט זי געוואַרט אַף דעם דאָזיקן געפיל. און אַצינד, ווען עס איז געקומען, האָט זי געוואוסט די צאָל שטונדן וואָס איר גליק וועט בא איר פאַרווילן און געציילט די מינוטן פון איר ליכטיקן יום־טוב. זי האָט זיך ניט געשראָקן טאָמער וועלן די קומענדיקע טעג פון איר איינזאַמקייט זיין נאָך שווערער פון די פאַרגאַנגענע. זי האָט העל געברענט און גע־האָפט מיטצונעמען געגוג ליכט און וואַרימקייט אין אירע קומענ־דיקע, איינזאַמע טעג.

עלף ליכט, נאָך דער צאָל פון די טעג, האָט זי בא זיך אין דער נשמה אָנגעצונדן און אַלע פרימאָרגן, ווען מיר פלעגן זיך שיידן, האָט די אויפגייענדיקע זון אַן אַנדער ליכט אויסגעלאָשן. עלף לעבעדיקע יאָרצייט־ליכט.

איך האָב זיך איבערגעגעבן אין דער מאַכט פון איר געפיל, ווי אַ שיף אין דער מאַכט פון דעם ברויזנדיקן ים. איך האָב

נאָך אַזעלכעס ביז דאַמאָלס ניט דורכגעלעבט. איר ליבע איז שטאַרקער און צאַרטער געווען פון אַלע פרויען־ליבעס, וועלכע האָבן מיך ווען־עס־איז מיט צערטלאַכקייט באַגליקט.

איך האָב גאַנץ גוט פאַרשטאַנען, אַז איך מיט מיין גאַנצער פּערזענלאַכקייט — נאַרישקייט אָדער חכמה — מיט אַלע מיינע מעלות און חסרונות, האָבן אַבסאָלוט גאָרניט געהאַט צו טאָן מיט איר גרויסן פייער־געפיל. זי וואָלט מיך פּונקט אַזוי גע־ליבט, ווען איך שטיי פיל העכער אָדער נידעריקער. ניט איך בין געווען דער שולדיקער אין איר געפיל, נאָר עפּעס אַ סוד, אַ פאַרבאָרגענע קראַפט, וואָס איז אין מיר געלעגן באַהאַלטן אין וואָס האָט געקענט איר פאַרפרוירן האַרץ עפענען און דאָס בלוט אָנצינדן. ווער קען עס באַגרייפן, אָפּשאַצן און געבן צו פאַר־שטיין?

קלאַראַ האָט זיך ווי אינגאַנצן פאַרלוירן אין איר גרויסן געפיל. די גאַנצע ארומיקע וועלט איז פאַר איר אַזוי ווי אָפּגע־שטאָרבן. בלויז די קינדער האָט זי געדענקט און האָט מיט זיי פאַרבראַכט די גאַנצע צייט, וואָס זי איז ניט געווען מיט מיר. זי פלעגט זיך אפילו ווייניק־וואָס קימערן, מען זאָל זיך פון אונ־זערע באַגעגענישן ניט דערוויסן, און מיר איז מיט גרויס מי אויסגעקומען איר רעפּוטאַציע צו היטן.

איך, פון מיין זייט, האָב זיך אַזוי פאַרזיכטיק אויפגעפירט, אַז אפילו מיין פריינט באָרים האָט קיין זאַך ניט פאַרדעכטיקט. מיין אָפּטע אָפּוועזנהייט האָב איך אים פאַרשטיין געגעבן מיט אַן אַלטער ליבע, וועלכע איך האָב דאָ אין שטאָט צופעליק געטראָפן.

באַ איר אין גאָרטן, אויף דער באַנק אונטער׳ן געדיכטן עפּל־בוים, פלעגן מיר זיך אָפט טרעפן באַנאַכט און פאַרברענגען ביז גאַנץ פרי. דער גוטער בוים האָט אויפריכטיק געהיט אונזער סוד, זאָרגפעלטיק באַהאַלטן אונז אין זיין טונקעלן שאָטן און צויבערנדיקע מעשה׳לאַך מיט זיינע בלעטער־צונגען דערציילט.

— דו זעסט, טייערער, — האָט זי מיר אין אַ ביינאַכט אָנגעוויזן אַף אַ גראָבן צווייג פון דעם עפּלבוים. — אָט דער צווייג איז אַן אויסערגעוויינלאַכער: אין פּרילינג און אַ גאַנצן זומער, ווען דער בוים צוויטעט און באַדעקט זיך מיט גרויסע עפּל, הענגט ער אַ שוואַרצער, אַ טויטער. אָבער אָסיען־צייט, ווען די עפּל פאַלן שוין צייטיקע צו דער ערד, ווען קאַלטע ווינטן רייסן די געלע בלעטער און טוען אויס דעם בוים נאַקעט, דאַן צובליט זיך דער צווייג, באַדעקט זיך מיט ווייסן צוויט. איך קוק אַף אים און מיר ווילט זיך שטענדיק וויינען. איך ווייס, אַז זיינע טעג זיינען געציילטע. די קאַלטע ווינטן און אָסיען־רעגנס וועלן גיך פאַרניכטן דעם צוויט און מיט אַן אָפּן הארץ און ניט דערפילטע טרוימען און וואונשן וועט ער מוזן דעם טרויעריקן ווינטער באַגעגענען. — — —

זי האָט אַ ביטערן שמייכל געטאָן:

— בין איך ניט אַצינד מיט מיינע שפּעטע ליבעס־בלומען ענלאַך צו אָט דעם שוואַרצן, טויטן עפּל־צווייג? אַ קאַלטער, טויטער ווינטער וועט גיך מיין הארץ באַגעגענען, ווייל עס האָט גענומען צוויטן אין דעם אָסיען פון מיין לעבן. — — —

טאַקע אונטער אָט דעם עפּלבוים האָבן מיר אונזער לעצטע נאַכט פאַרבראַכט. זי איז געווען ווי וואַנזיניק. איך האָב גע־וואָלט נאָך אַ פּאָר טעג פאַרבלייבן, זי האָט מיך אָבער געבעטן עס ניט צו טאָן. אין אַגאָנישע איבערגאַנגען פון משוגע'נער ליבע און טרערן צו גלייכגילטיקייט און מידקייט און צוריק, איז די צייט געלאָפן. ווער קען עס געדענקען פון וואָס זי האָט גערעדט און וואָס איך האָב איר געענטפערט?! עס איז געווען אַ קאָשמאַר, אַ זיסער, פיבערהאפט־פיינלאַכער חלום אַף דער וואָר. זי האָט גאָרניט געבעטן און איך האָב איר קיין זאַך ניט צוגעזאָגט. מיר האָבן, דאַכט זיך, גאָר וועניק גערעדט. אָבער אירע אויגן, דעם אויסדרוק פון איר געזיכט האָב איך לאַנג לאַנג ניט געקענט פאַרגעסן.

ס'האָט שוין געטאָגט, ווען מיר האָבן זיך צושיידט. זי איז צוגעגאַנגען מיט מיר ביז'ן הינטערשטן טירל פונ'ם גאָרטן. דער לעצטער קוש, איר לעצטער טיפער קרעכץ, און איך בין שוין פון יענער זייט טירל. זי נעמט זיך וואַקלען, כאַפּט זיך אָן פאַר אַ שטאַם פון אַ בוים. איך לויף צוריק.

— גיי, גיי שנעלער! האָב רחמנות! — רייסט זיך בײַ איר אַרויס אַ יאָמער פון צווישן די פאַרפּרעסטע ציין.

איך קוש זי, און בין שוין ווידער אין גאַס. איך קוק זיך אום. זי לאָזט זיך מאַכטלאָז אַראָפּ אַפ'ן גראָז נעבן בוים. איך וויל צוריקגיין, אָבער באַם סוף פון גאַס באַווייזן זיך מענטשן און איך גיי ווייטער, גיי שנעל און דאָס האַרץ באָדט זיך אין בלוט. — — — — — — — — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — —

אַך, גאָט מײַנער, עס גיסט שוין ווידער אַ רעגן. דער הימל האָט זיך אַזוי נידעריק אַראָפּגעלאָזט, אַז ער גרייכט שוין ממש די נאַסע דעכער פון די הײַזער. די בוימער רוישן אַזוי טרויעריק און די געלע בלעטער פאַלן, פאַלן. — — —

דער יונגער עפּלבוים געגנאיבער מײַן פענסטער שטייט אַ טונקעלער, אַ נאַקעטער. בלויז איין צווײַג, איין צווײַג שפּעטע בלומען האַלט אין אָפּשטאַרבן אַ ניט־דערצוויטעטער, אַ ניט־דערוואַרעמטער.

ווי קורץ די טעג פון אונזער לעבן זײַנען און וויפיל פון זיי גייען אַוועק מיט גאָרניט, פאַרשווינדן אָן אַ טראָפּן ליבע, גליק, זונען־שײַן אָדער פרייד! אַזוי פיל טעג! ווער וועט זיי אונז אומקערן? פירט ווער אַ חשבון פון די ניט־ערפילטע טרוימען, שטילע טרערן און צוטראָטענע מענטשלאַכע חלומות? וועט דאָס לעבן ווען־עס־איז אומקערן איר חוב צו די שפּעטע בלומען?

אַך, אַסיען, ווי אומדערטרעגלאַך שווער עס איז צו זײַן מיט דיר אַליין אין אַ גרויען, קאַלטן, רעגנדיקן טאָג!

# ווען מען די געטער ליבן

„וועמען די געטער ליבן, דער שטאַרבט יונג".

פאר די ארומיקע איז געווען בלויז א צופאל, וואס דעם יונגן דראמאטורג גארטמאַן'ס דריטע פיעסע איז מיט אזא ריזיקן ערפאָלג אויפגעפירט געווארן פונקט צום טאָג פון זיין צוויי און־דרייסיק יאָריגן געבורטסטאָג. זיינע אינטימע פריינט האָבן עס אפילו צוגעשריבן צו זיין אויסערגעוויינלאכן מזל.

מיט א נאכט פריער האָט ער געזען זייער א מאָדנעם חלום:

אים האָט זיך געדאכט, ער שטייט אין דער מיט פון א גרויסן זומפ, וועלכער איז פארצויגן מיט א געדיכטן, זאפטיק־גרינעם, גראָזן־טעפיך. אין פילע פלעצער ארום אים, האָבן פונ'ם גראָז ארויסגעקוקט גרויסע, פלאכע, קריינקלאך־געלע בלומען. זייערע קיילאכדיקע בלעטלאך זיינען געווען געפאסט אין שווארצע זוימען און דורכגעוועבט מיט בלוט־רויטע אָדערלאך. זיי האָבן אויסגעזען ווי טויטע, געלע אויגן פונ'ם זומפ. אים האָט זיך פארוואָלט א שמעק טאָן איינע פון אָט די אויסטערלישע בלומען. זינקנדיק אין זומפ, האָט ער זיך צוגעשלעפט צו דער ערשטער פון זיי, און זי אָפגעריסן. נאָר גלייך ווי ער האָט זי צו דער נאָז צוגעטראָגן, איז זי אין שטינקנדיקן שטויב פארוואַנדלט געווארן. א פארוואונדעטער האָט ער נאָך עטלאכע בלומען אָפגעריסן, אָבער מיט די זעלבע פאָלגן. ער האָט זיך דערשראָקן און גענומען לויפן, זוכנדיק א וועג פונ'ם שרעקלאכן פלאץ. דער גרינער צודעק האָט געפלאַטערט אונטער זיינע

פיס, און ביי יעדן טריט געשראָקן מיט'ן טויט. פּלוצלינג האָט ער גלייך פאַר זיך דערזען ליגן אַ מאַן. ער איז שטיין געבליבן און זיך גענומען איינקוקן. דער קערפּער איז געלעגן צוזאַמענגעקאָרטשעט, די רעכטע האַנט אויסגעצויגן אויף פאָרויס, דאָס פּנים גרין געל און פון צווישן די פאַרקלאַסטערטע, שוואַרצע האָר האָבן אַרויסגעקוקט רעשטלאַך פון אַ לאָרבער קראַנץ. ער איז צוגעגאַנגען נענטער. דער ריח פון נבלה האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין דער נאָז און ער האָט דערזען, אַז דעם טויטנס פּנים באַוועגט זיך לייכט, אַן איבערגעפּילטעס מיט שווייבלנדיקע ווערים. זיין גאַנצער קערפּער האָט זיך אַ טרייסל געטאָן. ווי געגן זיין ווילן, האָט ער זיך גענומען איינקוקן. דעם יונגן־מאַן'ס פּנים איז אים ווי אויסגעקומען גוט באַקאַנט. מיט אַמאָל האָט ער זיך אַ וואָרף געטאָן אויף צוריק: ער האָט אין טויטן זיך אַליין דערקענט.

אַ גאַנצן פרימאָרגן האָט ער זיך געפונען אונטערן שווערן איינדרוק פונ'ם חלום. דאָס לעבן האָט מיט אַמאָל אָנגעוואָרן פאַר אים אַלע פאַרבן און קלאַנגען. ער האָט אפילו ניט געקענט זיך אַריינטראַכטן אין דעם וואָס אין אים קומט פאָר.

מיטאָג צייט האָט זיך צו אים אין סטודיאָ אַריינגעריסן אַ חברה יונגע אַרטיסטן און פריינט מיט פראָלרענס'ן, זיין געליבטער, אין דער שפּיץ. אַלע ווינקלאַך האָבן זיך מיט אַמאָל אָנגעפּילט מיט טומל, הילכיקן געלעכטער און בויגיקע באַוועגונגען. מען האָט גערעדט וועגן דער לעצטער בילדער אויסשטעלונג, וועגן נייסטן בוך פּאָעזי, וועגן דער היינטיקער ערשטער אויפפירונג פון גאַרטמאַן'ס דראַמע.

און גאַרטמאַן'ס געדריקטע שטימונג איז זיך צושוואָומען אין רוישיקן שטראָם פון זיינע פריינט. די קעלט איז זיך צעגאַנגען אונטער פלאָרענס'ס דינע שמעקנדיקע פינגער און אַ פיבערהאַפטע וואַרימקייט האָט זיך איבערגעגאָסן דורך אירע ליפּן אין זיין בלוט אַריין.

דערנאָך איז געקומען דער אָוונט און געבראַכט אַן אומ־

געהייערן ערפֿאָלג. זיין דריטע פּיעסע איז אויפגענומען גע־וואָרן מיט ענטוזיאזם. ער איז געווען ווי אין א חלום. צוערשט די נערוועזע, פול מיט שרעק און צווייפל, ערוואַרטונג, דערנאָך דאָס פאַר׳שיכור׳רנדיקע גליק פון א גרויסן זיג. טרערן האָבן אים געשטיקט. צענדליקע פריינט, באַקאַנטע און אומבאַקאַנטע האָבן זיך געשטופּט ארום אים, זיינע הענט געדריקט און קיין ווערטער ניט געפונען פאַר אַנטציקונג. און אים האָט זיך גע־דאַכט, אַז צוויי מעכטיקע פליגלען זיינען אויף זיינע פּלייצעס אויסגעוואַקסן און ס׳איז ניט פאַראַנען אזא הויך אונטער דער זון, וועלכע ער זאָל ניט קענען דערגרייכן.

— צי שלאָף איך, אפשר, פלאָרענס? — האָט ער א פּאָר מאָל איבערגעפרעגט די געליבטע, באַטראַכטנדיק מיט ברייט אָפענע אויגן דעם רווישנדיקן טעאַטער עולם.

— ניין, ליבער — האָט זי אים מיט אירע גרויסע, בלויע אויגן באַלויכטן, — ס׳איז קיין חלום ניט. — און זי האָט אונ־טערגעשפּאַרט מיט זיין האַנט איר באַק און לייכט געקושט די שפּיצן פון זיינע פינגער.

אָבער איין מאָל, באַלד ווי דער פאָרהאַנג איז נאָכ׳ן דריטן אַקט געפאַלן, און זיין נאָמען האָט זיך פון מויל צו מויל גע־קייקלט, איינגעוויקלט אין אַפּלאָדיסמענטן, האָט פאַר אים פּלוצ־לינג א שוועב געטאָן דער גרינער זומפּ מיט זיינע פלאַכע, געל־קיילאַכדיקע בלומען. ער האָט קלאָר דערזען פאַר זיך דאָס גרין־שווייבלנדיקע פּנים פונ׳ם ליגנדיקן מאַן און דעם שמוציקן לאָר־בער־קראַנץ אין זיינע האָר.

א קאַלטער שוויים האָט זיין קערפּער באַדעקט און ער האָט זיך מיט שרעק איינגעקלאַמערט אין פלאָרענס׳עס האַנט. ער האָט מורא באַקומען פאַר זיך אליין. ער האָט צוגעמאַכט די אויגן, דער רווישיקער טעאַטער האָט זיך א רוק געטאָן ערגעץ וואו ווייט, און אין דער פינסטערניש פאַר אים האָבן זיך גע־צונדן און שפּאָטיש געלאַכט די געלע, זומפּן בלומען.

אָבער פלאָרענס האָט שוין זיין פּנים מיט איר אָטעם גע־וואַרעמט און אירע פינגער האָבן זיינע אויגן געגלעט.

— וואָס איז מיט דיר, טייערער? פילסטו ניט גוט?

ער האָט זיך איינגעקוקט אין איר פּנים און זיך באַהערשט.

— ניין... שוין פאָריבער.

אין זיין געהער האָבן זיך ווידער אריינגעריסן די אַפּלאָ־דיסמענטן און דער רויש פונ׳ם טעאַטער עולם.

נאָך דער פאָרשטעלונג איז גארטמאַן מיט אַ גרופּע אינ־טימע פריינט אַוועק צו זיך אין סטודיאָ, וואו עס האָט שוין אַף זיי געוואַרט אַ רייך־געדעקטער טיש.

עס זיינען אַנוועזנד געווען אַ חוץ פלאָרענסן: דער שרייבער פון קורצע ערציילונגען לימער מיט זיין פרוי עטעל, דער סקולפּ־טאָר בוירק מיט זיין געליבטער סאָפיע, שאַטער — גארטמאַן׳ס טעאַטער דירעקטאָר, סווינגער דער הויפּט אקטיאָר אין גארט־מאַן׳ס דראַמע, און נאָך עטלאכע, ווייניקער נאָענטע, אַקטיאָרן און שרייבער.

ביז פיר אזייגער פאַרטאָג האָט מען געגעסן, געהאַלטן רע־דעס און שאַמפּאַניער האָט ניט אויפגעהערט אין די גלעזער צו זידן.

דער ערשטער האָט געהערט לימער. ער האָט זיך אליין פאָרגעשטעלט אַלס גארטמאַן׳ס בעסטער און איבערגעבנסטער פריינט. ער האָט דערציילט ווי זיי האָבן פאַר־דריי־וואָכן ביידע אין איין צייט אָנגעשריבן צוויי דראַמען און זיי צוזאַמען אריינ־געטראָגן טאַקע צו אָט דעם טעאַטער דירעקטאָר, שאַטער׳ן, וועל־כער זיצט און שמייכלט אַזוי צופרידן בא דער זייט. מיט דריי וואָכן שפּעטער האָבן זיי געקראָגן זייערע ענטפערס. אים האָט מען געהייסן קומען אָפּנעמען זיין ארבעט און גארטמאַנ׳ען חתמנ׳ען אַ קאָנטראַקט. ער האָט מיט די קלענסטע איינצעל־הייטן איבערגעגעבן ווי ער איז, כמעט אַ גליקלאכער, געשטאַ־נען אין דרויסן פאַר׳ן טעאַטער און געוואַרט, בעת גארטמאַן האָט אינוויינוק אונטערגעשריבן דעם קאָנטראַקט. עס האָט אים

הנאה געטאָן, פונקט ווי ווען ער אליין וואָלט זיין פּיעסע פאַר־קויפט.

צום שלום האָט ער גראטולירט זיין בעסטן פריינט מיט זיין צוויי־און־דרייסיק יאָריגן געבורטסטאָג, און באשטעטיקט די מיינונג פון אייניגע קריטיקער, אז מיט זיינע דריי דראמען האָט הארטמאן געשאפן א נייע עפּאָכע אין דער דראמאטישער קונסט. ער האָט דערביי אויך א קיבעץ געטאָן די טעאטער דירעקטאָרן, וועלכע ווערן גרויס ניט אַזוי א דאנק זייערע אייגענע פייאיג־קייטן, ווי דורך א צופאל, וועלכער ברענגט צו זיי אין אָפּיס ערפאָלגרייכע דראמען.

דער טאָסטמייסטער סווינגער האָט דערנאָך געגעבן דאָס וואָרט דעם סקולפּטאָר בוירק, און באמערקט דערביי, אז ער האָפט דאָס סקולפּטאָרן האלטן פיל קירצערע רעדעס פון שרייבער.

בוירק האָט אָנגעפאנגען מיט דער ערקלערונג, אז ווען ער איז פאַר עפּעס באגייסטערט, ארבעט ער פיבעריש־שנעל. אין צוויי, דריי טעג, צום ביישפּיל, האקט ער אויס א ביוסט פון מארמאָר, וואָרפט אָן א גרויסע בילד. זיין רעדע אַצינד מוז אויך זיין קורץ און בולט, ווייל ער איז באגייסטערט פאַר זיין ליבן גארט־מאַן׳ס שאפן. ער קושט אפילו שנעל, ווען די ליבע איז ניי און באגייסטערט אים. ווער ס׳עס גלויבט ניט, קען עס גלייך אויסגעפינען בא זיין סאָפיע׳ן.

סאָפיע האָט עס לאַכנדיק באשטעטיקט, עטלאכע מאָל אָנ־בויגנדיק דעם קאָפּ.

שאטער האָט דערביי שטיל באמערקט, אז ניט אַלעס וואָס ווערט שנעל געטאָן איז גוט, און בוירק האָט אים אויפ׳ן שטעל געענטפערט, אַז ווי פון א טעאטער דירעקטאָר איז עס ניט איינ־גאנצן נאריש געזאָגט. לימער האָט אים ארויסגעהאָלפן מיט א ווערטל וועגן דער אלמעכטיקייט פון די טעאטער־דירעקטאָרן, וואָס פארנעמט דעם פּלאַץ פון שכל, און סאָפיע האָט זיך דערביי צולאכט אויפ׳ן קול.

עס האָט זיך נאָך ווער פון די געסט געפּרואווט אריינמישן מיט א ווערטל, אָבער דער טאָסמייסטער האָט זיי אלעמען גלייך אָפּגעשטעלט און בוירק האָט פאָרטגעזעצט.

געטראָפן האָט ער זיך מיט זיין ליבן גארטמאַנ'ען מיט פינף יאָר צוריק ביי א טישל אין א ביליקן רעסטאָראַן. ביידע מידע, האלב־הונגעריגע, האָבן זיי זיך צורעט, גלייך דערפילט זייערע גרויסע, קינסטלערישע נשמות און זיך גייסטיק פאַרבונדן.

— נאָך גוט וואס ניט פּיזיש! — האָט שאטער ווידער אריינגעוואָרפן.

דער עולם האָט זיך צולאכט.

בוירק אליין האָט אויך ניט געקענט איינהאלטן דעם שמייכל. ער האָט דראָענדיק א מאך געטאָן מיט'ן פינגער צו שאטער'ן און ווייטער גערעדט:

— יא. אין א ביליקן רעסטאָראַן האָבן זיי זיך דאָס ערשטע מאָל געטראָפן. זיי האָבן זיך גענומען באגעגענען אלע טאָג, פלעגן צוזאמען בויען פּלענער וועגן דער צוקונפט, פּלענער, וועלכע האָבן זיך פארביידן פאָלקאָמען פארווירקלאכט. זיין ליבן גארטמאַנ'ס ערפאָלג איז, אייגנטלאך, אויך זיין אייגענער ערפאָלג, און ס'איז ניט פאראַנען אזא קרבן, וועלכן ער וואָלט ניט געבראכט צוליב זייער פריינטשאפט. און אצינד, אין דער נאכט פון גארטמאַנ'ס געבורטסטאָג און אויך אין דער ערפאָלג־רייכער נאכט פון זיין נייער פּיעסע, ווינשט ער אים נאָך גרעסער און בארימטער צו ווערן און אפילו אים, בוירק'ן אליין אריבערשטייגן.

ער האָט אויסגעשטרעקט צו גארטמאַנ'ען ביידע הענט און זיי האָבן זיך צוקושט. ער האָט אויך דערביי אָפּגעווישט א טרער. די געסט האָבן עס אויפגענומען מיט א רוישנדיקן אפּלאוז.

ווען דער דירעקטאָר שאטער האָט געקראָגן דאָס וואָרט, — האָט ער צוערשט אינגאנצן ניט געוואָלט ריידן, נאָר ווען דער עולם האָט גענומען טומלען, האָט ער זיי אָט וואָס געזאגט: צו

וואס ריידן, ווען זיינע טאטן זיינען די בעסטע ווערטער? נים צו אים דעם ערשטן האט גארטמאן געבראכט זיין דראמע. ער איז אבער געווען דער ערשטער זי אפצושאצן און אויפפירן. ער געדענקט גוט, אז נאך צען מינוטן לעזן, האט ער שוין גלייך דערפילט דאס, וואס ער קען בא אנדערע שרייבער, נאך יארן לעזן זייערע דראמען, ניט געפינען. ער האט דערביי גע־ווארפן א בליק אין דער זייט וואו לימער איז מיט זיין פרוי געזעסן.

דאס פאר פאלק האבן גלייכצייטיק א שפאטישן שמייכל געגעבן און זיך באקוועמער גענומען איינזעצן אין זייערע פלע־צער.

שאטער האט פארטגעזעצט: געפינענדיק דעם אמת'ן דרא־מאטישן טאלאנט, האט ער ברייט צועפנט פאר אים די טירן פון זיין טעאטער און אז ער איז א מבין, וועט קיינער אצינד ניט וואגן צו לייקענען. ער ווינשט גארטמאנ'ען ווייטער נים ערגער צו שרייבן און גלויבט, אז אויך אין דער צוקונפט וועלן זיי ארבעטן צוזאמען.

שוין זיצנדיק, נאכדעם ווי די אפלאדיסמענטן נאך זיין רעדע זיינען איינגעשטילט געווארן, האט ער באמערקט, אז עס וואונדערט אים וואס ער, גארטמאן זעט היינט ניט אויס צו זיין אזוי גליקלאך ווי ער האט באדארפט זיין. עפעס א טרויער ליגט באהאלטן אין זיינע אויגן. איז עפעס געשען? צי איז ער אפשר קראנק?

פלארענס, און מיט איר אלע אנוועזנדע, האבן זיך אויך געכאפט אז גארטמאן איז דעם גאנצן אוונט עפעס טרויעריק. זי האט אים ארומגענומען און פארשעמט אריינגעקוקט אין די אויגן.

די געסט זיינען צוגעשטאנען מיט פראגן, וואס ס'איז מיט אים. און נאך א פאר ניט געלונגענע פרואוון זיי צו בארואיקן, האט ער זיי דערציילט זיין חלום.

די פרויען זיינען געווארן נערוועז, בוירק'ן האט זיך גע־

וואָלט דעם חלום אויסמאָלן און שאטער האָט א שפּיי געטאָן און געזאָגט, אז בלויז משוגעים קענען זיך אזעלכע שווידערליכע זאכן חלום'ען.

מען האָט אויסגעטרונקען נאָך צו גלעזער שאמפּאַיער און ווייטער גערעד.

עטעל לימער האָט אין א קורצער רעדע איבערגע'חזר'ט יעדן געדאנק, וואָס דער מאן האָט געזאָגט; סאָפּיע האָט געוואונשן גארטמאנ'ען געזונט און ערפאָלג און פלאָרענס האָט אויפ'ן אָרט פון ווערטער, אים ארומגעכאפּט און א שטארקן קוש געגעבן.

דער זייגער האָט געקלונגען פיר, ווען דער טאָסמייסטער האָט זיך אליין גענומען דאָס וואָרט. גלייך פון אָנפאנג האָט ער צוגעזאָגט צו זיין קורץ, ווי מעגלאך. ווייל ס'איז שוין שפּעט, און מאָרגן איז דער באַל פון די מואווי־שוישפּילער און זיי אלע מוזן האָבן אמווייניקסטן עטלאכע שטונדן רו.

אלע האָבן שמייכלענדיק צוגעשאָקלט מיט די קעפּ.

סווינגער האָט שוין דערציילט, אז ער איז שוין אכצן יאָר אַף דער בינע, רעכנט זיך פאר איינעם פון די בעסטע אַקטיאָרן, ווייל, ווי די קריטיקער זאָגן, פאַרמאָגט ער אינטעליגענץ און א גרויסע איינבילדונגס־קראפט. אָבער דאָס אליין איז נאָך ווייניק. אום גוט דורכצופירן א ראָלע איז אויך נויטיק, אז דער שרייבער פון דער דראמע זאָל האָבן טאלאנט. דאמאָלסט גיסן זיך דעם דראמאַ־טורג'ס און שוישפּילער'ס כוחות צוזאמען און ס'קומט ארויס א קונסט־ווערק. זיין איצטיקע ראָלע איז די בעסטע, וועלכע ער האָט ווען ס'איז געשפּילט, ווייל איר באשאפער איז דער טאַ־לאַנטפולסטער דראמאטורג וואָס זיי האָבן אצינד.

אלע האָבן אפּלאָדירט.

ער האָט דערציילט וועגן דעם גוואלדיקן איינדרוק וואָס די פּיעסע האָט אַף אים געמאכט, ווען ער האָט זי דאָס ערשטע מאָל דורכגעלעזן. דערנאָך איז ער אריבער צו פערזענלאכע זאכן. נאָך

זיין מיינונג איז גארטמאַן ,מעגלאַך, דער איינציקער אַבסאָלוט־גליקלאַכער מענטש אַף דער וועלט. וואָס שאַפט אין אונזער צייט דעם מענטשנ׳ס גליק? האָט ער פּאַטעטיש געפרעגט. און אַליין געענטפערט: געלט, באַרימטקייט, ליבע, געזונט, טאַלאַנט. פעלן גארטמאַנ׳ען אייניקע פון אָט די אַלע גוטע זאַכן? ניין! ער פאַרמאָגט זיי אַלע. געלט? דעם דירעקטאָר׳ס קעשענע איז פאַר אים אָפן, און דאָרטן, גלויבט ער, געפינען זיך גאַנץ היפּשע סומען. באַרימטקייט? ער קען זיך ערלויבען א וואַנע פון איר צו מאַכן און זי האַלט ערשט אין קומען. ליבע? די שענסטע פרוי, וועלכע לעבט צווישן זיי איז זיין געליבטע און צענדליקע אַנדערע וואָלטן גערן פאַרנעמען איר פּלאַץ. געזונט? ער וואָלט אים, סווינגער׳ן, געמעגט אָפּגעבן האַלב און ביידע וואָלטן זיי געלעבט ביז הונדערט און פופציק יאָר. טאַלאַנט? פון דעם איז דאָך שוין אָפּגערעדט. יאַ, ער באַשטייט נאָך אַמאָל, אַז גארט־מאַן איז איינער פון די גליקלאַכסטע מענטשן אַף דער וועלט. און א שטאָלצער מיט זיין פריינטשאַפט ווינשט ער אים אַף ווײַ־טער ניט קיין גרעסערן גליק, ווייל אַזעלכעס איז אוממעגלאַך.

מען האָט רווישיק אַפּלאָדירט. דער שאַמפּאַניער האָט ווידער א שוים געגעבן אין די גלעזער און באַלד לאַכנדיק ארויסגעקוקט פון אַלעמענס בליקן.

כדי ניט צו פאַרנעמען קיין צופיל צייט מיט׳ן לעזן דאָס דיקע פּעקל באַגריסונגען, האָט פלאָרענס פון דער מיט ארויס־געשלעפּט און דורכגעלעזן צוויי פון זיי. נאָך דעם האָט דער בעל־הבית אַליין געקראָגן דאָס לעצטע וואָרט.

גארטמאַן האָט גערעדט ווייניק. ער האָט געענטפערט און געדאַנקט יעדן רעדנער באַזונדער, צוגעשטימט מיט סווינגער׳ן וועגן זיין גרויסן גליק, אָבער דערמאָנט, אַז ער פאַרמאָגט נאָך איין מין גליק, אָן וועלכן דער טאָסטמייסטער האָט פאַרגעסן. דאָס איז דאָס גליק פון פריינטשאַפט, דאָס גליק פון האָבן ארום זיך אַזא שטאַרקן רינג פון אַזעלכע טייערע פריינט. ער דאַנקט זיי אַלעמען, וועט קיין סך ניט ריידן, ווייל דעם מענטשנ׳ס ווער־

טער זיינען שטענדיק צו שוואך, דריקן קיינמאָל ניט אויס די גאַנצע קראַפט און פאַרביקייט פון זיינע געפילן.

דער זייגער האָט געקלונגען פינף.

אַלע האָבן זיך אויפגעשטעלט, אויסגעטרונקען די לעצטע גלעזער וויין און מיט פריילאַכע אויסגעשרייען זיך גענומען אָנטאָן.

גאַרטמאַן האָט אַריינגערופן דעם דינער, וועלכער האָט די גאַנצע צייט געדרעמלט אַף אַ שטול אין צווייטן צימער, און אים געהייסן צונעמען דעם טיש און וואָס שנעלער ברענגען אַלץ אין אָרדנונג. ער האָט זייער ניט ליב געהאַט קיין טישן מיט די רעשטלאַך פון׳ם עסן: זיי האָבן אים שטענדיק דערמאָנט אָן אָפּגעקילטער, צוגעגעסענער ליבע.

— איך וועל היינט ניט בלייבן בא דיר, ליבער, — האָט אים פלאָרענס איינגערוימט אין אויער. — מיר זיינען ביידע מיד און מוזן זיך אַ ביסל אויסרוען צום מאָרגנדיקן באַל.

ער האָט זי אַרומגענומען:

— ביסט גערעכט, טייערע. דערפאַר וועלן מיר מאָרגן אַוועק פון׳ם באַל וואָס פריער, און גלייך צו דיר!

זי האָט זיך שטייפער צוגעדריקט און אים טיף און צוזאָגנדיק אַריינגעקוקט אין די אויגן.

ער האָט זי צוגעצויגן צו זיך און איר עטלאַכע מאָל אַ קוש געגעבן אין צאַרטן, וואונדערלאַך געשניצטן האַלז.

זיי האָבן דעריאָגט די געסט שוין אין פאָרצימער. מען האָט זיך רוישיק געזעגנט, און אָפּגעמאַכט וואו מאָרגן זיך צו טרעפן אַפ׳ן באַל.

פלאָרענס האָט אים אַ קוש געגעבן אין די ליפּן, געוואונשן אַ גוטע נאַכט, זאָרגפעלטיק אים געהייסן זיך גלייך לייגן שלאָפן און איז אַרויס צוזאַמען מיט די געסט.

טריט אַף די טרעפּ, אַ קלאַפּ פון דער אַרויסגאַנגס־טיר, אַן אָפּקלאַנג פון זייערע שטימען און געלעכטער שוין פון דער גאַס, און באַלד איז אַלעם אַרום שטיל געוואָרן.

גאַרטמאַן האָט זיך נאָך איינגעהערט אביסל און איז אַריין

צו זיך אין סטודיאָ. דער טיש מיט די רעשטלאַך פונ׳ם יום־טוב איז שוין געווען ארויסגעפירט. אין דער לופט האָט זיך געפילט דער ריח פון בלומען געמישט מיט פודער און פרויען־לייב.

ער איז שטיין געבליבן בּאַ זיין שרייב־טיש, טיף אַ צי געט־געבן אין זיך די לופט, געוואָלט וועגן עפּעס אַ טראַכט טאָן און ניט געקענט. די געדאַנקען זיינען געווען אַזעלכע לייכטע, עלאַס־טישע און זיך ווי געגלישטש אין מח, ניט אָנרירנדיק דעם באַ־וואוסטזיין. ער האָט אויסגעטאָן דאָס רעקל, אראָפּגענומען דעם קאָלנער מיט׳ן שניפּס, פאַררויכערט אַ סיגאַרעט, און זיך מיט פאַרגניגן אויסגעצויגן אַף דער סאָפע.

צוערשט האָט ער נאָכגעפאָלגט די גרויע רעדלאַך רויך אין דער לופטן, דערנאָך מיד צוגעמאַכט די אויגן. אים האָט זיך געדאַכט, ער טראָגט זיך אין אַ שיפל אַף אַ שנעל לויפנדיקן טייך. אָפּגעריסענע קלאַנגען פון מעלאָדישע פרויען־שטימען דערטראָגן זיך פון דער ווייט און טונקען זיך אין די פינקלענדיקע וואסערן. און אָט שוועבט פאַר אים דורך דער העל־באַלויכטענער טעאַטער און דער רויש פון אַפּלאָדיסמענטן קלינגט אָפּ אין זיינע אויערן. כמעט אַלע שוישפּילער האָבן געקראָגן בלומען. די בינע איז פאַרוואַנדלט געוואָרן אין אַ בייט פון רויטע און ראָזעווע רויזן. נאָר — וואָס איז דאָס פאַר אַ מאָדנע בלומען? געלע, קיילאַכדיק־פלאַכע, מיט שווארצע זוימען און בלוטיקע אָדערלאַך? וואו האָט ער אַזעלכע בלומען געזען? דאַכט זיך, ערגעץ־וואו אַף אַ גרינעם פעלד. ניין, ס׳איז געווען אַ זומפּ. דער באָדן האָט גע־ציטערט אונטער זיינע פיס. און אָט די בלומען האָבן געל גע־פינקלט פון אַלע זייטן. אַזעלכע צוציענדיקע, אַזעלכע עקלהאַפטע. און ווען ער האָט זיי געריסן, זיינען זיי אין שטינקענדיקן שטויב פאַרוואַנדלט געוואָרן. און ער... ער אַליין...

גאַרטמאַן האָט זיך האַסטיק אויפגעזעצט. זיין חלום איז האַרט געשטאַנען פאַר אים און מיט אַ פאַרגליווערטן געלן אויג

אים אין פנים אריינגעקוקט. ער האט איילנדיק גענומען פאר־רויכערן דעם פארלאָשענעם סיגארעט, זיך איינגעקוקט אין יעדער זאך ארום, געוואָלט זיך צעשטרייען, דעם שרעק פון זיך פאר־טרייבן. און פלוצלינג האט ער דערפילט, אז ער איז ניט אליין אין צימער, אז אין ווינקל רעכטס, נעבן זיין שרייב־טיש, שטייט אימיצער און קוקט אף אים.

„עס קען ניט זיין. ער האט אליין די טיר פארמאכט. ער איז פשוט נערוועז געוואָרן. מען דארף צו א דאָקטאָר אריינגיין."

מיט אמאָל האט ער גענומען מערקן, אז די צוויי עלעקטרישע, וויים־דאָזעווע לעמפלאך, אף דער וואנט אנטקעגן אים, נעמען טונקלען, וויקלען זיך איין אין געדיכטע, פיאָלעט־גרינלאכע שאָטנס. און באלד האט ער גיכער דערפילט, ווי דערהערט, אז אין רעכטן ווינקל האט זיך ווער א ריר געגעבן. ער האט מיט אימפעט אויסגעדרייט דעם קאָפ און דערזען דאָרטן א שלאנקן יונגלינג, אינגאנצן נאקעט, מיט שווארצע, קורץ־געגרייזלטע האָר און גרויסע, בלוי־שטראלנדיקע אויגן.

א פאָר מינוטן האט זיך גארטמאן איינגעקוקט אין גאסט, מעכאניש א טראכט געטאָן, אז דעם יונגלינג'ס גלידער זיינען ווי פון קופער געגאָסן, און ווען נאָך א פאָר פליגלען, וואָלט ער אויסגעזען ווי א מלאך. ער האט מיט אמאָל דערפילט, אז זיין שרעק ווערט פארשוואונדן און דערהערט דעם גאנג פון זיין הארצן. ער האט געקוקט אפ'ן יונגלינג און געווארט.

ווען דאָס גאנצע צימער האט זיך אָנגעפילט מיט'ן פיאָלעט־גרינלאכן שיין, איז דער גאסט לייכט, ניט אָנרירנדיק דעם דיל, צוגעגאנגען און זיך אוועקגעשטעלט פאר גארטמאנ'ען.

גארטמאן האט געקוקט אף אים א ווײַלע, זיך גע'חדוש'ט ווי רואיק ער אליין איז, און שטיל געפרעגט:

— ווער ביסטו?

— א שליח פון די געטער.

— פון די געטער?

דער יונגלינג האט לייכט אָנגעבויגן דעם קאָפ.

— וואו זיינען דיינע פליגלען ? — האָט גארטמאַן ווי אומ־דערוואַרטעט פאַר זיך אַליין געפרעגט.

— מוזן דען די געטער זיך באַוועגן אפ׳ן זעלבן אופן ווי די פויגלען ?

„ווי נאַריש אונזערע באַגריפן זיינען וועגן גליקלאַכקייט", — האָט גארטמאַן אַ טראַכט געטאָן און געפרעגט: — וואָס האָסטו מיר צו זאָגן ?

— כ׳בין דיך געקומען פרעגן, צו ביסטו איצט פאָלקאָמען גליקלאַך ? — דער יונגלינג האָט זיך עטוואָס צוגעבויגן צו אים.

— יאָ ! דו ווייסט עס זיכער אַליין. רייכטום, ליבע, באַ־רימטקייט, פריינטשאַפט, אַלץ האָב איך ! אַלע טויערן פון גליק שטייען ברייט אָפן פאַר מיר. מיינער אַ נאָענטער פריינט האָט זיך דאָ נאָר וואָס אויסגעדריקט, אַז איך בין דער גליקלאַכסטער מענטש אין דער וועלט !

— דו ביסט עס !

גארטמאַנ׳ס בליק האָט אויפגעפינקלט: — איך פיל עס ! אָבער... — זיין פּנים האָט זיך מיט אַמאָל פיינלאַך אַ קרים גע־טאָן, — מיין נעכטיקער חלום פארטונקלט מיין גליק יעדעס מאָל, ווען כ׳דערמאָן זיך אָן אים. זאָג, יונגלינג, איך בעט דיך, איז עס געווען די פרוכט פון מיין באַנאַכטיקער פאַנטאַזיע, צו ס׳האָט מיר ווער געוואָלט מיט דעם חלום עפּעס זאָגן ?

— דאָס איז געווען אַ וואָרנונג פון די געטער, — האָט דער גאַסט לאַנגזאַם געענטפערט. — דאָס האָבן זיי דיך געוואָלט אָן עפּעס דערמאָנען.

— דערמאָנען ? אָן וואָס ?

— אָן טויט ! — דאָס וואָרט איז שאַרף אַרויסגעפאַלן פונ׳ם יונגלינג׳ס מויל, זיך איינגעשטאָכן און געבליבן שטעקן אין דער אַרומיקער לופט.

גארטמאַן האָט אויפגעציטערט — שטאַרבן ? !

דער יונגלינג האָט אים ניט געענטפערט. געקוקט אַף אים און געשוויגן.

און גארטמאַן האָט אויך געשוויגן אַ פּאָר מינוט, ניט גלויבנדיק, זיך איינגעקוקט אין גאַסט, און עפּעס האָט זיך באַוועגט אונטער דער הויט פון זיין פּנים. מיטאַמאָל האָט ער זיך אַ צי־געטאָן פאָראויס מיט'ן גאַנצן קערפּער.

— דו שפּאַסט ?!

דער יונגלינג האָט לייכט און לאַנגזאַם אַ דריי־געטאָן דעם קאָפּ אויף ניין.

און יעדער טייל פון גארטמאַנ'ס קערפּער, יעדער מוסקול פון זיין פּנים און לייב האָבן גענומען באַזונדער זיך באַוועגן, קאָנוואולסיוו זיך צוזאַמענדריקן. און זיינע בלייכע ליפּן האָבן זיך געהויבן און אַראָפּגעלאָזט פיל אָפטער, ווי מען האָט גע־דאַרפט נאָך דער צאָל ווערטער, וועלכע זיי האָבן פון זיך אַרויס־געוואָרפן.

— שטאַרבן ? ניין. דער יונגלינג מוז זיכער שפּאַסן. וואָס פאַר אַ זינען האָט זיין טויט איצט, ווען ער איז ערשט צוויי און דרייסיק יאָר אַלט געוואָרן, ווען זיין טאַלאַנט האָט זיך ערשט צעבליט, ווען די גאַנצע וועלט איז באַ זיינע פיס ?!

— דאָס איז די ריכטיקע צייט ! — האָט דער יונגלינג שטיל געזאָגט.

גארטמאַנ'ס ציטערנדיקער קערפּער איז מיט אַמאָל געוואָרן רואיק. ער האָט אויף אַ ווײַלע צוגעמאַכט די אויגן, אָבער זיי באַלד געעפנט און מיט אנגסט אַ פרעג געטאָן :

— פאַרוואָס קומט מיר אַזאַ שרעקלאַכע שטראָף ?

— ס'איז ניט קיין שטראָף, נאָר אַ ברכה. די געטער האָבן דיך ליב.

— דערפאַר ווילן זיי מיך טויטן ? אָ, זאָלן זיי מיך דאָן בעסער האַסן און ניט איבעררייסן אַזוי האַרצלאָז און זינלאָז די גאָלדענע קייט פון מיינע פריידן !

— דו רעדסט ווי אַ קינד : בלויז יענע גליקלאַכע, וועמען די געטער ליבן, זיינען זוכה צו שטאַרבן יונג. זיי שטאַרבן פּונקט

דאַן, ווען זיי דערגרייכן דעם שפּיץ פון זייער גליק.

— וואו איז דער געדאַנק דערפון?

— דער פּריצייטיקער טויט באַפרייט די אויסדערוויילטע פון אַ סך אַנדערע טויטן.

גאַרטמאַן האָט אָנגעשטרענגט געטראַכט אַ מינוט און מיט אַ שווערן זיפץ שטיל געזאָגט:

— איך פאַרשטיי דיך ניט!

דער יונגלינג האָט זיך אַביסל צוגעבויגן און זיין קול האָט עטוואָס אָנגעוואָרן זיין מעטאַל־קאַלטן קלאַנג: — שטאַרבנדיק יונג, מיידן זיי אויס דעם טויט פון פריינטשאַפט, יוגנט, באַרימטקייט און ליבע.

גאַרטמאַן האָט זיך פיינלאַך אריינגעטראַכט אין געדאַנק פון די ווערטער, זיי ענדלאַך פאַרשטאַנען און זיך דערפרייט. ער האָט האַסטיק גענומען ריידן:

— איך פאַרשטיי. איצט פאַרשטיי איך דיך זייער גוט. יאָ, איך גיב צו, אין פילע פאַלן איז עס אָפּט אזוי. אָבער אין באַצוג צו מיר מאַכן די מעכטיקע געטער אַ גרויסן טעות: מיין באַרימטקייט איז אַ זיכערע, מיינע פריינט זיינען די אויפריכטיקסטע און מיין געליבטע איז און וועט זיכער בלייבן די טרייסטע און איבערגעבנסטע.

— ביזטו זיכער אין דעם אַלעם? — האָט זיך דער יונגלינג נאָך נענטער צוגעבויגן צו אים.

— ווי אין זיך אַליין!

דער יונגלינג האָט אַן איראָנישן שמייכל געטאָן:

— איך בעט דיך, גיי פון דאַנען! זאָג די געטער, אַז גאַרטמאַן וויל נאָך ניט שטאַרבן, אַז ער איז איבערפילט פון אַ וואַנזיניק־שאַרפן פאַרלאַנג צו שאַפן און גליק צו געניסן. זאָג זיי, אַז מיין טויט האָט קיין זינען, קיין באַרעכטיקונג. עס וואָלט געווען אַ פאַרברעכן קעגן אַלע געזעצן פון שיינקייט און גויטוועדיקייט!

דער יונגלינג איז געשטאַנען עטלאַכע מינוטן אַ קאַלטער, אַ פּאַרטראַכטער, דערנאָך פּעסט געזאָגט:

— הער אויס, מענטש. איך האָב באַשלאָסן דיין לעבן איבערצוגעבן אין דיינע אייגענע הענט.

— איך דאַנק דיר! — האָט גאַרטמאַן מיט פרייד זיך צו אים אַ צי געטאָן.

— וואַרט! וועסט אָבער פריער מוזן מיט מיר צוזאַמען באַזוכן אייניקע פּלעצער.

— אָבער וועסטו מיך צוריקברענגען?

— זיכער.

— איך גלויב דיר! איך בין פאַרטיק. וואוהין ווילסטו מיך פירן?

דער יונגלינג האָט ניט געענטפערט. דער לייכט־גרינער נעבל אַרום זיי האָט גענומען טונקעלער, געדיכטער ווערן ביז אַרום איז געוואָרן אינגאַנצן פינסטער.

אין פּלוצלונג האָט גאַרטמאַן דערפילט, ווי פרישע נאַכט־לופט האָט זיך מיט קראַפט אין זיין ברוסט גענומען אַריינרייסן. ער האָט דערהערט דעם פייף פון׳ם ווינט, פּונקט ווי ווען ער פלעגט טרייבן זיין אויטאָמאָביל מיט דער גרעסטער שנעלקייט. ער האָט פאַרשטאַנען, אַז ער פליט.

„וואָס פאַר אַ זאָנדערבאַרע זאַכן עס קומען מיט אים פאָר“, האָט ער געטראַכט זיך אַרומקוקנדיק און וועלנדיק עפּעס באַ־מערקן אין דער געדיכטער פינסטערניש אַרום. „אַט ערשט דאָ ניט לאַנג, מיט עטלאַכע שעה צוריק, איז ער אַ גליקלאַכער אין טעאַטער געשטאַנען. אָבער... זיינען זינט דאַן בלויז עטלאַכע שעה פאַרגאַנגען? מעגלאַך יאָרן אָדער צענדליקע יאָרן זיינען שוין פאָריבער. און אָט טראָגט ער זיך מיט אַזאַ אויסערגע־וויינלאַכן גאַסט אין דער לופטן. וואָס וואָלט געווען, ווען זיינע פריינט דערוועגן אים אַצינד? וועט אים פלאָרענס גלויבן ווען ער וועט איר וועגן דעם מאָרגן דערציילן? מאָרגן? ער וועט ניט שטאַרבן. ער וועט נאָך לעבן הונדערטער און טויזנטער

מאָרגנס. זיין לעבן איז דאָך איצטער אין זיינע אייגענע הענט. ווי מאָדנע, כמעט אומגלויבלאַך אַלץ איז. אפשר חלומ'ט ער גאָר אינגאַנצן? וועט זיך באַלד אויפכאַפּן און זען, אַז ער ליגט אין בעט?

ער האָט דערפילט, ווי זיינע פיס האָבן זיך לייכט צוגע־רירט צו דער ערד און ער איז געבליבן שטיין. די לופט אַרום איז געווען פייכט און אָנגעפילט מיט'ן ריח פון אויל־פאַרבן.

ווען די פינסטערניש איז זיך צוגאַנגען, האָט ער זיך גע־פונען אין א גרויסער סטודיאָ מיט א פאַרהאַנגענעם, גלעזערנעם דאַך. ער האָט זיך גענומען אַרומקוקן. אַף די ווענט האָבן געהאַנגען אויל־בילדער, אין מיטן צימער און בא די זייטן זיינען געשטאַנען מאַרמאָרנע ביוסטן און פון ליים געקלעפּטע, פאַר־דעקטע פיגורן.

„דאָ וואוינט א מאָלער", האָט גאַרטמאַן זיכער א טראַכט געטאָן. „אָבער צו וואָס האָט ער מיך אַהער געבראַכט?"

ער האָט זיך איינגעקוקט אין די בילדער און סקולפּטורן און איז נאָך מער פאַרוואונדערט געוואָרן: „גאָט, ער קען שווערן, אַז דאָס איז בוירק'ס סטודיאָ. אָט הייננט אַף דער וואַנט „דאָס טרוימען־מיידל", וועלכע האָט פאַר־צוויי יאָרן גע־נומען דעם ערשטן פּרייז אַף דער קונסט־אויסשטעלונג. און אָט שטייען אין ווינקל „די טאַנצנדיקע נימפן", די סקולפּטור, וואָס האָט היינטיקן יאָר אַזאַ רעש אָנגעמאַכט. ס'איז קיין צווייפל, אַז ער איז בא בוירק'ן, אָבער . . . צו וואָס?

ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און געוואָרפן א פרעגנדיקן בליק אַפ'ן יונגלינג, וועלכער איז הינטער אים געשטאַנען.

יענער האָט ניט געענטפערט, געקוקט אַפ'ן רויטן סאַמעט־טענעם טעפּיך, וועלכער איז רעכטס איבער דער טיר געהאַנגען, און זיך ווי צו עפּעס צוגעהערט.

גאַרטמאַן האָט אָנגעשטרענגט דעם געהער און דערהערט קלאַנגען פון צוויי אויפגערעגטע שטימען: א מענער און א פרויען שטימע. די קלאַנגען האָבן זיך עטלאַכע מאָל געהויבן און

אראָפּגעלאָזט, ניט אָנווערנדיק זייער דראָענדיקן טאָן. איין מאָל האָט זיך דייטלאַך דערטראָגן א פּרויען קוויטש און באַלד נאָך אים א געראַנגל און א טאָפּען פון לויפנדיקע טריט.

„איז עס מעגלאַך, בוירק זאָל זיך אַזוי ארומקריגן מיט סאָפּי'ן ? — האָט גארטמאַן א טראכט געטאָן און אַן אומרו האָט זיך איינגעביסן אין זיין גאַנצן קערפּער.

באַלד האָבן זיך ווידער דערהערט לויפנדיקע טריט, די שטי־מען האָבן זיך מיט אמאָל צוגעטראָגן גאַנץ נאָנט און סאָפּי מיט צופלאָסענע האָר, אין א צוריסענעם, זיידענעם נאַכט־העמד איז אריינגעלאָפן אין סטודיאָ. נאָך איר האָט זיך ווילד געיאָגט בוירק, א האַלב־אויסגעטאָנענער. זיינע הענט זיינען אין פויסטן געווען צוזאַמענגעדריקט און די אויגן האָבן געברענט.

סאָפּי איז צוגעלאָפן צו דער סקולפּטור „די טאַנצנדיקע נימפן", אָנגעכאַפּט איינע פון די פיגורן בא א פוס און אויס־געשריען :

— גיי ניט צו אָדער איך שליידער ארונטער די נימפן !

בוירק איז מיט אמאָל שטיין געבליבן פון ווייטנס. זיין אויפרעגונג איז מאָמענטאַל פארשוואונדן און א שרעק האָט זיך דורכגעטראָגן אין זיין בליק.

סאָפּי האָט אויף זיך צוזאַמענגעצויגן דאָס צוריסענע העמד, אָפּגעכאַפּט דעם אָטעם און שפּאָטיש געזאָגט :

— אַזוי. שטיי פון ווייטנס ווי א קעצעלע.

— גיב מיר אָפּ דעם בריוו ! — האָט בוירק איינגעהאַלטן געזאָגט. — האָסט ניט קיין רעכט אין מיינע קעשענעס צו קריכן. ס'איז נידערטרעכטיק.

זי האָט א שפּאָטישן שמייכל געטאָן : — ניט דו קענסט עס מיר פאָרוואַרפן. איך קען זיין די ערלאַכסטע צווישן ערלאַכע. כ'וועל זיך אָבער קיינמאָל ניט לאָזן נאַרן.

ער האָט געשוויגן שווער, געצוואונגען, און זי האָט געלאַכט פול מיט גיפט.

— אַזוי, בוירק ? בין איך דיר שוין מיאוס געוואָרן און דו

זוכסט א נייע געליבטע? מילא. מיט קראפט דיך צוהאלטן אין לעבערלאך. פארוואס ביזטו אבער ניט געקומען גלייך צו מיר: סאפי איך האב דיך מער ניט ליב און מיר מוזן זיך שיידן? פארוואס ביזטו אויך גלייך ניט צוגעגאנגען צו דיין בעסטן פריינט גארטמאן און אים ניט געזאגט, אז דו האסט ליב זיין פלארצנס'ן און ווילסט זי בא אים אוועקנעמען? — זי האט ביטער געלאכט. — דו ביזט א פייגלינג! הינטן ארום האסטו מיך געוואלט אפנארן און אויך די פריינטשאפט פון דיין בעסטן פריינט מיט די פיס צעטרעטן. אבער איך וועל אים די אויגן עפענען. זאל ער וויסן ווי איבערגעגעבן בוירק איז אים!

— וועסט מיר אפגעבן דעם בריוו? — האט זיך בוירק ווידער א לאז געגעבן צו איר.

זי האט א כאפ געטאן די סטאטוע אויך מיט דער צווייטער האנט און אויסגעשריען:

— די נימפן, בוירק!

ער האט אפגעטרעטן צוריק.

זי האט א פאר מינוטן געקוקט אף אים אנגעשטרענגט־פארטראכט און מיט אמאל א ווארף געטאן דעם צוזאמענגע־דריקטן בריוו צו זיינע פיס.

— נא! איך דארף אים שוין ניט מער! וואס איך האב פערזענלאך גענדארפט וויסן, ווייס איך שוין. קיין מינוט וועל איך מיט דיר לענגער ניט פארבלייבן. א פייגלינג און א ליגנער קען קיין אמת'ער ארטיסט ניט זיין! — זי איז פארבייגעגאנגען בוירק'ן, געווארפן אף אים א בייז־איראנישן בליק און דער רויטער, סאמעטענער פארהאנג האט זי ווי איינגעשלונגען.

ווען די פאלדן פון דעם פארהאנג האבן זיך נאך געהאלטן אין באוועגן, האט זיך בוירק שנעל אויסגעדרייט צו דער טיר, ווי געוואלט איר נאכלויפן, אבער זיך צוריקגעהאלטן. ער האט אויפגעהויבן דעם בריף, איז צוגעגאנגען צום טיש און אומצו־פרידן זיך אריינגעווארפן אין ווייכן ארם־שטול.

גארטמאן האט לאנגזאם אויסגעדרייט דעם קאפ אף צוריק

און זיין בליק האָט באגעגנט דעם יונגלינג׳ס בליק. זיי האָבן זיך איינגעקוקט איינער אין צווייטן. גארטמאן האָט א טיפן זיפץ געטאָן:

— וואוהין וועסטו מיך אצינד פירן?

דער שליח פון די געטער האָט געשוויגן. די ארומיקע, פיאָלעט־גרינע ליכטיקייט האָט ווידער גענומען געדיכטער ווערן, ביז ס׳איז געוואָרן אינגאנצן פינסטער.

עטלאכע מינוטן האָט ער זיך ווידער אין דער לופטן גע־טראָגן און גיך דערפילט, אז ער שטייט אף עפּעס ווייכעס, ווי אף א קולים.

ווען דער נעבל ארום איז זיך צוגאנגען, האָט ער זיך דערזען אין א טונקעלן, רייכן עס־צימער. לינקס האָט א ברייטע טיר געפירט אין א באלויכטענעם שלאָפצימער פון וואנען ס׳האָבן זיך געהערט שטימען. גארטמאן האָט זיך גענומען ארומקוקן. עפּעס איז אים דאָ אלעס אויסגעקומען באקאנט. אָט דעם גרויסן זייגער אין אייזערן פונ׳ם ערד־קוגל, האָט ער אָפט ערגעץ־וואו געזען. זייער באקאנט איז אים אויך אָט די רויטע, פלאכע שיסל אפ׳ן טיש, אין וועלכער עס געפינט זיך א מיניאטור יאפּאנעזישער דאָרף מיט עטלאכע קארליק־בוימער. און די שטימען אין צווייטן צימער קלינגען שוין גאָר ווי אייגענע.

ער האָט זיך איינגעהערט. ער קען שווערן, אז דאָס איז לימער׳ס הויז און די שטימען דאַרטן געהערן צו אים אליין און צו זיין פרוי. אָבער צו וואָס האָט אים דער יונגלינג אהער געבראכט? וואָס נאָך פאר א גיפטיקע אנטוישונג וויל ער אין זיין בלוט ארייננגיסן? ער האָט אף אים פרעגנדיק א קוק געטאָן. דעם יונגלינג׳ס בליק איז געווען געווענדט צו דער אָפענער טיר. גארטמאן איז ווי געגן זיין ווילן צוגעגאנגען און ארייננגעקוקט אין שלאָף־צימער.

לימער אין א געל־ברוינעם שלאָף־ראָק איז געשטאנען צו־געשפּארט צו א קליידער־אלמער און בייז ארויסגעלאָזט פון זיך גאנצע וואָלקנס רויך. עטל איז געזעסן אין א נאכט־העמד אפ׳ן

בעט, געהאַלטן אַף די קני אַ קעסטל מיט טשאָקאָלאַד און געשווינד געוואָרפן אין מויל איין שטיקל נאָכ'ן צווייטן.

— איך קען גאָר קיין נאָמען צו דעם ניט צוטראַכטען — האָט לימער מיט פאַרדרוס געזאָגט. — ס'איז איינפאַך אַ פאַרבלענדעניש, אַ אידיאָטסטוואָ!

— און איך זאָג דיר, אַז דאָס העלפט אים פלאָרענס ארויס, — האָט עטל געענטפערט אָפּלעקנדיק די ליפּן. — איך וויים פון זיכערע קוועלן, אַז זי טרעפט זיך אין געהיים מיט דעם דירעקטאָר שאַטערן. זי ווייסט שוין ווי אָנצופירן אַזעלכע געשעפטן.

— מעגלאַך. כ'וויים ניט. אָבער ניט דאָס איז די אורזאַך פון זיין ערפאָלג.

— און איך זאָג דיר, אַז נאָר דאָס!

— דו מיינסט צו זאָגן, אַז זי לעבט מיט די אַלע קריטיקער און צייטונגס־שרייבער, וועלכע זיינען באַגייסטערט פאַר גאַרטמאַן'ס דראַמען?

— אַף איר איז אַלץ צו גלויבן!

— דו רעדסט נאַרישקייטן. באַ איין, פּרויען, איז ניטאָ קיין גרענעץ, ווען איר ווילט פאַרניכטן אַ צווייטע. — ער האָט זיך עטוואָס צוגעבויגן אין איר ריכטונג און מיט שפּאָט געזאָגט. — פאַרקערט. אויב דו דענקסט, אַז פלאָרענס קען אַזוי פיל אויפטאָן פאַר גאַרטמאַנ'ען, פּרואוו, אפשר קענסטו אויך עפּעס אויפטאָן פאַר מיר?

עטל האָט באַליידיקט אויפגעהויבן דעם קאָפּ פונ'ם קעסטל טשאָקאָלאַד און מיט אַן איבערגעפילט מויל געענטפערט:

— איך בין אַן עהרליכע פרוי, ניט קיין גאַסן־געליבטע!

— הער שוין אויף צו פרעסן אַזוי זשעדנע דעם טשאָקאָלאַד, — האָט לימער אומצופרידן געזאָגט. — די ציין וועלן דיר באַלד אָנהויבן ווי טאָן און וועסט מיך דערנאָך אַ גאַנצע נאַכט ניט לאָזן שלאָפן.

— אָט באַלד. די לעצטע פאָר שטיקלאַך.

לימער האָט פאַררויכערט דעם פאַרלאָשענעם סיגאַר: — ניין, איך פאַרשטיי עס ניט. ס'איז ניט מער ווי אַ פאַרבלענדעניש. ווי קענען זיי ריידן וועגן אָריגינאַליטעט, ווען זייערע דראַמעס זיינען ניט מער ווי קונציק איבערגענייטע מלבושים פון די אַלטע גריכישע דראַמען? ווי זעען זיי עס ניט? דערצו נאָך איז . . .

עטל האָט מיט אַמאָל אָפּגעשטויסן פון זיך דאָס קעסטל טשאָקאָלאַד, זיך אַ כאַפּ געטאָן פאַר דער רעכטער באַק און בייז אויסגעשריען:

— לאָז מיך צורו מיט דיינע נאַרישע פריינט!

— פרעסט טשאָקאָלאַד ווי אַ חזיר עפּל און וויל די ציין זאָלן איר ניט וויי טאָן! — האָט לימער אַ וואָרטשע געטאָן און זיך אָפּגעקערט.

גאַרטמאַן האָט דערפילט דעם יונגלינגס האַנט אויף זיין אַקסל. ער האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ, אים געוואָלט עפּעס פרעגן, אָבער דער פריערדיקער גרין־בלויער נעבל האָט אים שוין ארומגעכאַפּט און ער האָט זיך ווידער דערפילט אין דער לופטן.

„וואוהין פירט ער מיך איצט? — האָט ער מיט שרעק געטראַכט. — „וועמען נאָך קלייבט ער זיך אין מיר צו טויטן?" עס האָט זיך אים פאַרוואָלט וויינען.

גיך האָט ער זיך ווידער אין אַ וואוינונג דערפילט. ווען דער נעבל איז צוגאַנגען האָט ער זיך דערזען אין אַ ווינקל פון אַ רייכן פרויען־בודואַר, און גלייך דערקענט, אַז ס'איז פלאָרענס'עס צימער. אַ שרעק האָט אים ארומגעכאַפּט. צו וואָס האָט ער אים אַהער געבראַכט? צו וויל ער אויך זי פון אים אַוועקנעמען? אָבער איז עס דען מעגלאך?

ער האָט זיך אַנטשלאָסן אויסגעדרייט צום יונגלינג:

— נעם מיך אַהיים!

דער יונגלינג האָט אַ ווייל אים אין די אויגן געקוקט, דערנאָך לאַנגזאַם איבערגעפירט דעם בליק אין אַ טיפן ווינקל

פונ׳ם בודואר, וואו אף א ווייכער סאפקע, מיט א בוך אין האנט, איז געלעגן פלארענס.

גארטמאן האט זי ערשט איצט דערזען. און ווייל זי איז געווען אליין און האט רואיק אין האנט א בוך געהאלטן, און ארום איז אלץ אזוי פארטרויאונגס־שטיל געווען, האט א זיכערקייט גענומען בא אים אין הארצן וואקסן. א זיכערהייט און גלויבן אין א נס, אז זי, זיין פלארענס, שטייט העכער פון אלץ אין דער וועלט, אפילו העכער פונ׳ם יונגלינג׳ס וויסן. מיט א פארכאפטן אטעם איז ער געשטאנען און געווארט.

ס׳זיינען אריבער עטלאכע מינוטן. דורך גארטמאן׳ס הארץ און מח האבן אייביקייטן געשטראמט און שטיקער פון זיין לעבן זיינען פאר אים געפאלן ווי געל־טויטע בלעטער אין אסיען. ניט ער, נאר עמיץ אנדערש, איז אין אים געזעסן, זיך צוגעקוקט צו די פאלגנדיקע שטיקער לעבן, געטרויערט בא אייניקע, זיך געפרייט בא די צווייטע און וועגן דעם אלעם ווי פון נאר דער ווייטנס אים, גארטמאנ׳ען, דערציילט. און ער האט זיך לייכט צוגעהערט, אלץ געוואלט עפעס צוגעבן צו יענעמס ווערטער, אבער אין דער זעלבער צייט ניט אפגעווענדט דעם אנגע־שטרענגטן בליק פון פלארענסעס הענט, וועלכע האבן דעם בוך געהאלטן.

רעכטס האט זיך געעפנט א טיר און די דינסט איז שטיל אריין.

פלארענס האט דערהערט, זיך שנעל אויפגעזעצט און א ווארף געטאן דעם בוך אן א זייט.

— ער איז שוין דא, פריילן, — האט די דינסט שטיל געזאגט.

— ביזטו זיכער, אז קיינער האט אים ניט באמערקט ארייג־גייענדיק.

— זיכער.

פלארענס איז שנעל צוגעגאנגען צום שפיגל, פארריכט די האר, צוגעפארבט די ליפן, צוגעפוידערט דאס פנים:

— לאָז אים אריין!

גארטמאן האָט מיט אמאָל דערפילט, אז ער האָט אויפ־געהערט צו עקזיסטירן. אַלעס אין אים איז פארגליווערט גע־וואָרן, בלויז די אויגן און די געדאנקען האָבן נאָך געטאָן זייער ארבעט. ער האָט זיך אראָפּגעלאָזן אַף א ווייכן פאָטעל און זיך גע׳חדוש׳ט, צוהערנדיק ווי זיינע געדאנקען קלאפּן זיך אָפּ אָן זיין שארבן, ווי פארפראָרענע שטיקלאך ערד אָן א טרונע.

„ווי מאָדנע... ווי מאָדנע...“ האָבן די פארפראָרענע שטיק־לאך ערד איבער זיין שארבן הילכיק אָפּגעקלאפּט, און פון אינ־וועניק האָט א קאלטער ווידער־קול אָפּגעענטפערט: „יאָ, ווי מאָדנע... ווי מאָדנע...“.

די טיר האָט זיך געעפנט און סווינגער איז שטיין געבליבן אַפ׳ן שוועל.

פלאָרענס האָט זיך אויסגעדרייט פונ׳ם שפּיגל, א רגע האָבן זיי זיך איינגעקוקט איינער אין צווייטן און זיך א וואָרף געטאָן אנטקעגן.

— טייערע מיינע!

— ליבער!

זייער קוש איז געווען א לאנגער און דורכגעזאַפּט מיט שטילע קרעכצן. ער האָט זי א הויב געטאָן אַף די הענט, זי צוגעטראָגן צו דער סאָפע, וואו זי איז פריער געלעגן, זיך אוועק־געזעצט און איינגעגראָבן זיין פּנים אין איר ברוסט. זי האָט אריבערגעוואָרפן דעם קאָפּ איבער זיינע קני, מיט די צו־פאלענע האָר דעם קולים געגלעט, דערנאָך זיך שלאנגיש־בויגיש א הייב געטאָן און פארוואָרפן די הענט ארום זיין האלז.

— זיך פארבייינקט, ליבער?

ער האָט איר שכור אין די אויגן אריינגעקוקט:

— ביז צום שטארבן!

— האָסט היינט פון דער בינע צופיל געקוקט אַף מיר.

— דיך צו שטארק געגלוסט, געפילט ווי צוצוגיין צו גארט־

מאַנען און אים זאָגן, אַז דו גייסט אַוועק מיט מיר, אַז כ'וועל דיך שוין מיט קיינעם מער ניט דאַרפן טיילן!

— נאַרישער אינגל! — האָט זי שטיל געלאַכט. — וואַרט, איך וועל אים עס שוין אַליין גיך זאָגן.

זי איז מיט ביידע הענט לאַסטשענד איבער זיין פּנים איבערגעגאַנגען:

— איר, מענער, זייט גרויסע קינדער, און מיר דאַרפן זיין ניט נאָר אייערע געליבטע נאָר אויך אייערע מוטערס און פירער־רינס. נו, וואָס קימערט דיך אויב גאַרטמאַן קריגט אויך אַ טייל פון מיין ליבע? צי האָסטו אים שוין אַזוי שטאַרק פיינט? איך גלויב ער איז דער בעסטער און קינדישסטער צווישן אונז אַלע. אָבער איך ליב דיך און וועל אַוועק מיט דיר.

— יאָ, מיט מיר, בלויז מיט מיר, — האָט ער ציטערנדיק געדריקט איר קערפּער צו זיך. — דו ביזט אַ שלאַנג, פלאָרענס, אַ צויבערנדיק־גיפטיקע שלאַנג!

זי האָט געלאַכט:

— און דו ביזט אַ נאַרישער, ליבער אינגל, וועלכער וואַגט זיך צו שפּילן מיט אַ גיפטיקער שלאַנג. זע זי זאָל דיר קיין בּיס ניט טאָן!

— דו קענסט משוגע מאַכן! — ער האָט אַראָפּגעריסן פון איר דאָס קאָפּטל.

— משוגע דאַרף מען זיין ווען מען ליבט! — האָט זי נערוועז געגנומען לאַכן — משוגע.. משוגע! — זי האָט זיך מיט אַ שטילן קרעכץ אָפּגעוואָרפן אַף צוריק און איר האַלב־נאַקעטער קערפּער האָט זיך אויסגעבויגן אין אַ האַלבער ראָד.

און אויף אַ פּאָטעל ניט ווייט, מיט ביידע הענט אונטער־האַלטנדיק דעם קאָפּ, איז גלייכגילטיק געזעסן גאַרטמאַן. ער האָט זיך אינגאַנצן אויפגעהערט צו פּילן. אַ פאַלשטענדיקע פּוסטקייט האָט געהערשט אין אים. און אין דער פּוסטקייט זיינען פון צייט צו צייט געפאַלן פאַרפרוירענע שטיקער ערד און טעמפּ אָפּגעהילכט אונטער זיין שאַרבן.

דער פיאָלעט־גרינער נעבל ארום אים האָט זיך ווידער גע־נומען צונויפרוקן. דאָך האָט ער געהאַט צייט צו באמערקן ווי סווינגער האָט מיט אמאָל א הויב געטאָן פלאָרענס׳ן, זי א וואָרף געטאָן אף דער סאָפע און צוגעפאַלן צו איר. און מיט א רגע שפּעטער האָט זיך צו אים, ווי שוין פון אונטן, דערטראָגן פלאָ־רענסעס א קוויטש, אין וועלכן ווייַ און עקסטאַז זיינען געווען צוזאמענגעגאָסן.

אָט דער אויסגעשריי איז אים געווען גאנץ גוט באַקאַנט: ער האָט אים פון איר ניט איין מאָל ארויסגערופן.

— אהיים, יונגלינג, טראָג מיך גלייך אהיים! — האָט ער רואיק געזאָגט.

און דער יונגלינג האָט אים שטיל געענטפערט:

— נאָך איין זאַך, גארטמאַן, מוזטו זען, נאָך פון איין צווייפל מוזסטו זיך באַפרייען.

גארטמאַן האָט צוגעמאַכט די אויגן און זיך איינגעהערט אין פייף פונ׳ם ווינט ארום אים.

גיך האָט ער דערפילט, אז ער שטייט אף דער ערד. א לייכטער ריח פון ניט־ריינקייט און פארפוילטע עסנוואַרג האָט אים א שלאָג געטאָן אין דער נאָז. עפּעס מאָדנע אויסגעשרייען און א שכור׳ער געזאַנג האָבן זיך אריינגעריסן אין זיין געהער. ער האָט געעפנט די אויגן און זיך ארומגעקוקט.

ער איז געשטאַנען אף א ראָג אונטער א ברענענדיקן לאַמ־טערן. פון ביידע זייטן האָבן זיך געצויגן אָרימע, פינסטערע „טענעמענט"־הייזער. דאָס שמאָלע, שמוציקע געסל, ערטערווייז שוואַך באלויכטן מיט געל־צאַנקענדיקע לאַמטערנעס, איז געלאָפן באַרג ארויף. אויפ׳ן ראָג איבער׳ן וועג האָט זיך געפונען א שיינק און פון אים האָבן זיך עס געטראָגן די שכור׳ע קולות און געזאַנג.

גארטמאַן האָט זיך שוין פאַר קיין זאַך מער ניט געשראָקן. ס׳איז אים שוין אַלץ איינס געווען. ער האָט זיך צוגעשפּאַרט צום לאַמטערן און געדולדיק געוואַרט.

פון דער טונקלקייט רעכטס איז ארויסגעשוואומען דער סילועט פון א פרוי. זי האט געטראגן א ברייטן, טונקעלן הוט מיט געלע בלומען. אירע ליפן און באקן העל־רויט געפארבט, דאס קורצע, אפגעריבענע קליידל האט קוים פארדעקט אירע אויסגעקרימטע שיך. זי איז צוגעגאנגען, ארייננעקוקט אין שיינס און אוועק ווייטער. אנטקעגן איז איר אנגעקומען א מיטל־יאריקע מאן. זי האט אים אפגעשטעלט:

— גוטער אוונט, יונגער מאן!

דער מאן איז שטיין געבליבן: — דו מיינסט עס מיך?

— זיכער! — האט זי זיך צולאכט. — עס איז קיין צווייטער אין גאס ניטא.

— איך בין שוין אבער אריבער פערציק. דו לאכסט פון מיר.

— זאל מיך גאט שטראפן! — האט זי געמאכט ערנסט זיך איינגעקוקט אין אים. — קיינער וואלט אייך ניט געגעבן מער ווי דרייסיק יאר. איר קוקט נאך אויס גאנץ יונג און בראוו. זאל מיך גאט שטראפן אויב איך שפאס!

דער מאן האט זיך אביסל אויסגעגלייכט, זי א גלעט געטאן איבער׳ן האנט:

— ליבינקע, דו ביזט ניט אינגאנצן אומגערעכט: מיינע א טאנטע האט מיט א צייט צוריק דאסזעלבע געזאגט. דאסזעלבע ווארט אין ווארט. — ער האט איר א קוק געטאן אין פנים אריין — ביזט א גאנץ שיין מיידל.

זי האט אים פאר׳ן האנט אנגענומען:

— קום, וועסטו זען אז דו האסט זיך ניט אפגענארט.

ער האט זיך צוריקגעהאלטן:

— ווארט א ווײלע. איך בין ניט קיין גביר און מוז וויסן וויפיל עס וועט מיך קאסטן.

זי האט זיך צוגעטוליעט צו אים, אים ליבלאך אין די אויגן ארייננעקוקט און געזאגט די פרייז. ער האט זיך גענומען דינגען און יעדעס מאל, ווען ער האט געוואלט אוועקגיין, האט זי אים

דערשראָקן פאַר'ן האַנט געכאַפּט און אַראָפּגעלאָזט אַביסל פון פרייז. ענדלאָך האָבן זיי זיך אויסגעגלייכט און זיינען פאַר־שוואונדן אין אַ זייטיקן געסל.

פונ'ם שיינק זיינען אַרויס צוויי מענער, פעסט צוגעדריקט איינער צום צווייטן. וואַקלענדיק זיך, האָבן זיי גענומען גיין נאָס אַרויף, שרעקנדיק די שטילע פינסטערניש מיט זייערע שכור'ע שטימען.

גאַרטמאַן'ס מידער בליק האָט פּלוצלונג באַמערקט אַ מענטש־לאַכן שאָטן נעבן דער וואַנט, געגנאַיבער. דער שאָטן האָט זיך ווי צוזאַמענגעגאָסן אין איין פּאָס מיט גאַרטמאַן'ס אייגענעם שאָטן, וועלכער האָט זיך געצויגן פון אונטער'ן לאַמטערן.

און ווי נאָר ער האָט אים באַמערקט, האָט זיך יענער גע־נומען רירן און אַ הייזעריקער געלעכטער פון אַן אַלטן מאַן האָט זיך פון דאָרטן דערטראָגן.

„וואָס נאָך קען ער פון מיר אַוועקנעמען?" — האָט גאַרט־מאַן געטראַכט וועגן יוגלינג. — „איך פאַרמאָג שוין מער גאָרניט".

דער שאָטן געגנאַיבער האָט זיך אָפּגערוקט פון דער וואַנט און לאַנגזאַם גענומען צוקומען, זיך האַלטנדיק אין שוואַרצן פּאָס פון גאַרטמאַן'ס שאָטן. פאַר'ן לאַמטערן איז ער שטיין געבליבן, און באַלד האָט זיין כאָרכלענדיק־דריבנער געלעכטער אָנגעפילט די לופט אַרום.

גאַרטמאַן האָט זיך גענומען איינקוקן אין אַלטן מאַן. די גלייכגילטיקייט האָט זיך אין אים ווי אַ ריר געטאָן, גענימען צוגיין, און פון איר האָט פּלוצלונג שאַרף אַרויסגעפינקלט אַ שרעק. ער האָט דערפילט אַ געפאַר, געוואָלט אַנטלויפן, אָבער דער אייזערנער לאַמטערן, אונטער אים, איז ווי איינגעוואַקסן צווישן זיינע ביידע אַקסלען.

— יואָס ווילסטו זאָגן, אַלטער? פון וואָס לאַכסטו עס אַזוי? — האָט אים גאַרטמאַן מיט אומרו אַ פרעג געטאָן.

דער געלעכטער האָט זיך ברייטער און דריבנע־קיילעכדיקער צוגאָסן און פון אים האָט זיך דערהערט:

— פון דער וועלט לאך איך, גארטמאן. פון דער גאנצער וועלט!

ווען דער אלטער איז צוגעקומען גאר נאנט, האט גארטמאן אין זיין פנים דערזען אלע שפורן פון הונגער, שכרות און אויס־געלאסנקייט. זיין קערפער איז געווען ווי אין צווייען איינגע־בראכן און די ארימע קליידער האבן אף אים געהאנגען ווי אף א שטעקן. זיין קאפ האט זיך שנעל באוועגט אראפ און ארויף אף א גאר דינינקן האלז און די פינגער פוןביידע הענט האבן זיך נערוועז געפלאכטן איינער אין צווייטן.

— ווער ביזטו? — האט גארטמאן איבערגעפרעגט.

— דו דערקענסט מיך ניט? — האט זיך דער אלטער נענטער צוגעבויגן צו אים. — דערקענסט ניט דיין נאנטסטן און בעסטן פריינט?

גארטמאן האט זיך אנגעשטרענגט געגומען איינקוקן אין אלטן'ס געלן, האלב־פארשוואלענעם פנים און נאך א לאנגער פאזע האלב־זיכער געענטפערט:

— ניין, איך קען דיך ניט.

— כא־כא־כא! — האט דעם אלטן'ס קאפ זיך שנעל גע גומען ווארפן לינקס און רעכטס. — כא־כא־כא! אזוי, הייסט עס, דו דערקענסט מיך ניט?

גארטמאן האט זיך א ווײַלע ווידער איינגעקוקט אין דעם געל־אויסגעצערטן פנים און א שאקל געטאן מיט'ן קאפ אף ניין.

— דו דערקענסט מיך ניט?! כא־כא־כא! ארימקייט, ברודערל, פארדרוס, ווייבער און וויין טוען אן א שרעקלאכע מאסקע אפ'ן שענסטן פנים. און דאך בין איך אמאל א גע־זונטער, שיינער יונג געווען, א בארימטער דראמאטורג, און מיין געליבטע איז די שענסטע אין שטאט געווען. כא־כא־כא — די שענסטע און שמוציקסטע בעסטיע איז זי געווען!

יעדער מוסקול אף גארטמאן'ס קערפער האט גענומען ציטערן. ער האט זיך א צי געטאן אף צוריק, געוואלט אנט־

לויפן, אָבער דער אייזערנער לאַמטערן האָט אים ווי צוזאַמען מיט זיך פעסט און טיף אין דער ערד געהאַלטן פאַרגראָבן.

— דו דערקענסט מיך נאָך אַלץ ניט? — האָט דער אַלטער טרויעריק־שפּאָטיש געלאַכט. — ס'איז ווייל מיר געדענקען די פאַרגאַנגענהייט, קענען אָבער ניט פאַראויסזען די צוקונפט.

א ווײַלע האָבן זיך ביידע שווייגנדיק איינגעקוקט איינער אין צווייטן.

— ס'א ליגן! — האָט גאַרטמאַן מיט אַמאָל פאַרצווייפלט אויסגעשריען.

און דער אַלטער האָט שאַרף און קורץ געענטפערט: — ס'איז אמת! איך בין דו! דער גאַרטמאַן פון דער צוקונפט!

גאַרטמאַן האָט דערפילט ווי דער אייזערנער סלופּ פון'ם לאַמטערן אונטער אים שניידט זיך טיפער איין צווישן זיינע פּלייצעס און פאַרפילט זיין אינגעוויד מיט זיין קעלט און האַרטקייט.

און דער אַלטער האָט זיך צוגערוקט נאָך נענטער און זיך פאַרגייענדיק פון זיין כעס'דיקן, טריאומפירנדיקן געלעכטער, כמעט ווי געשריען: — נו, גאַרטמאַן, קוק זיך נאָך אביסל איין, נאָך איין ביסעלע און וועסט זיך ענדלאַך דערקענען!... כאַ־כאַ־כאַ! א מענטש האָט גאָר זיך אַליין ניט דערקענט! ווי נאַריש איך בין עס אַמאָל געווען! א בעטלער, דער אָרימסטער צווישן די אָרימע, האָב איך זיך פאַר א מיליאָנער געהאַלטן. געדיינקסט, מן הסתם, דיינע טייערע פריינט: לימער'ן, בוירק'ן, סווינגער'ן? און אין דער שיינער שלאַנג פלאָרענס'ן האָסטו זיכער ניט פאַרגעסן? ! כאַ־כאַ־כאַ! אַך, וואָס פאַר א נאַר דער מענטש איז! וואָס פאַר א גרויסער, אומבאַהאָלפענער נאַר!

גאַרטמאַן האָט זיך אַראָפּגעלאָזט אױף דער ערד, און זיך איינגאַנצן צוזאַמענגעדריקט.

גיך האָט ער זיך ווידער דערפילט אין דער לופטן און פון אונטן האָט זיך צו אים דערטראָגן: — כאַ־כאַ־כאַ! וואָס פאַר א גרויסער, אומבאַהאָלפענער נאַר דער מענטש איז!

דורך די האַלב־אָפענע וויעס האָט ער אין פּיאַלעט־גרינעם נעבל געזען דעם יונגלינג'ס בליק אויף זיך, און דאָס ערשטע מאָל דערפילט אין אים אַ טרויעריקע ווייכקייט, ווי אַ מיטגעפיל. ס'איז אים שוין אָבער אַלץ איינס געווען. קיין איינציקער גע־דאַנק, קיין איינציקער וואונש האָט זיין באוואוסטזיין מער ניט באַרירט.

מיט אַמאָל האָט אים אַ היימלאַכע וואַרימקייט אַרומגע־כאַפּט און ער האָט דערפילט דעם ריח פון זיין צימער. ער האָט זיך דערזען זיצנדיק אויף זיין סאָפע און דורך דעם צעגייענדיקן פּיאַלעט־גרינעם נעבל האָבן צו אים אַ וואַרימען שמייכל געטאָן זיינע מאַט־ראָזעווע עלעקטרישע לעמפּלאַך. די רויזן־קראַנצן האָבן איצט פרעך־פאַרביק געקוקט מיט די ברייט־צועפנטע העלע פּנים'לאַך. באַ דער רעכטער זייט איז געשטאַנען דער יונגלינג און אויפמערקזאַם אים געקוקט אין פּנים אַריין.

ער האָט זיך עטוואָס צוגעבויגן צו אים:

— אַצינד פאַרשטייסטו שוין, גאַרטמאַן, ווי שטאַרק די געטער ליבן דיך און פון וויפיל ליידן און טויטן דיין יונגער טויט וועט דיך באַפרייען? שטאַרבן אין צייט האָט ניט יעדער איינער דאָס גליק. מיין וואָרט איז הייליק. איך גיב איצט איבער דיין לעבן אין דיינע אייגענע הענט. אויב דו ווילסט — קענסטו ווייטער לעבן און וואַרטן אויף די קומענדיקע געשעענישן. די געטער האָבן דיך ליב. — ער האָט לייכט אָנגעבויגן דעם קאָפּ, מיט שוועבנדיקע טריט צוגעגאַנגען צום רעכטן ווינקל, פון וואַנען ער איז געקומען, און פאַרשוואונדן. בלויז דער פּיאַ־לעט־גרינער נעבל האָט זיך נאָך אַ פּאָר מינוטן אַרומגעטראָגן איבער'ן צימער.

„מען מוז שטאַרבן" — האָט גאַרטמאַן קאַלט און אַנטשלאָסן אַ טראַכט געטאָן.

ער האָט זיך שווער אויפגעהויבן, איז צוגעגאַנגען צום

שרייב־טיש, ארויסגענומען פונ׳ם קעסטל א שווארצן, פלאכן רע־וואלווער און פארזיכטיק צוריק פארמאכט דאס קעסטל. דערנאך האט ער דורכגעקוקט צו דער רעוואלווער איז אנגעלאדן, און ווען ער האט אים שוין געהאלטן צוגעדריקט צו דער לינקער זייט פון זיין ברוסט, האט עפעס א פינקל געטאן אין זיין טעמפן באוואוסטזיין.

זיין האנט האט זיך פארהאלטן און ער האט זיך איינגע־הערט.

— פארוואס שיסטו ניט אוים? — האט אימיצער אין אים א פרעג געטאן.

— ניטא זיך וואס צו איילן. אפשר פארט... — האט א צווייטע שטימע איבערגעשלאגן.

— נארישקייטן!

— אפשר איז פארט אן אויסוועג פאראן?

— דו צווייפלסט אין יונגלינג׳ס ווערטער?

— ניין, שטארבן איז אבער קיין מאל ניט צו שפעט.

—צו וואס, ווען דאס לעבן איז אזוי שווידערלאך?

— נו, און דער טויט?

— דער טויט גיט פארגעסונג, דאס לעבן קיין מאל ניט.

— אך ווי שרעקלאך! ביסט נאך אזוי יונג! דאס גליק רופט דיך פון אלע זייטן.

— אלץ איז פאלש! ס׳איז בלויז א נארעריי.

— ווער דארף עס דעם קאלטן, צופרידענעם אמת? נארעריי איז פינקט אזוי נויטיק.

— ניט פאר דעם, וועלכער ווייסט וואס עס וועט שפעטער קומען.

— נוווארט... ווארט גלאט אזוי.. אפשר איז דאך עפעס אן אויסוועג פאראן?

— צו וואס? אלע וועגן זיינען פארצאמט!

פון גארטמאנ׳ס ברוסט האט זיך א פארצווייפלטער קרעכץ ארויסגעריסן. ס׳איז געווען א געשריי פון א האלב־דערטרונ־

קענעם, וועלכער קומט צום לעצטן מאָל ארויף אַף דער אויבער־פלאַך.

דער זייגער האָט לאַנגזאַם אָפּגעקלונגען זעקס מאָל.

גארטמאַן האָט פעסטער צוגעדריקט דאָס רערל פונ׳ם רע־וואָלווער צו דער לינקער זייט ברוסט און מיט קראַפט א צי געטאָן דאָס הענטל. און איידער ער האָט נאָך דערהערט דעם שאָס און דערפילט זיינע פאָלגן, האָט זיך פאַר אים א טראָג געטאָן דאָס גרינע, דומפּיקע פעלד מיט די געלע, שוואַרץ־זוימיקע בלומען. און די בלומען זיינען געפלויגן הויך אין דער לופטן, מיט א שטילן כאָרכלענדיקן געלעכטער זיך געטראָגן ארום אים, גע־קלעפּט צו זיין פּנים, זיך געגליטשט אונטער די קליידער און געקראָכן איבער׳ן לייב. ער האָט געוואָלט אייניקע פון זיי כאַפּן, אָבער ניט געקענט. און אַט האָט ער פון ווייטנס דערזען א לינגדיקן מענטשן מיט א לאָרבער־קראַנץ ארום זיינע פעך־שוואַרצע האָר. דאָ האָט אָבער עפּעס א שטאַרקן קלאַפּ געטאָן אין דער לינקער זייט ברוסט, און גערדיכטע, שוואַרצע שאָטנס האָבן מיט א טעמפּן רויש גענומען שווער אַף אים פאַלן פון אַלע זייטן — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און אַפ׳ן צווייטן פרימאָרגן איז די ריזיק־גרויסע שטאָט געגאַנגען כאָדאָראָם מיט גארטמאַנ׳ס זעלבסטמאָרד.

אַלע צייטונגען זיינען ארויס מיט זיינע בילדער אין שוואַרצע ראַמען און מיט ערשטווינטע אַרטיקלען וועגן די אורזאַכן פונ׳ם אומגליק. פון איין זייט — לויב־געזאַנגען פאַר זיין נייער דראַמע, פון דער צווייטער — באַריכטן וועגן זיין טויט.

גארטמאַנ׳ס נאָנטע פריינט, די אָנוועזנדיקע באַם נעכטיקן יום־טוב, זיינען געווען די העלדן פון טאָג. זייערע נעמען האָבן געשוואַרצט מיט גרויסע בוכשטאַבן אַף די שפּאַלטן פון די צייטונגען גלייך מיט׳ן טויטנ׳ס נאָמען און יעדער איינער האָט געקוקט אַף זיי מיט פרעגנדיקע, ניט־גלויביקע בליקן.

פלאָרענס איז געלעגן אַ היסטערישע אין גאַרטמאַנ׳ס שלאָף־צימער און אַרום איר, מיט פאַרוויינטע אויגן, האָבן זיך געדרייט סאָפי, עטעל און אַ סך פריינט.

דער דירעקטאָר שאַטער איז אַרומגעגאַנגען ווי אַ דערשלאָגענער, מיט אַ פאַרגעלטן פנים און געהויבן מיט די אַקסלען.

און גאַרטמאַן איז געלעגן אויף זיין סאָפע מיט אַ דורכגעלעכערטן האַרץ און פון זיין אויסגעקרימטן מויל האָט זיך ווי נאָך געריסן אַ קרעכץ.

ווען די געטער ליבן — דער שטאַרבט יונג — — — —

און קיינער האָט ניט געקענט באַגרייפן דעם סוד פון גאַרטמאַנ׳ס טויט, פונקט ווי זיי האָבן ניט פאַרשטאַנען דעם סוד פון זייערע אייגענע לעבנס.

# נאָך הילף

דעם דאָקטאָר באַגינ׳ס לעבן האָט זיך, ווי איינער פון יענע גאָר טייערע, לענגלאַכע אָטאָמאָבילן, שטיל און זיכער געטראָגן פון איין טאָג אין צווייטן איבער׳ן קורץ־לאַנגן וועג פונ׳ם מענטשנס „זיין״. באַם רודער איז באַקוועם געזעסן באַגין, צו זיין לינקער זייט האָט זיך פעסט צוגעדריקט נעדי, זיין פרוי, און באַגינ׳ס האַנט האָט פעסט דעם רודער געהאַלטן, זיין אויג האָט דעם וועג געהיט און אַ זיכערער שמייכל האָט אַף זיין פנים געשוועבט.

אין דעם גראַמען, רייך באַפּוצטן, שטילן הויז, וואָס די באַגינס האָבן פאַרנומען, האָט זיך געפונען איבערגענוג באַקוועמען פּלאַץ פאַר אַ דינסט מיט אַ קינד אָדער צוויי. באַגין האָט אָבער ניט געוואָלט צושטערן זיין רואיקן אַרט לעבן, און ווען נעדי האָט אים אַ פּאָר מאָל באַמערקט, אַז באַ זיי אין הויז איז שוין צו שטיל, שוין צו ריין און צופיל אָרדנונג, האָט ער מיט אַ געלעכטער געענטפערט:

— נעדי, טייערע, איך ווייס צו וואָס דו צילסט. ווילסט צופירן צו דעם, אַז ס׳וואָלט ניט געשאַדט צו האָבן אַ קינד. ניט אמת? אָבער צו וואָס, נשמה מיינע, ווען דו ביסט נאָך אַליין אַ קינד? נעם אַקאָרשט אַ שפּיגל און באַטראַכט זיך גוט. ווער דאַרף עס האָבן דעם רויש, דעם געפּילדער, דעם ריח פון ווינדעלאַך? דו באַגרייפסט ניט וואָס עס מיינט צו האָבן אַ קינד. אָ, וואָס פאַר אַ שווערע זאַך דאָס איז! ווי קליין דער נפש איז, אַזוי קערט

ער איבער דאָס גרעסטע הויז. די וועלט איז אים ווייניק, קיין זאַך קען אים ניט צוברידן שטעלן.

ער האָט זי אַרומגענומען: — פּאָלג מיך און שלאָג זיך עס אַרויס פונ'ם קאָפּ. עס איז פון דיין טובה וועגן. מיר זיינען ערשט זעקס יאָר פאַרהייראַט און וועלן עס נאָך שפּעטער אויך ניט פאַר־פעלן.

זי האָט ניט געענטפערט און אַנגעשטרענגט געקוקט אין ווינקל, פאַרביי זיין פּנים. איר רעכט אויג איז דערביי געווען עטוואָס קלענער פונ'ם לינקן און זיך ווי איינגעהילט אין לייכטע שאָטנס; דער לינקער ווינקל פון מויל האָט זיך עטוואָס אַרויפגעצויגן און נאָך די באַוועגונג פון די מוסקולן איבער אירע באַקן, האָט מען געקענט זען, אַז זי שטרענגט זיך אָן אים עפּיס צו זאָגן און האַלט זיך אָפּ.

ער האָט זי פעסטער צוגעדריקט צו זיך: — גלויב מיר, ס'איז אַפילו ניטאָ פון וואָס צו טראַכטן. עס לעבט זיך דאָך אונז אַזוי גוט. צו וואָס עס צעשטערן? זאָל נאָך איבערגיין אַ יאָר, צוויי. נו, גיב מיר דיינע ליפּן און אַ סוף.

זי האָט געשוויגן, געהאַרכזאַם געלאָזט זיך פון אים פירן, גע־האָרכזאַם אים אונטערגעשטעלט אירע בלאַסע ליפּן, און איר ווײ־טער בליק און טיפער קנייטש צווישן די ברעמען האָבן אַנגעוויזן אויף דער פיינלאַכער אַנגעשטרענגטקייט פון אירע געדאַנקען.

עס איז געווען פיר און צוואַנציק שטונדן אין מעת־לעת, און אין יעדער שעה איז פעסט געווען אַריינגעפּאַסט אַ געוויסער טייל פון די באַגינס לעבן. און אַלע פיר און צוואַנציק שטונדן זיינען געווען צוגעקלעפּט צום ווייסן ציפערבלאַט פונ'ם גרויסן וואַנט־זייגער, און ווען פון די ווייזער־שפּיצן פלעגט פאַלן איין שעה נאָך דער צווייטער, איז מיט איר צוזאַמען אויך געפאַלן דאָס שטיקל לעבן, וועלכעס דאָקטאָר באַגין האָט מיט זיין פעסטן ווילן אָפּ פריער באַשטימט.

פּונקט אַכט אַ זייגער אין דער פרי פלעגט ער אויפשטיין, זומער און ווינטער זיך איינרייבן דעם קערפּער מיט קאַלטע וואַסער,

זיך אָפּראַזירן, און ווען דער זייגער האָט געקלונגען ניין, פּלעגט ער אַריינקומען אין עס־צימער. נעדי האָט שוין געוואַרט אויף אים מיט׳ן פרישטיק.

— אַ גוטער מאָרגן, נעדי. — ער נעמט זי אַרום, גיט איר אַ קוש אין די האָר, אָפּט אין די ליפּן: — גוט געשלאָפן?

— ניט שלעכט. — זי וואַרפט אָף אים אַ שנעלן בליק און זיפצט לייכט אָפּ.

ער באַמערקט עס ניט און באַטראַכט מיט צופרידנקייט די פּאַרשפּייזן, וועלכע זיינען אָנגעגרייט אַפ׳ן טיש. און ווען ער האָט איין מאָל יאָ איבערגעכאַפּט איר בליק, איז צווישן זיי פאָרגע־קומען דער פאָלגנדער געשפּרעך:

— וואָס איז געשען? ווילסט עפּיס זאָגן?

זי האָט אָף אים ווידער אַ קוק געטאָן און איינגעהאַלטן גע־ענטפערט:

— דיין פּנים איז אַזוי רואיק און צופרידן. אַ שרעק.

ער האָט זיך צעלאַכט.

— און דו וואָלסט בעסער געוואָלט עס זאָל זיין אויפגערעגט און מיט וואָלקנס באַדעקט? אַך, נעדי, נעדי, ביסט נאָך אַלץ אַ קינד! און דיין אַמאָליקע אומרואיקייט און אומצופרידנהייט האָבן, ווי ס׳ווייזט אויס, דיך נאָך ניט אינגאַנצן פאַרלאָזן.

זי שמייכלט קרום.

— מעגלאַך... אפשר איז עס גאָר אַזאַ קראַנקהייט פאַראַנען? דו ווייסט ניט?

איבער זיין פּנים טראָגט זיך דורך אַ אומצופרידענער שאָטן. ער זאָגט ערנסט:

— גאַנץ מעגלאַך. אָפּט אָבער זיינען אונטער אַזעלכע שטי־מונגען אונטערוואַרפן נערוועזע, געפילפולע פערזאָנען מיט רעוואָ־לוציאָנערע נייגונגען, ווען זיי אַרבעטן זיך אַרויף אין מאַטעריעלן זין. זיי ליידן זייער פון אַ פאַלשן געדאַנק, אַז זייער שטיקל רייכטום אָדער גליק איז באַ אימיצן צוגענומען, אַז מיט דעם, וואָס זיי לעבט זיך גוט, אין דער צייט וואָס פילע אַנדערע נייטיקן זיך, באַ־

גײען זײ אַ פאַרברעכן. אָבער איך פאַרזיכער דיך, נעדי, אַז אין דעם הינזיכט קען דײַן געװיסן גאַנץ רואיק זײַן. אונזער גליק איז אַ כשר פאַרדינטער. כ'האָב פאַר אַלץ באַצאָלט מיט יאָרן שװערער אַרבעט, און דערמאָנען דיך אָן דעם, אַז מיר פאַרגעסן אױך ניט אַנדערע, איז דאַכט זיך, איבעריק. דו װײסט אַלײן ניט, װיפיל צענדליקע קראַנקע איך הײל אָן געלט און װיפיל צענדליקע פרײַנט עס קריגן פון אונז הילף. װאָס־זשע נאָך קענען מיר טאָן? עפענען די טירן און רופן מענטשן פון גאַס: קומט און נעמט? ס'איז דאָך לעכערלאַך.

— ביסט גערעכט, אַלבערט, — האָט זי זיך צוגעדריקט צו אים, — כ'װײס, דו ביסט גערעכט. פאַרװאָס זשע פיל איך פאָרט פונקט װי אינמיטן פון מײַן נשמה אָדער האַרץ װאָלט אַ לײדיקער פלאַץ געװען, אַ לײדיקער און אַ קאַלטער?

— יעדער מענטש איז אומצופרידן מיט דעם, װאָס ער פאַר־מאָגט, — האָט ער שטיל געענטפערט.

— אָט ביסטו דאָך יאָ צופרידן!

— װײל כ'האָב שױן געהאַט אין מײַן לעבן פיל מער קעלט און הונגער װי דו.

— מעגלאַך.

ער איז איבערגעגאַנגען דעם צימער, אַנגעשטרענגט, זוכנדיק אין זכרון עפּיס אַ שטאַרקן ענטפער, אַזעלכן, מיט װעלכן ער זאָל קענען מיט אײן מאָל אַרױסיאָגן די ליכטזיניקע אומצופרידנהײט, װעלכע רױבט איר גליק און שטערט זײַן לעבן.

— נו גענוג, טײַערער, — האָט זי אים פאַר'ן האַנט אָנגע־נומען. — עס װעט איבערגײן. קום, דער פרישטיק איז שױן קאַלט געװאָרן. — זי האָט זיך צוגעטוליעט צו אים און אַראָפּגעלאָזט דעם קאָפּ אױף זײַן ברוסט.

ער האָט זיך דערפרײט און צופרידן זיך צעלאַכט.

— אָט אַזױ. מיר זײַנען שױן גרױסע מענטשן און דאַרפן זיך ניט פאַרנעמען מיט אַזעלכע נאַרישקײטן.

זײ האָבן זיך אַװעקגעזעצט בײַם טיש. נעדי האָט לאַנגזאַם

אַנגעגאָסן פאַר'ן מאָן אַ פולע גלאָז מיט געדיכטע פעטע קרים.
ער האָט איינגעהאַלטן־זשעדנע געקוקט אויף דער גלאָז און אַ פּאָר מאָל אָפּגעלעקט די ליפּן.

אַ חוץ נעדי'ן און זיין רואיקן לעבן, האָט דר. באַגין אויך ליב געהאַט גוט אָפּצועסן.

פון צען אין דער פרי ביז צוועלף האָט דר. באַגין אויפגענומען קראַנקע בא זיך אין קאַבינעט; פון איינס ביז פינף איז ער געווען באַשעפטיקט אין איינעם פון די גרויסע שטאָט־האָספּיטעלער. זעקס אַ זייגער איז ער שוין ווידער געזעסן מיט נעדי'ן באַם טיש אין עס־צימער, מיט פאַרגעניגען צוגעקוקט, ווי זי לייגט אים אריין אין זיין טעלער אַ גרויס פערטל געבראָטענע עוף אָדער אַ גראָב שטיק זופּן־פלייש, און זיינע אויגן האָבן געשיינט פון פאַרגעניגן.

פאַרנאַכט, פון זיבן ביז אַכט, האָט ער ווידער אויפגענומען קראַנקע אין הויז, און דערנאָך פלעגט ער מיט נעדי'ן גיין צו אַ קאָנצערט אָדער אין טעאַטער. אויב ס'איז קיין אינטערעסאַנטעס אין טעאַטער ניט געווען, פלעגן זיי דעם אָוונט פאַרברענגען אין אַ קאַפע־הויז, וואו עס האָבן זיך גאַנץ אָפט צוזאַמענגעקליבן אַרטיסטן און שרייבער. צוועלף אַ זייגער האָט ער שוין געמוזט זיין אין בעט. דאָס איז געווען פאַר אים אַ געזעץ.

באַגינ'ס אויסערלאַכער אויסזען האָט פולשטענדיק האַרמאָנירט מיט זיין רואיקן אַרט לעבן. ער איז געווען פון הויכן וואוקס, פעסט געבויט, מיט אַ שיינעם, בלאָנדן פּנים, פון וועלכן עס האָבן רואיק און זיכער אַרויסגעקוקט זיינע גרויע אויגן. זיין שטימע איז געווען הויך און זאַפטיק, זיין גאַנג פעסט און זיכער.

נעדי איז געווען פונקט דער געגנזאַץ פון אים. עטוואָס נידעריקער פון מיטעלן וואוקס, איידל, צאַרט, מיט אַ לאַנגלאַך־בלייכן פּנים, נערוועז ווי אַן אָנגעצויגענער בויגן, איידער ער לאָזט פון זיך אַרויס די פייל. זי האָט געהאַט גרויסע, שוואַרצע, אויסערגעוויינלאַך שיין געשניטענע אויגן, אין דער טיפעניש פון וועלכע עס האָבן אָפט זיך אומרואיקע פייערלאַך געצונדן. געבויט איז זי

געווען פּראַכטפול, און אַ וואַלקן גערידכטע, שוואַרצע האָר האָט זיך שווער אַף איר נאַקן אַראָפּגעלאָזט.

און אַזוי האָבן זיך די טעג פון באַגינ׳ס לעבן רואיק געטונקען און פאַרשוואונדן אין שטראָם פון וואָכן, חדשים און יאָרן. אָבער אים האָט עס ווייניק וואָס געקימערט: פאַראויס, אַף וויפיל נאָר זיין זיכערער בליק האָט געקענט כאַפּן, האָט געוואַרט אַף אים אַ לאַנגע רייע, פונקט אַזעלכע זאָרגלאָזע, רואיקע טעג. ער האָט גע־קוקט אַף זיי מיט אַ צופרידענעם שמייכל, געטראַכט, אַז ס׳איז זייער גוט אַזוי, און עס וועט נאָך בעסער זיין, ווען אויך נעדי וועט זיך באַפרייען פון איר קינדערשער אומרואיקייט, פון דעם אייביקן רייסן זיך אין דער פוסטער לופט אַריין, און וועט אויך, אַזוי ווי ער, דערזען פאַר זיך די לאַנגע רייע אַנקומענדיקע, שיינע, רואיקע טעג.

און פלוצלינג האָט זיך באַגינ׳ס לעבן מיט אימפּעט אָן עפּעס האַרטעס אָנגעשטויסן און איז שטיין געבליבן. פונ׳ם ניט־דערוואַר־טעטן קלאַפּ איז ער אַרויסגעפאַלן פון זיין זיץ, פּילנדיק ווי נעדי׳ס האַנט איז אַרויסגעריסן געוואָרן פון זיינער. ער האָט זיך אינ־גאַנצן פאַרלאָרן. ווען ער איז צו זיך געקומען, איז ער געווען אַליין אין זיין הויז. אַפ׳ן טיש פאַר אים איז געלעגן נעדי׳ס אַ בריוו, שטיקלאַך פון וועלכן עס האָבן זיך ווי איינגעשניטן און געברענט זיין מאַרך.

זי האָט געשריבן:

„איך פאַרלאָז דיך, טייערער אַלבערט, ווייל... ווייל איך קען שוין זיך אַליין מער ניט פאַרטראָגן. איך האָב ליב דאַנעווען און גיי אַוועק מיט אים. מיין ליבע צו אים איז אָבער בלויז איינע פון די צוויי אורזאַכן, וואָס טרייבט מיך אַזוי צו האַנדלען. די צווייטע אורזאַך איז שווער אויסצודריקן מיט ווערטער. זי קען מען בלויז פילן. אַלץ, וואָס אַ מענטש קען זיך נאָר ווינטשען, האָב איך בײַ דיר געהאַט: ליבע, רו, פאַרגעניגן. אָבער כ׳האָב אַממערסטן געהאַט אַ געפיל, אַז אַט די אַלע גוטע זאַכן זיינען פרעמדע, ניט מיינע, אָדער מיר האָט זיך גאָר געדאַכט, אַז איך

שלאָף און חלום. דו האָסט מיך אָפּגעצאָמט פון דעם רעאַלן לעבן מיט אַ וואַנט פון רו און צערטליכקייטן, און מיין איינגעבוירענע אומרואיקייט האָט מיך געמאַטערט אָן אַ סוף. ליבער אַלבערט, איך בעט דיך, טראַכט זיך איין, באַגרייף און פאַרגיב מיר. מעג־לאַך, כ'בין גאָר קראַנק, און ליב איינגאַנצן ניט דאַנעווען. ניין, ניין, פון דעם האָב איך אַפילו מורא צו טראַכטן. איך ווייס, ער איז זייער אָרים. ער האָט נאָך היינטיקן חודש אַפילו פאַר זיין צימער ניט באַצאָלט, און איך וועל מוזן זוכן אַרבעט. עס שרעקט מיך אָבער גאַנץ ווייניק, אפשר וועל איך אין זיין וועלט פון לי־טעראַטור און קונסט געפינען דאָס, וואָס מיר פעלט. אויב ניט, בין איך אַ פאַרלוירענע. איין זאַך האָב איך, פאַרלאָזנדיק דיך, שוין געוואונען. דאָס איז — זיך אַליין, מיין זעלבסטשטענדיקייט. איך גיי אַליין אין גאַס, טראַכט פאַר זיך אַליין, פיל זיך פריי. כ'האָב זיך ווי אָפּגעריסן פון אַ קייט. ניטאָ קיין זיבן צימערן אונטער מיר, איך דאַרף ניט טראַכטן וועגן גוטע קרים צו דיין פרישטיק, וועגן דיינע ליבע מאכלים צום מיטאָג. כ'ווייס ניט, וואוהין מיין איצטיקער וועג וועט מיך ברענגען, אָבער זיין מיט דיר לענגער, אָדער דיך גאָר נאַרן מיט אַ צווייטן, האָב איך ניט געקענט. איך בין גרייט צו צאָלן דעם פרייז פאַר מיין טאַט. איך ווייס, וואָס פאַר אַן אומרעכט איך באַגיי געגן דיר, ווי טיף ווי איך טו דיר — איך קען זיך אָבער ניט העלפן. אַזוי איז עס, און אַזוי מוזן מיר עס נעמען.

דיין געוועזענע פריינד

נ ע ד י."

די ערשטע צוויי טעג איז באַגין אַפילו פון הויז ניט אַרויס־געגאַנגען. גאַנצע טעג און נעכט האָט ער געשפּאַנט פון איין צימער אין צווייטן, געוואָלט צוזאַמענקלייבן, בולט'ער מאַכן די צעדריקטע געדאַנקען, קלאָר באַגרייפן וואָס דאָ איז געשען, און ניט געקענט. די פּאַסירונג איז באַ אים אין מוח ווי פאַרוואַנדלט געוואָרן אין צענדליקע, גליטשיק־קיילעכדיקע שלאַנגען־קערפּערס, וועלכע האָבן זיך אַלע ווילע צוזאַמענגעקליבן אין איין קופּע, אויסגעזען אַזוי

קלאָר און באַגרייפלאַך, זיינען זיך אָבער צעשוואומען, גלייך ווי נאָר ער האָט געפּרופט אין זיי זיך איינקוקן, זיי אַנאַליזירן. דאַן האָט ער גענומען אַרויסריידן זיינע געדאַנקען, זיי אויסשרייען אין דער הויך. און די צימערן האָבן זיך איבערגעפילט מיט משונה׳־דיגע, האַלב־וואַנזיניגע געשפּרעכן מיט זיך אַליין, מיט שטילע בקשות און מיט בייזע אויסגעשרייען.

פון ווינקל צו ווינקל, פון איין צימער אין צווייטן האָט ער שטונדן לאַנג געשפּאַנט און ניט געקענט קיין שלום מאַכן מיט דעם, וואָס ס׳איז געשען. די לאַנגע רייע רואיקע, גליקלאַכע טעג, וועלכע האָבן געוואַרט אויף אים פאַראויס, זיינען פאַרשוואונדן, און אַ קאַלטער, גרויער נעבל האָט אַלץ אַרום פאַרצויגן.

ערשט, זיך אויפכאַפּנדיק, אַפ׳ן דריטן פרימאָרגן, האָט ער דאָס ערשטע מאָל באַגריפן וואָס עס איז פאָרגעקומען. אַ צעשווי־בערטער, אַ האַלב־אויסגעטאָנענער איז ער געזעסן אַפ׳ן בעט, זיך לייכט געשאָקלט הין און צוריק און מיט דער רעכטער האַנט זיך געהאַלטן פאַר דער באַק. זיין געוויינלאַכע גלייכגעוויכט האָט זיך שוין אָבער צוריקגעקערט צו אים. אַצינד האָט ער איינגע׳עקשנ׳ט געזוכט די אורזאַכן פון דעם אומגליק. צי איז עס געשען אַ דאַנק זיין אייגענער ניט־פאַרזיכטיקייט, צוליב אַ מין אויסערלאַכער סיבה, צי איז עס געקומען פון אינווייניק, פון זייער לעבן גופא?

אים האָט זיך געדאַכט, אַז דאָס וויסן אַליין וועט שוין אַ ביסל צעטרייבן די שווערקייט, וואָס דריקט אַזוי זיין מוח. און נאָך אַ לאַנגען טראַכטן און גריבלען זיך איז ער געקומען צום שלום, אַז דער אומגליק איז געקומען פון אינווייניק און איז געווען אומפאַר־מיידלאַך.

גרינגער פון דעם איז אים אָבער ניט געוואָרן.

ער האָט זיך דערמאָנט אַן פיל קליינינקייטן פון זייער צוזאַ־מענלעבן און אויך וועגן די פּאָר געשפּרעכן, וואָס זי האָט געהאַט מיט אים באַם פרישטיק, און באַשלאָסן, אַז ווען עס וואָלט געווען אַ קינד, וואָלט עס צו דעם זיכער ניט געקומען. און אים האָט זיך פּלוצלונג זייער שטאַרק פאַרוואָלט צו האָבן אַ קינד. אַ קליין, שיין

מיידעלע, וועלכע זאָל הייסן ראָזעלע. ער איז אינגאַנצן ווי איבער־געפילט געוואָרן מיט בענקשאַפט. אַ שטומפּער ווייַ פון חרטה האָט גענומען פיבעריש אַרבעטן אין איין ריכטונג און צווייבערנדיקע בילדער ווי אַזוי זיין הויז וואָלט אויסגעזען, ווען ראָזעלע געפינט זיך דאָרטן, האָבן אים פאַרטרונקען.

מיט'ן גאַנצן פאַדערשטן טייל קערפּער האָט ער זיך איבערגע־בויגן אויף פאָראויס, צוגעמאַכט די אויגן און דאָס פּנים צוזאַמענ־געדריקט אין איין פיינלאַך־זיסער גרימאַסע.

מיין טייער מיידעלע... מיין ראָזעלע!

און בילדער זיינען געפאַלן, געפאַלן אַזעלכע שטילע, רואיקע, צווייבערנדיק־ווייסע, ווי פּוכיקע שנייעלאַך אין אַ ווינטלאָזן ווינטער־טאָג.

אָט קומט ער אַ מידער פון'ם האָספּיטאַל. דאָס קינד לויפט אים אַנטקעגן. „פּאַפּאַ"! קלינגט איר פרישינקע שטימעלע. ער כאַפּט זי אָף די הענט און טראָגט זי אין עס־צימער, זיך צוהערנ־דיק צו איר פריילאַכן פּלאַפּלען. באַם עסן זיצט זי נעבן אים און ער האָט אַן אַרבעט זי אַלע ווײַלע אַרומצואַווישן און זי לערנען ווי אַזוי צו עסן. אין אָוונט, איידער ער מיט נעדי'ן פאַרלאָזן די הויז, גייען זיי אַריין זאָגן דעם קינד אַ גוטע נאַכט. ראָזעלע וויל זיך אָבער נאָך ניט לייגן שלאָפן און רייסט זיך שטיפנדיק צו זיי פון דער דינסטס הענט. ענדלאַך לייגט מען זי אַוועק אין בעטל, צו־זאָגנדיק איר אַלע גליקן. זיי קושן זי און כאַפּן זיך שנעל אַרויס. און ווען זיי קומען שפּעטער צוריק, גנב'ענען זיי זיך אַריין אָף די שפּיץ פינגער צו איר אין צימער, שטייען שטיל פאַר איר בעטל, פעסט צוגעדריקט איינער צום צווייטן, קענען זיך זאַט ניט אָנ־קוקן אין איר. און אַפּ'ן האַרצן איז אַזוי וואַרים, אַזוי...

ער האָט פעסט צוזאַמענגעדריקט דעם קאָפּ מיט די הענט.

יאָ, עס וואָלט געקענט אַזוי זיין; איצט אָבער איז שוין פאַרפאַלן. טויט. ס'איז אַן אָפּגעפאַלענער געלער בלאַט.

זיין געדאַנק האָט זיך מיט אַמאָל, ווי זוכנדיק אַ רעטונג, אַ נעם געטאָן אויף אַן אַנדער וועג.

נו און אַז ניט קיין קינד, וואָס איז דער אומגליק? וויפיל הונדערטע פאַמיליעס לעבן אויס זייערע יאָרן אָן קינדער? בא זיי איז עס דאָך בלויז געווען אַ פראַגע פון צייט, פון אייגענעם ווילן. האָט ער איר דען ניט פאַרשאַפט אַלץ, וואָס איר האַרץ האָט גע־גלוסט? צוליב וועמען, אויב ניט צוליב איר, האָט ער אויפגעבויט אַזאַ שיינע היים, זיך געמאַטערט מיט די קראַנקע, געלאָפן אין די האָספּיטעלער? און מיט וואָס האָט זי אים באַלוינט פאַר זיין אַרבעט און ליבע? און ס'איז גאַנץ מעגלאָך, אַז זיין גאַנצער אַנאַליז און באַשלוס, אַז ווען ס'איז פאַראַן אַ קינד, וואָלט עס צו דעם ניט געקומען, איז אַ פאַלשער, אַ שוואַך־באַגרינדעטער אָף זיינע אייגענע סענטימענטן. דאָס קעסטעלע עפנט זיך מעגלאָך גאַנץ איינפאַך. קיין פילאָזאָפירן דאַרף מען דאָ ניט: עס האָט זיך איר געמאַכט דער ריכטיקער געליבטער, און קיין זאַך האָט זי ניט אָפּגעשטעלט.

ער האָט זיך דערמאָנט, אַז אין די לעצטע עטלאַכע וואָכן האָט זי זיך אָפט אַנטזאָגט מיטצוגיין מיט אים אין טעאַטער אָדער אין קאַפע, זאָגענדיק, אַז זי פילט זיך מיד אָדער דער קאָפּ טוט איר וויי.

— אָט דאָס איז עס! — האָט ער זיך מיט גאַל צעלאַכט. — זי האָט גאַנץ ווייניק פילאָזאָפירט: מיך אַוועקגעשיקט פון הויז און אַליין אויפגענומען דעם געליבטן.

דאָס בלוט האָט אים אַ שלאָג געטאָן אין קאָפּ אַריין. ער איז צוריקגעפאַלן אָפּ'ן בעט, און מיט אַ פיינלאַכן ברומען זיך איינ־גאַנצן צוזאַמענגעדריקט. דערנאָך האָט ער ווידער געטראַכט, זיך ווידער געגריבלט.

און וואָס טיפער ער האָט זיך איצט איינגעטראַכט, אַלץ גרעסער איז איר שולד אין זיינע אויגן געוואַקסן, ביז זי איז ענד־לאָך אין אַ קאָלאָסאַלן, עקלהאַפטן פאַרברעכן פאַרוואַנדלט געוואָרן. ס'איז שוין געווען אַ פאַרברעכן ניט נאָר קעגן אים פערזענלאָך, נאָר אויך קעגן קלאָרן פאַרשטאַנד, קעגן אַלעם שיינעם און גאַבע־לעם, וואָס עקזיסטירט אָף דער וועלט.

און אַ שאַרפער האַס קעגן איר האָט אים מיט אַמאָל אַרומ־

געכאַפּט, האָט פאַרפילט יעדע צעל פון זיין קערפּער און מאַרך און אים פאַרדרייט אין אַ שטורמישן רינג. אַ שלאַגס־רעגן מיט שימף־ווערטער און פלוכן, געמישט מיט די ציניששטע אויסדרוקן, מיט וועלכע ער האָט זיך קיינמאָל אין לעבן ניט באַנוצט, האָט זיך שטראָמען־ווייז געריסן פון זיין מויל. ס'איז ניט געווען אַזאַ שמוץ אין דער וועלט, וועלכע זאָל זיין גענוג שוואַרץ, גענוג שמו־ציק פאַר איר. זיינע ליפּן זיינען ניט אימשטאַנד געווען אַזוי שנעל צו וואַרפען די קללות און באַליידיגונגען אין דער לופט, ווי זיי האָבן זיך געריסען פון זיין מויל.

דערנאָך איז ער אַראָפּגעשפּרונגען פון בעט, זיך אַ לאָז געטאָן איבער די צימערן, האַסטיק געשלעפּט פון די שאַפעס, שיפלאַדן און קאַסטנס אַלע אירע פאַרבליבענע זאַכן, זיי געריסן, געשניטן, געברענט אין אַ ווילדער וואַקכאַנאַליע פון צעשטערונג. און די גאַנצע צייט ניט אויפגעהערט צו שילטן און באַליידיקן:

— נאַ, נאַ, האָסט עס דאָך געוואָלט! דו, שמוציקער נפש, דו, פּראָסטיטוטקע! פאַרשאָלטן זאָלסטו ווערן, דו, אויסגעלאַסענע זאַך! שטיקער זאָלן פון דיר פאַלן, שטיקער, שטיקער, שטיקער!

דערנאָך האָט ער גענומען איבערשטעלן דאָס מעבל. דעם גרויסן וואַנט־שפּיגל פון שלאָף־צימער, אין וועלכן נעדי'ס שלאַנ־קער קערפּער פלעגט זיך אַזוי אָפט אָפּשפּיגלען אין איר גאַנצער רייצנדיקער נאַקעטקייט, האָט ער מיט איין קלאַפּ פון אַ שטול צעשמעטערט. איר בעט האָט ער איבערגעקערט אויף איין זייט, זיין בעט אַרויסגעשלעפּט אין גאַסט־צימער און די טיר פאַרשלאָסן. ער האָט אויך פאַרהאַקט די טיר פון'ם עס־צימער. די בילדער און צאַלרייכע באַפּוצונגען אַף די ווענט האָט ער איבערגעהאַנגען, פילע אינגאַנצן אוועקגעוואָרפן, און יענע אַלע, וועלכע האָבן געהאַט דעם קלענסטן שייכות צו איר, האָט ער געבראָכן און געריסן.

פון אַ שמייכל קומט זייער לייכט אַרויס אַ פיינלאַכע אָדער אַ אידיאָטישע גרימאַסע. מען דאַרף בלויז דאָס מויל אַ ביסל ברייטער צענעמען, אויפהייבן די ברעמען, אַ צי טאָן די אונטער־שטע ליפּ אַף פאָראויס, אָדער אויסשצירען די ציין. אַזוי איז פון

באַגינ'ס רייך און אַרטיסטיש צוזאַמענגעשטעלטן הויז, נאָכ'ן איבערשטעלן און איבערהענגען, אַרויסגעקומען אַ גרימאַסע, אַ פּיינלאַכע, אַ פאַרלאָרענע גרימאַסע. און ער האָט עס געזען, געפילט אין יעדן ווינקל פון יעדן צימער, און קרום שמייכלענדיק אימיצן ווי אַף צו־להכעיס געדערט, מיט אימיצן זיך ווי געריצט:

— זאָל זיין אַזוי. וועמען אַרט עס! אַפילו מיט'ן פייער זאָל היינט אַלעס אַוועק! זאָל זי קומען און זען, וואָס זי האָט אָנגעמאַכט. זי, דאָס נידעריקע באַשעפעניש, וועלכע איז פון צופיל וואוילטאָג פּשוט פון זינען אַראָפּ!

ער האָט איבער די צימערן געשפּאַנט און געדערט צו יעדן ווינקל, צו יעדן שטיקל מעבל:

— און מיט וועמען איז זי עס אַוועק? ס'איז דאָך נאָר אַ שאַנד אַ טראַכט צו טאָן. מיט דאַנעווען, דעם פּוסטן פּראַזיאַר, דעם טאַלאַנטלאָזסטן פּאָעט. אָנו, מען דאַרף זיך נאָר דערמאָנען וויפיל געלט ער איז מיר שולדיק, וויפיל טובות איך האָב אים געטאָן, וויפיל מיטאָגן ער האָט בײַ מיר געגעסן. אָבער וואָס איז דער אונטערשיד? ווי אַלט און מיאוס דאָס אַלעס איז! דער מאַן העלפט אַ פריינט, און דער פריינט נעמט אַוועק בײַ אים דאָס ווייב. אַך, ווי אַלט און עקלהאַפט!

אַזוי האָט ער זיך אַ גאַנצן טאָג, ווי אַ צעשטערונגס־גייסט, אַרומגעטראָגן איבער די צימערן און זיך איילנדיק פאַרניכטעט דאָס, וואָס איז אין צייט פון זעקס יאָר מיט אַזוי פיל מי און ליבע געשאַפן געוואָרן.

ווי אַ טויטער איז ער יענע נאַכט אָפּגעשלאָפן. ווען ער האָט זיך אין דער פרי אויפגעכאַפּט, האָט זיך אין זיין האַלטונג שוין ווידער געפילט דער פריערדיקער דר. באַגין. דאָס פּנים איז געווען בלייך, די באַקן איינגעפאַלן, אין האַרצן האָט געהערשט אַ פּוסטקייט, אָבער באַגין איז מיט פעסטע טריט ווידער אַרויף אַפ'ן אַלטן לעבנס־וועג און אונטער'ן דרוק פון זיין ווילנס־קראַפט זיך געלאָזט ווייטער גיין, פּונקט ווי ס'וואָלט קיין זאַך ניט געשען.

און אַ ריי טעג און נעכט האָבן זיך אַ לאָז געטאָן איינער

נאָכ׳ן צווייטן. אצינד זיינען זיי אָבער געווען פּוסטע, און זייער אינהאַלטסלאָזיקייט האָט ניט געקענט אָנגעפּילט ווערן מיט קיין אַרבעט, מיט קיין אָנשטרענגונג. ער האָט זיך געצוואונגען ניט צו טראַכטן וועגן נעדי׳ן, געיאָגט פון זיך אַלץ, וואָס האָט אים אָן איר דערמאָנט, האָט קיינעם פון זיינע פריינט און באַקאַנטע ניט ער־לויבט איר נאָמען צו דערמאָנען. דאָך האָט ער שטענדיק געפילט, אַז ער בענקט נאָך איר און אויך נאָך זיין קליין, שיין מיידעלע, נאָך דער ניט־געקומענער ראָזעלע׳ן.

אַלע אָוונטן פלעגט ער איצט, פּונקט ווי פריער, פאַרברענגען אין קאַפע, אין טעאַטער אָדער ביי אַ קאָנצערט. אויסערלאַך האָט ער אויסגעזען כמעט דער זעלבער ווי פריער, אָבער ווי אַמאָל בא נעדי׳ן, אַזוי האָט איצט בא אים אַלץ אויסגעזען ווי ניט רעאַל, ווי דורך אַ נעבל. ער האָט אָפט געהאַט אַ געפיל, אַז ניט ער זיצט עס מיט באַקאַנטע אין קאַפע, רעדט און לאַכט, נאָר עמיץ אַנדערש, אין וועלכן ער ליגט באַהאַלטן און פאָלגט נאָך, וואָס יענער טוט. טיף אין אים האָט שטענדיק עפּעס גענאָגט, האָט שטענדיק עפּעס ווייי געטאָן.

און נאָך אַן ענדערונג איז אין אים פאָרגעקומען. פון שטענ־דיק אָן איז ער געווען אַ גרויסער ליבהאָבער פון סימפאָני־קאָנ־צערטן. צוויי מאָל אַ וואָך פלעגט ער מיט נעדי׳ן מוזן גיין הערן די פילהאַרמאָניק. אַצינד האָט ער מיט אַמאָל דערפילט, אַז ער קען די קאָנצערטן מער ניט הערן. ניט ווייל ער איז אַליין, נאָר ווייל די אָרקעסטער־קלאַנגען האָבן אים פאַרשאַפט אַ מין טעמפּע אויפרעגונג, וועלכע איז געווען פיל פיינלאַכער פון די שאַרפסטע ווייטיקן. עפּעס איז אין זיין נשמה פאָרגעקומען אַזוינס, וואָס האָט ניט געשטימט מער מיט די שטרענג צוזאַמענגעבונדענע מע־לאָדיעס פון צענדליקע, פאַרשידנאַרטיקע אינסטרומענטן.

ער האָט אויפגעהערט צו גיין הערן די פילהאַרמאָניק, האָט אָבער מיט פאַרגעניגען פאַרטגעזעצט צו באַזוכן זינגער און פידל־קאָנצערטן. אָפט האָט ער זיך אויך גענומען אַריינכאַפּן אין אַ בורלעסק־טעאַטער, וואו האַלב־נאַקעטע מיידלאַך האָבן וואולגאַר

געטאַנצט און הייזעריק געזונגען, פאַררייסנדיק די פיס איבער זייערע קעפּ.

אזוי זיינען אַריבער דריי חדשים.

שפּעטער האָט באַגין גענומען טראַכטן, אַז מען דאַרף גאָר חתונה האָבן. און וואָס שנעלער אַלץ בעסער. ער האָט זיך אויפמערקזאַם גענומען צוקוקן צו די באַקאַנטע יונגע פרויען און מיידלאַך, זשעדנע נאָכגעפאָלגט זייערע זיטן, רייד, פּנים׳ער, און יעדע פון זיי זיך פאַרגעשטעלט אַלס זיין ווייב, אַ נאַקעטע מיט זיך אין שלאַפצימער. זיין זעלבסטנאַרעריי האָט אָבער אָנגעהאַלטן בלויז עטלאַכע מינוטן. ער פלעגט זיך באַלד כאַפּן, אַז ניט נאָר ער קוקט זיך צו צו די פרויען, נאָר ער פאַרגלייכט אויך, אומבאַוואוסטזיניקערהייט, יעדע פון זיי מיט נעדי׳ן, מיט „זיין נעדי׳ן“.

און אַ ציטערדיקער שמייכל האָט זיינע ליפּן געקרימט און ער האָט מיט אַ פיינלאַכן האָס ציניש געטראַכט: פון וואַנען ווייסט ער, אַז אַט דאָס אַזוי זיס־שמייכלענדיקע באַשעפעניש מיט די אומשולדיקע אויגן און צאַרטע באַנעמונגען וועט זיך שפּעטער ניט ארויסווייזן פאַר פונקט אַזאַ פאַדליוגע, אַזאַ גאַסן־פרוי, ווי איר שוועסטער נעדי? פון וואַנען ווייסט ער עס? און ער האָט שטיל געלאַכט, גאַליק און אַפּגעהאַקט.

צי אפשר זיך גאָר אַ געליבטע אויסזוכן? — האָט זיין געדאַנק אַ בייזן שפּרונג געטאָן. — אַלע טוען עס איצט. וואָס פאַר אַ נאַר זוכט עס היינטיקע צייטן אַ ווייב? וואָס קען אים אָפּהאַלטן דערפון? די עקזיסטירנדיקע מאָראַל, צי אפשר די מורא פאַר אַ סקאַנדאַל? האַ, זאָל אַלעם גיין צום טייוועל! מען דאַרף זיך דערמאָנען, ווער פון זיינע פריינט און באַקאַנטע פאַרמאָגט עפּיס אַ שיין, יונג ווייבל, מיט וועלכער מען זאָל זיך קענען לאָזן וואויל־גיין? עס מעג אים קאָסטן ווי טייער. צו וואָס פאַר אַ ניט־גוטן דאַרף ער איצט דאָס געלט, וואָס ער פאַרדינט? וואָס האָט די וועלט אָדער די אנשטענדיקייט פון זיינע קאַלטע, איינזאַמע נעכט? ניין, חתונה האָבן איז לעכערלאַך. ווי קען עס אַזא דומהייט אים אפילו אין קאָפּ איינפאַלן? אָבער אַ געליבטע דאַרף

ער. ער מוז זיך אויסזוכן אַ געליבטע, זי אַריינפירן מיט פּאַראַד אין אַלטן שלאָפצימער, צוריק אויפשטעלן דאָס איבערגעקערטע בעט און זאָל זי זיך וואַלגערן דאָרטן. זאָל זי ליגן אַף דעם זעלבן פּלאַץ, וואו נעדי איז פריער געלעגן. צי ער וועט בעסער גאָר אַ גאַסן־פרוי אַהין אַריינפירן און זי דאָרטן נעבן זיך אַוועקלייגן.

און ער האָט עס געטאָן. ער האָט צוויי מאָל מיטגעבראַכט מיט זיך פאַרשידענע פרויען און פאַרבראַכט מיט זיי צוויי נעכט. ס'איז געווען וויין אַפּ'ן טיש, פרוכטן אין אַ קרישטאָלענער וואַזע, בלומען, אומאַרמונגען, קושן. ביידע מאָל זיינען די פרויען ניט געווען קיין פּראָפעסיאָנעלע פּראָסטיטוטקעס, נאָר פון יענער גרופּע פרייגעזאָנענע מיידלאַך, אויף וועמענס רוקנס עס האָט זיך, אין יאָגעניש נאָך געשלעכטלאַכער גלייכקייט, איבערגעבראָכן דער איי־בערגאַנגס־פּעריאָד פון דער הויז־פרוי צו דער קאָפּע־פרוי.

דעם געזונטן, שיינעם דר. באָגין האָבן אַלע פרויען אין קאָפּע זייער ליב געהאַט. די שיינע נעדי נעבן זיין זייט, האָט זי אָבער שטענדיק געהאַלטן פון וויטנס. אויך ער פערזענלאַך האָט זיי גע־צאָלט זייער וויניק אויפמערקזאַמקייט. זינט אָבער נעדי האָט אים פאַרלאָזן, האָבן זיך אייניקע פון די קאָפּע־מיידלאַך גענומען צוזעצן צו זיין טישל און פאַרברענגען מיט אים די אָוונטן. און ווען ער האָט אַ פּאָר מאָל וועמען פון זיי אַ רוף געטאָן, איז מען מיט אים מיטגעגאַנגען מיט פאַרגעניגען.

און אַ זאָנדערבאַרע זאַך: קיינע פון אַט די דאָזיקע פרויען, ניט קוקנדיק אַף זייער פאַרהעלטנישמעסיקער יוגנט און שיינקייט, האָט באָגינ'ען אויף קיין איינציקער רגע ניט געקענט געבן אַפילו די שוואַכסטע אילוזיע פון גליק. ביידע מאָל, ווען ער האָט ער־וואַרט די פרויען, איז אַלץ געווען איינגעאָרדענט פּונקט ווי ווען אַ געליבטע דאַרף קומען, פּונקט ווי דאַן, ווען ער איז נאָך דער חופּה, דאָס ערשטע מאָל, אַריין מיט נעדי'ן צו זיך אין הויז.

ס'איז אָבער געווען אומזיסט. דאָס פייגעלע פון גליק איז אַרויסגעפלויגן פונ'ם שטייגל און זיך שוין מער ניט געלאָזט אַריינ־נאַרן.

ער האָט עס געפילט בא יעדן קוש, וואָס ער האָט געגעבן און געקראַגן, בא יעדן גלעזל וויין, וואָס זיי האָבן געטרונקען, בא יעדער לײדנשאַפטלאָכער צוזאַמענדריקונג פון זייערע לייבער.

אַלעס איז געווען געקינצלט.

— ס'אַ ליגן, באַגין, דו נאַרסט זיך אַליין: ס'איז ניט קיין ליבע! — האָט ווער אין אים געשריען, און די שאָטנס אין די ווינקלען האָבן טאַנצנדיק איבערגע'חזר'ט: „ניטאָ קיין ליבע, באַגין, אַן נעדי'ן, ניטאָ!"

און ביידע מאָל אין דער פרי, ווען די מיידלאַך זיינען אַוועק, איז ער לאַנג געשטאַנען באַם טיש, געקוקט אַפ'ן בוקעט שטאַרבנדיקע רויזן, אַף דער וואַזע מיט פרוכט, אַף די ניט־דערטרונקענע גלעזער וויין, אַפ'ן צעקנייטשטן, ציניש־שמייכלענדיקן בעט, און זיין קאָפּ איז אַלץ נידעריקער אַף זיין ברוסט געפאַלן.

פאַרשאָלטענע! פאַרוואָס האָסטו מיין גליק אַוועקגענומען מיט זיך?!

אַמאָל, אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט, ווען די איינזאַמקייט האָט אים שוין גאָר שטאַרק געדריקט, פלעגט ער מיט אַ מין באַהאַלטענעם פאַרגעניגן, ווי טוענדיק זיך אַליין אַ צו־להכעיס, אַראָפּנעמען דעם פאַרבאָט ניט צו טראַכטן וועגן נעדי'ן, און זיך נעמען מאָלן בילדער. וואָס וואָלט ער אַ שטייגער געטאָן, ווען זי פאַלט אַריין צו אים אין די הענט? נו, ווען ער באַגעגנט זי, צום ביישפיל, איינע אַליין אין וואַלד? צי ווען דער געליבטער וואַרפט זי אַוועק און זי, אַן אויסגעמוטשעטע, אַ דערשלאָגענע, קומט צו אים צוריק, שטייט מיט אַ טיף־געבויגענעם קאָפּ בא דער טיר און בעט ער זאָל איר מוחל זיין?

ער זעצט זיך שנעל אויף. אַ בריענדיקע כוואַליע פאַרגיסט זיין האַרץ, און טויזנטער דינינקע נאָדלען שטעכן זיך איין איבער זיין גאַנצן קערפּער. אין מוח נעמט זיך וויגן אַ געדיכטער גראָער נעבל. ער איז ניט אימשטאַנד צו באַגרייפן, וואָס ער וואָלט מיט איר געטאָן. ער פילט אָבער איין זאַך קלאָר, אַז דאָס ערשטע

וואָלט ער, ווי אַ צערייצטער אָקס, זיך אַ וואָרף געטאָן אַף איר און זי געטראָטן, געטראָטן מיט די פּיס — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

דער 20־טער נאָוועמבער איז דעם יאָר אויסגעקומען מאָנטיק. נאָך אינדערפרי, ליגנדיק אין בעט, האָט זיך דר. באַגין דערמאָנט, אַז היינט איז זיין געבורטסטאָג. ער האָט זיך דערשראָקן אַ הייב געטאָן פון בעט, אַ שטראָם מיט עראינערונגען וועגן דעם זעלבן טאָג פאַר די לעצטע זעקס יאָר האָט אים פאַרגאָסן.

נעדי האָט גוט געדענקט דעם טאָג און קיינמאָל ניט פאַר־פעלט אים עפּיס אַן אָריגינעלן פּרעזענט צו קויפן. ער האָט, דאַכט זיך, געהאַט אַלץ וואָס מען באַדאַרף, דאָך האָט זי שטענדיק זיך באַמיט אויסצוזוכן עפּעס אַזעלכעס, וואָס זאָל אים פאַרשאַפן פאַרגעניגן און מיט וואָס ער פלעגט זיך נאָכדעם באַרימען אין קאַפע פאַר די באַקאַנטע. געוויינלאָך פלעגט זי צוערשט עטלאָכע טעג אַרומגיין אַ פאַרטראַכטע, מיט אַ געהיימניספולן שמייכל אַף די ליפּן. און ווען דער טאָג איז געקומען, פלעגט זי אים גאַנץ פרי, נאָך אין בעט אַריין, דערלאַנגט דעם פּרעזענט מיט אַ קוש און ווינשן גליק נאָך אַף אַ סך, אַ סך יאָרן מיט איר צוזאַמען. יענעם טאָג פלעגט זי מאַכן עפּיס אַן אויסנאַם־מיטאָג, צו וועלכן עס זיינען געווען איינגעלאַדן אַ פּאָר פון זיינע גוטע פריינט. דער טיש איז געווען יום־טוב׳דיק באַפּוצט מיט בלומען, און די פלעשער רויטן וויין האָבן פינקלענדיק געשטיפּט מיט׳ן ליכט פון פענסטער. אַלס אויסנאַם איז ער יענעם טאָג אויך ניט געגאַנגען אין האָספּיטאַל. זיך געפילט יום־טוב׳דיק, ווי באַלד נאָך דער חתונה. די געפילן צו נעדי׳ן זיינען געווען ווי באַפרישטע. ער האָט זי געהאַלזט און געקושט און ביידע האָבן מיט פאַרגעניגן איבערדערציילט און דערמאָנט איינער דעם צווייטן צענדליקע קליינקייטן פון די ער־שטע טעג פון זייער ליבע.

דעם אָוונט פלעגן זיי פאַרברענגען אין דער אָפּערע און נאָכ־דעם, אין דער געזעלשאַפט פון פריינט און באַקאַנטע, זיך פאַר־בלייבן אין אַ רומענישן רעסטאָראַן ביז גאַנץ פרי. דאָס איז געווען

כמעט די איינציקע נאכט, ווען דר. באגין האט זיך ערלויבט צוועלף א זייגער ניט צו זיין שוין אין בעט.

אזוי איז עס געווען פאר זעקס יארן, פאר דריי יארן, פאר צוויי יארן, פאראיארן. געווען, אבער אצינד איז עס שוין מער ניטא. — ער האט זיך א טרייסל געטאן מיט'ן גאנצן קערפער. ס'איז אים קאלט געווארן. ער האט זיך שטייפער איינגעדעקט און געפרואווט פארטרייבן פון זיך די געדאנקען. זיינען זיי אבער געקראכן איבער אים, אזעלכע שווערע, שטעכיקע.

שוין זעקס חדשים, אז זי איז אוועק. וואו געפינען זיי זיך? ווי האט זי עס אויסגעמידן אים די גאנצע צייט ניט צו טרעפן? זי ארבעט, מן־הסתם, שווער ערגעץ־וואו אין א שמוציקן שאפ פאר עטלאכע דאלאר א וואך. זי, נעדי, אין א שאפ. ווי שרעקליך. האט זי גאר קיינמאל ניט געפילט ווי אים צו זען? ווי קען מען עס אזוי אפהאקן מיט איין מאל? זיי זיינען דאך אזוי לאנג געווען די נאָ־ענטסטע צוויי מענטשן אין דער וועלט. זי האט דאך דא ניט קיינע אייגענע און אזוי ווייניק פריינט. אלע זיינע פריינט אנערקענען זי מער פאר קיין באקאנטער אפילו ניט. איז מעגלאך זי זאל מיט איין מאל פארגעסן דעם היינטיקן טאג? אזוי פיל יארן געדענקט און מיט אמאל פארגעסן. און ווער ווייסט? אפשר וועט זי אים אויך היינט א פרעזענט צושיקן? פארוואס ניט? זעקס יאר געווען צו־זאמען. האט ער בא איר זיך עס ניט פארדינט? זעקס יאר נשמה און נשמה, קיינע קריגערייען, רואיק, גליקלאך. ניין, ווי פארדארבן א מענטש זאל ניט זיין, קען ער אזעלכע זאכן אזוי לייכט ניט פארגעסן. ווי פארדארבן ער זאל ניט זיין... אבער זי, נעדי, איז דאך די צארטקייט און פילבארקייט אליין. ווי זשע איז עס מעגלאך?

דר. באגין האט געפילט, אז ער פארלירט זיין גלייכגעוויכט, אז מיט אזעלכע געדאנקען איצט צעשטערט ער אין זיך יענע קראפט, וועלכע האט אים די גאנצע צייט אויפגעהאלטן. ער האט זיך אבער פון ארט ניט געקענט רירן, איז געלעגן א מאכטלאזער און צוגעקוקט, ווי אימיצער איז אים האט אן רחמנות און פיבעריש שנעל צע־

פלאַכטן די שטייפע, מיט בלוט פאַרגאָסענע שנור פון זיינע ערינגע־רונגען.

און אַ זיכערקייט האָט אין אים ביסלאַכווייז גענומען גליען, אַ באַשטימטער פאַראויסגעפיל האָט אים פאַרכאַפּט, אַז נעדי האָט ניט פאַרגעסן זיין געבורטסטאָג. קיין צווייפל, אַז זי ליגט איצט אויף איר געלעגער און טראַכט, זיך שטיקנדיק מיט טרערן, וואָס פאַר אַ פּרעזענט אים היינט צו שיקן. יאָ, זי וועט אים היינט אַפּשיקן זיין פּרעזענט, אָדער, אפשר, גאָר... אים אַליין ברענגען ? אַליין... ווער ווייסט ? גאַנץ מעגלאָך.

ער האָט מיט אימפּעט זיך אויפגעזעצט און מיט ציטערנדיקע הענט זיך שנעל גענומען אָנטאָן.

— זי וועט קומען, זי וועט קומען, — האָט ווער אין אים גע־חזר׳ט.

— דומהייט ! נאַרישקייטן ! — האָט ער בייז זיך אַליין גע־ענטפערט. — קיינער דאַרף זי ניט. זאָל זי גיין צום טייוול ! ער דאַרף ניט זי, ניט איר פּרעזענט. ער וועט זי אין הויז ניט אריינ־לאָזן !

— זי וועט קומען. זי וועט נאָך היינט קומען !

— עס איז ניט אמת ! — האָט ער זיך מיט אַלע כחות פאַר־טיידיקט. — ניט זי וועט קומען, ניט ער דאַרף זי. ער גייט פּשוט פון זינען אַראָפּ. וואָס פאַר אַ נאַרישקייטן עס קריכן אים אין מוח אריין. ווען אַ פרוי ליבט ניט מער, פאַרגעסט זי אָן אַלעם !

די צייט ביז זיינע קראַנקע האָבן געדאַרפט קומען, האָט ער זיך געהאַלטן שטאַרק באַשעפטיקט. ער האָט איבערגעלייגט די בי־כער אין דער שאַפע, געווישט די דאָקטאָרשע געצייג און שטרענג געהיט דעם געדאַנק, ער זאָל זיך ניט פאַרנעמען אין אַן אומגע־ווינטשטער ריכטונג.

בא יעדן קלאַנג פון גלעקל, באַם אריינקומען פון יעדען קראַנ־קען, האָט זיין האַרץ שטאַרקער גענומען קלאַפּן, און ווען דער חולה איז געווען אַ פרוי, האָט זיך יעדעס מאָל אַ נערוועזער שטראָם איבער זיין רוקן־ביין דורכגעטראָגן.

ער האָט זיך יענעם טאָג מער ווי אַלעמאָל באַשעפטיקט מיט די קראַנקע. ער האָט יעדערן גרינדלאַך אויסגעהערט און אויסגעפרעגט צענדליקע קלייניקייטן, וועלכע ער פלעגט געוויינלאַך אויסלאָזן.

ווען דער לעצטער קראַנקער איז אַרויס פונ׳ם אויפנאַמס־צימער, איז דר. באַגין אים נאָכגעגאַנגען און זיך איבערצייגט, אַז קיינער וואַרט שוין ניט מער אַף אים, אַז קיין זאַך האָט מען פאַר אים ניט איבערגעלאָזט. ס׳איז אים לייכטער געוואָרן, אָבער אין דער זעלבער צייט אויך פוסטער.

— באַגין, דו ווערסט עובר בטל, — האָט ער גאַנץ הויך געזאָגט. — נעם זיך אין די הענט, אָדער מען וועט דיך גאָר אינגיכן אין אַ דולהויז אָפּפירן. זי האָט דיך אין זינען נאָך ווייניקער, ווי אַ קאַץ דעם טאָפּ סמעטענע, וועלכן זי האָט איין מאָל אויסגעלעקט און איבערגעקערט. דאָס נידערטרעכטיקע נשמה׳לע האָט שוין אַצינד וועמענס געבורטסטעג צו היטן!

דער טאָג איז אַריבער נאָך אַ גראָערער, נאָך אַ קעלטערער פון אַלע אַנדערע טעג. ער האָט זי שוין ניט ערוואַרט מער. ער האָט קלאָר באַגריפן, אַז דער געדאַנק וועגן איר קומען איז אַן אוממעגלאַכער, אַ לעכערלאַכער, און זיך ווי באַרואיקט. אָבער די רואיקייט איז געווען אַן אויבערפלעכלאַכע, אַזעלכע, וועלכע האָט געקענט יעדן אויגנבליק פאַרוואַנדלען דעם ניט־גלויבן אין זיכערקייט. ער האָט איינפאַך פאַרלאָרן דעם קאָנטראָל איבער זיך. און ווען, שטייענדיק אַ ביסל שפּעטער פאַר׳ן שפּיגל, האָט ער זיך גענומען זאָגן אַ ביסל מוכר, האָבן זיינע ליפּן זיך אַזוי רחמנות׳דיק געקרימט, און ער האָט געטראַכט, אַז אָט דאָס פּנים געהערט צו אימיצן אַנדערש, צו עפּיס אַ שוואַכן, האַלב־ווייַנענדיקן מענטשן, אָבער ניט צו אים, צום שטאַרקן אין זיך זיכערן דר. באַגין.

אין האָספּיטאַל האָט ער ניט געקענט איינזיצן און גאַנץ ווייניק פאַרשטאַנען, וואָס מען האָט צו אים גערעדט. דאָך האָט ער זיך דאָרטן פאַרהאַלטן פיל לענגער, ווי עס איז נויטיק געווען.

ער איז אַרומגעגאַנגען מיט אַ צווייטן דאָקטאָר איבער אַ לאַנגן, ווייסן קאָרידאָר אויסגעהערט יענעמס עפּעס אַ ליבעס געשיכטע און דאָס האַרץ האָט אַזוי פֿײַנליך געזויגט.

פֿון'ם האָספּיטאַל איז ער אַריין אין קאַפע, אָפּגעגעסן מיטאָג, און באַשלאָסן אַף היינטיקן אָוונט איינגאַנצן אויפצוגעבן די חולאים און אָוועקפאָרן צו זיינע באַקאַנטע, הינטער'ן שטאָט. ער איז שוין אַפילו צוגעגאַנגען צום טעלעפאָן און גענומען דאָס טרייבל אין האַנט אום יענעם אָפּצורופן, אָבער „עפּיס" האָט אים אָפּגעהאַלטן. דער „עפּיס" האָט אים דערמאָנט, אַז ער האָט לעצטע וואָך צוגע־זאָגט אַ קראַנקען אים היינט גוט אונטערזוכן. נאָך אַלע סמנים ליידט יענער פֿון אַ קענסער אַפּ'ן מאָגן און ס'איז אַ פֿאַרברעכן אים צו פֿאַרנאַכלעסיקן. ער האָט געטראַכט אַ קורצע ווײַלע און איז אומאַנטשלאָסן אָוועק צוריק צו זיין טישל. ער האָט געפֿילט, אַז דער „עפּיס" האָט נאָך עפּיס אַ באַהאַלטענעם געדאַנק אונטער זיך און יענער הייסט אים זיך היינט געפֿינען אַף זיינע געוויינ־לאַכע ערטער, ווייל מעגלאַך... ווער ווייסט ? זי קען אים נאָך היינט וועלן זען.

דר. באַגין האָט זיך אַליין אויפגעהערט צו פֿאַרשטיין, האָט זיך אַליין אויפגעהערט צו דערקענען. מען האָט אים ווי פֿאַרביטן זיין „איך". אַנשטאָט צו קעמפֿן, אַננעמען און דורכפֿירן באַשלוסן, איז ער היינט אַ פֿאַרלאָרענער געשטאַנען בא דער זייט, צוגעקוקט, וואָס אין אים קומט פֿאָר, און זיינע ליפּן האָבן אַזוי פֿײַנלאַך גע־שמייכלט און אין האַרצן האָט גענאָגט, גענאָגט.

פֿאַרנאַכט, אויפּעפּנדיק די טיר פֿון זיין אויפֿנאַמס־צימער, אום אַריינצולאָזן דעם ערשטן קראַנקען, האָט באַגין געוואָרפֿן אַ שנעלן בליק איבער'ן וואַרטונג־צימער, פּונקט ווי ער וואָלט אימיצן געזוכט. עס האָבן זיך דאָרטן געפֿונען צוויי מענטשן : אַ מאַן און אַ פֿרוי מיט אַ קינד אַף די הענט.

די פּוסטקייט אין אים איז נאָך גרעסער און קעלטער געוואָרן. קעגן זיין געוואוינהייט האָט ער צו יעדן פֿון די זיצנדיקע אַ שמייכל נעגעבן און זיך גלייך פֿאַרוואונדערט, צוליב וואָס ער האָט עס געטאָן.

„כ'האָב פריער באַדאַרפט אוועקפאָרן און זיך ניט מאַטערן דאָ, צום שוואַרצן יאָר!" — האָט ער אַ טראַכט געגעבן און אַזש אַ קריץ געטאָן מיט די ציין.

די פרוי מיט'ן קינד איז אַריין די ערשטע. דאָס קינד איז געווען שטאַרק פאַרקילט און אין די לונגען האָט זיך געהערט אַ לייכטער כריפּן. ער האָט עס אויפמערקזאַם באַטראַכט, פאַרשריבן אַ מעדיציץ, עס געהייסן האַלטן אין בעט, אויסשמירן מיט אַלקאָהאָל און שטעלן באַנקעס. און רעדנדיק צו דער פרוי, האָט זיך באַ אים אין מוח אַ געדאַנק געפּלאָנטערט: „אַך, וואָס פאַר אַ נאַרישקייט פון זיין זייט איז געווען היינט צו בלייבן! ער וואָלט דאַרטן אַזוי פיין פאַרבראַכט."

דער צווייטער חולה, דער מאַן, האָט געליטן פון אַסטמאַ. באַגין האָט מיט אים פאַרבראַכט כמעט אַ האַלבע שעה, אים פאַר־שריבן אַ מעדיציץ און געטראַכט דערביי: „ווי נודנע, ווי מיאוס אַלעס איז. נו, זאָל ער שלינגען די מעדיציץ, זי וועט אים העלפן פונקט ווי מיר. צי אפשר זיך אַליין גאָר באַטראַכטן און זיך פאַר־שרייבן אַ טוץ פלעשלאַך אָדער פּילן? אַך, צום טייוול! ער האָט באַדאַרפט אוועקפאָרן צו די באַקאַנטע און ניט אָפּקומען דאָ דער רוח ווייסט צוליב וואָס."

אַרויסלאָזנדיק דעם מאַן האָט ער אין איין זייט פונ'ם וואַר־טונגס־צימער באַמערקט אַ ניי־געקומענעם מאַן מיט אַ פאַרבונדענעם האַלז און אין דער צווייטער — אַ פרוי אונטער אַ געדיכטן שלייער. ער האָט זי גלייך דערקענט.

דער מאַן מיט'ן פאַרבונדענעם האַלז איז אַריין, זיך אוועקגע־זעצט און גענומען דערציילן וואָס מיט אים איז. באַגין איז געזעסן אַנטקעגן אים, געקוקט אים אין פּנים אַריין, געהערט זיין שטימע ווי פון ווייטנס און בשום־אופן ניט געקענט באַגרייפן, וואָס יענער רעדט צו אים. דערנאָך האָט ער אים אַריינגעקוקט אין האַלז, אַן אַ שום אורזאַך אים אויך באַטראַכט די אויגן, באַטאַפּט זיין נאַקן און אים ענדלאַך פאַרשריבן אַ שוויינקעכץ. ווען ער האָט אים באַ־גלייט צו דער טיר, האָט ער אים צוויי מאָל אַנגעזאָגט ווי אַזוי צו

שווייגקען און דערביי פריינדלאך ארויפגעלייגט זיין האנט אף יע־נעמס אקסל.

ווען דער קראנקער האט געעפנט די טיר אין ווארטונגס־צימער ארויסצוגיין, האט זיך באגין שנעל אפגערוקט אן א זייט און געבליבן שטיין אין א קאלטער אנמעכטיקייט. ער האט זיך מעכאניש איינ־געהערט אין שוואכן קלאנג פונ'ם גלעקל באם ארויסגאנג און זיך דערמאנט, אז ער האט פארגעסן אנצוזאגן דעם פאציענט גוט צו פארמאכן די גאס־טיר.

אזוי איז ער געשטאנען א פאר מינוטן, ביז ער האט דורך די ווייס־מאטאווע שויבן פון דער טיר דערזען א פרויען־שאטן פון דער צווייטער זייט. ער האט געוואלט שנעל צוגיין צום טיש און זיך ניט געקענט רירן פון ארט. א שאטן פון א פרויען־האנט האט זיך מיט א מאל א הייב געטאן און די טיר האט זיך האסטיק געעפנט.

נעדי איז געשטאנען פאר אים. די זעלבע נעדי, גאר א שטארק אויסגעצערטע, מיט טונקעלע רינגען ארום די אויגן.

זיי האבן זיך אנגעקוקט א ווײלע. דערנאך איז ער צוגעגאנגען צום טיש און זיך אוועקגעזעצט אף זיין שטענדיקן פלאץ.

ער האט זיך באמיט צו גיין רואיק, צו זיצן גלייך, אבער די פיס האבן זיך אים אונטערגעהאקט, דער קאפ האט זיך געדרייט.

זי האט זיך מיד אראפגעלאזט אפ'ן שטול באם טיש, וואו די חולאים זיצן געוויינלאך. ביידע האבן געשוויגן. ער האט געקוקט אפ'ן טיש פאר זיך, זי האט געהאלטן די אויגן באהאלטן אין טונ־קעלן ווינקל רעכטס.

זי האט די ערשטע אנטשלאסן אויפגעהויבן דעם קאפ, אים א קוק געגעבן אין פנים און שטיל געפרעגט:

— וואס מאכסטו, אלבערט?

ער האט אויך א קוק געטאן אף איר, א טראכט געטאן ווי שלעכט זי זעט אויס און שארף געפרעגט:

— נאך וואס ביסטו געקומען?

— נאך הילף! — האט זי קורץ געענטפערט.

ער האט זי פרעגנדיק אנגעקוקט.

זי האט געשוויגן א פאר מינוטן, דערנאך שטיל, אפגעהאקט, גענומען דערציילן:

— שוין א מאנאט, אלבערט, אז איך קלייב זיך אהער און האב אלץ ניט געקענט. כ׳וואלט אויך איצט צו דיר ניט געקומען, ווען היינט איז ניט דער צוואנציגסטער, דיין געבורטסטאג. כ׳האב דיר אויך א פרעזענט געוואלט ברענגען, כ׳האב אבער מורא געהאט, זאלסט אים ניט שלעכט אויסטייטשן, צוליב דער הילף וואס כ׳וויל פון דיר. כ׳בין א גאנצע נאכט ניט געשלאפן, כ׳האב געמיינט כ׳וועל פון זינען אראפ. כ׳האב געפילט ווי שווער דיר וועט היינט זיין און...

איר קאפ האט זיך גאר נידריק אראפגעלאזט איבער׳ן טיש.

ער האט געקוקט אויף אירע פרעכטיק־שווארצע האר און שאטנס האבן זיך שנעל איבער זיין פנים געטראגן. ענדלאך האט ער א שפאטישן שמייכל געטאן.

— איך וואונדער זיך, ווי ליגן עס דיר נאך אצינד אזעלכע סענטימענטאלע נארישקייטן אין מוח? האסט, דאכט זיך, שוין פאר וועמעס געבורטסטעג צו זארגן!

— האסטו מיך דען ניט ערווארטעט היינט? — זי האט עט־וואס אויפגעהויבן דעם קאפ.

ער האט זיך געוואלט צעלאכן, פעסט ענטפערן, אז ער האט ניט ערווארטעט אזא געמיינע נארישקייט פון איר זייט. עפּיס האט אים אבער צוריקגעהאלטן און ער האט א מאך געטאן מיט׳ן האנט.

— וואס איז דער אונטערשיד? אבער איך זע דאך קיין גע־דאנק ניט אין דיין קומען אהער.

— דו קענסט זיין גענוג הארט, אלבערט, איך ווייס עס, — האט זי א זיפץ געגעבן, — צו וואס זיך מאכן נאך שטייפער?

ער האט געשוויגן אביסל, דערנאך זיך דערמאנט:

— האסט פריער געזאגט, ביזט נאך הילף געקומען. וואס קען איך טאן פאר דיר?

זי האט צוגעמאכט די אויגן און אזוי געזעסן באוועגלאז.

דערנאָך אַנטשלאָסן אַ קוק געטאָן אויף אים, זיך צוגעבויגן עטוואָס נענטער, און די עטלאַכע ווערטער, וואָס זי האָט אַרויסגעזאָגט, זיינען געפאַלן פון איר מויל שאַרף און אָפּגעהאַקט, ווי שווערע שטיינער.

— אַלבערט, איך שווענגער! און איך וויל איצט אונטער קיינע אומשטענדן קיין מוטער ניט ווערן! איך וויל דו זאָלסט מיר העלפן עס צו פאַרמיידן!

ער האָט זיך אַ רוק געטאָן מיט׳ן שטול אויף צוריק, איר גע־קוקט אַ ווײַלע דערשראָקן אין די אויגן אַריין און געפילט ווי זיין פאַרפראָרנקייט לויפט שנעל אַראָפּ פון אים און עפּיס אַ הייסער, רויט־גליענדיקער שטראָם טונקט אים איין אין זיך, אַ פלאַטערנ־דיקער שטראָם פון בלוט, האַס און ראַכע.

ער איז אויפגעשפּרונגען פון אָרט, גענומען שנעל ריידן, האַלב־שרייען, און עפּיס האָט זיך געריסן און געבראָכן אין זיין קול:

— נאָך הילף ביסטו געקומען? נאָך הילף? צו מיר? דו, וואָס האָסט מיין לעבן צעבראָכן, מיך פאַרשפּיגן, מיך פאַרניכטעט. צי לאַכסטו אַזוי געמיין? איך זאָל אַ פאַרברעכן באַגייז און דיך פון דיין קינד באַפרייען? כאַ־כאַ־כאַ! — ער האָט געלאַכט און זיינע ליפּן זיינען ווילנלאָז געשפּרונגען אַראָפּ און אַרויף, די אויגן האָבן זיך פון זייערע לעבער געריסן און דער גאַנצער קערפּער האָט זיך קאָנוואולסיוו געטרייסלט.

זי איז אויפגעשפּרונגען פון איר פּלאַץ און מיט אַ שטימע איבערפילט מיט ווייַ און צאָרן אויך גענומען שרייען:

— יאָ, אַלבערט, צו דיר נאָך הילף בין איך געקומען! ניט נאָר ווייל כ׳בין אָרים, ניט נאָר ווייל כ׳וויל צו דיינע דאָקטוירים־פּריינט אין די מיילער ניט אַריינפאַלן, נאָר ווייל דו ביסט מיר דער נאָענטסטער אין דער גאַנצער וועלט, ווייל כ׳האָב צו קיינעם מער ניט, וואוהין צו גיין!

— ס׳אַ ליגן! ס׳אַ ליגן! — האָט ער מיט די הענט גע־וואָרפן. — דו ביסט ערגער פון אַ גאַסן־מיידל! ווייסטו, וואָס דו האָסט פון מיר געמאַכט? ווייסטו, אַז דו האָסט אַלעס אין מיר

צעבראכן? נא, נא דיר די שליסלען, לויף דורך אונזערע צימערן, זע וואס פון אלעם איז געווארן!

זי איז צוגעלאפן צו אים, אנגעכאפט זיינע הענט און היס־טעריש גענומען שרייען:

— דו ביסט גערעכט, אלבערט, ביסט גערעכט! גיב אבער אויך אפ איין רגע א טראכט וועגן מיר! כ׳האב אויך פון מיין לעבן א תל געמאכט! כ׳האב אבער ניט געקענט אנדערש, ניט געקענט דיך נארן. כ׳האב אלץ בא דיר געהאט, איך בין דאך ארומגע־גאנגען מיט א פוסטקייט אין דער נשמה און ס׳האט שטענדיק גענאגט, גענאגט. דו האסט מיך די לעצטע צייט אינגאנצן ניט געוואלט פארשטיין, מיך אויסגעלאכט, פאר א קינד מיך געמאכט.

— נו, און ער?!

— פון אים פאדער איך גארניט. מיט אים וויל איך פאר־שלעפערן די אומרו, וואס עסט מיך אויף!

— און עס געלינגט דיר?

— ניין. בלויז טיילווייז. צייטנווייז... אלבערט, איך וויל קיין קינד פון אים ניט האבן. דו פארשטייסט עס? פון דיר האב איך געוואלט און פון אים ניט!

ער איז א פאר מאל איבערגעלאפן דאס צימער און שטיין געבליבן באם פענסטער, מיט׳ן פנים צום הויף. זי האט זיך שווער אנגעשפארט מיטביידע הענט אז טיש און געשטאנען מיט פאר־מאכטע אויגן. די צייט איז ווי שטיין געבליבן.

— איך וועל עס ניט טאן! — האט ער ענדלאך שארף געזאגט.

זי האט געעפנט די אויגן און זיך ניט רירנדיק פונ׳ם פלאץ שטיל און זיכער געענטפערט:

— דו וועסט עס טאן!

— ניין!

זי האט זיך אויסגעלייכט: — דו וועסט עס טאן, אלבערט, ווייל דו ליבסט מיך, און איך, ליבנדיג א צווייטן, קען דיך דאך פון מיין לעבן ניט ארויסיאגן. דו מוזט עס טאן, ווייל דו ווייסט

ווי עלנד כ'בין דאָ, ווייל דו גערענקסט די זעקס יאָר, וואָס מיר האבן צוזאמען פארבראכט. היינט איז דיין געבורטסטאָג, און מיט דעם וואָס דו וועסט מיר העלפן, מיר שענקען מיין ווייטערדיקע פרייהייט, וועסטו אויך באלייכטערן דיין אייגענעם פיין. איך בין פונקט אזוי אומגליקלאך ווי דו, און מיין אומרואיקייט און בענק־שאַפט איז די זעלבע ווי פריער. איך בין פארשאָלטן, אלבערט, איך בין קראַנק, און וועסטו זיין דער יעניקער, וועלכער וועט נעדי'ן נאָך אומגליקלאכער מאכן? וועלכער וועט איר ניט אויסשטרעקן זיין האנט ווען זי טרינקט זיך? דו, אלבערט?!

זי האט זיך אינגאנצן צוזאמענגעדריקט, און א פאר־שטיקטער קרעכץ האט זיך פון איר ברוסט ארויסגעריסן. זי האט אים אבער גלייך דערשטיקט אין זיך.

עטלאכע מינוטן איז שטיל געווען, און אין יעדן ווינקל האט געקלונגען איר פארשטיקטער יאמער.

דערנאָך האט ער שטיל, ווי זיך ווערגנדיק מיט די ווערטער, געזאגט:

— גוט... איך וועל עס... טאָן! — און צוגעדריקט דעם קאָפּ צו דער קאַלטער שויב.

זי האט ניט געענטפערט, איז געשטאַנען א ווײַלע באוועגלאָז, דערנאָך זיך גענומען לאנגזאם אראָפּלאָזן אפ'ן דיל. דאָרטן האט זי זיך איינגעקלאמערט מיט די הענט אין סאמעטענעם קולים, זיך צו־געדריקט מיט'ן קאָפּ צום געשניצטן פיסל פונ'ם טיש און געבלי־בן באוועגלאָז.

באגין האט זיך פון ארט גיט גערירט.

# אין דער נעץ

אָנגעהויבן האָט זיך עס איינפאַך, זייער איינפאַך.

איינמאָל, אין אַ שלאָפלאָזער נאַכט, ליגנדיק, ווי געוויינלאַך, מיט'ן פּנים אַרויף, האָט אַלעקסאַנדער בראַמער באַמערקט, אַז דאָס קליינע שפּינדל, וועלכעס האָט זיך געמאַכט אַ וויגיקע נעץ אין איי־נעם פון די ווינקלען פון זיין געפּענגנים, איז עטוואָס גרעסער געוואָרן.

„אויסגעוואַקסן מיין שפּינדל", — האָט ער אַ טראַכט געטאָן, און כּדי מיט עפּיס די ליידיקע צייט צו פאַרפּילן, האָט ער זיך גענומען דערמאָנען אַן אַלע קלייניקייטן, וועלכע זיינען געווען פאַרבונדן מיט דער געשיכטע פון'ם שפּינדל.

אַריין איז עס צו אים אין צימערל מיט דריי וואָכן צוריק. ס'איז געווען... דאַכט זיך, דאָנערשטיק? יאָ, זיכער, דאָנערשטיק גאַנץ פרי. ער האָט עס גלייך באַמערקט צווישן די גראַטעס פון'ם פענסטער, איז צוגעגאַנגען, זיך אַ ווײַלע איינגעקוקט אין דעם, און עס שוין געוואָלט אַרויסבלאָזן פון דער צווייטער זייט, אָבער זיך צוריקגעהאַלטן:

„זאָל עס שפּינען אַרום די גראַטעס — ס'איז אינטערעסאַנט אַמאָל זיין אַרבעט נאָכצופאָלגן."

און ער האָט ווידער גענומען שפּאַנען איבער זיין קעמערל, פון איין ווינקל אין צווייטן, ווי אין אַלע טעג פון די ניין־און־צוואַנציק חדשים, וואָס ער געפינט זיך דאָ פאַרשפּאַרט.

דאָס שפּינדל איז אָבער לאַנג אויף די גראַטעס ניט פאַרבליבן.

אזוי ארום א צען מינוטן האט זיך עס גערולדיק געווינגט אף א וועב־פאדים, דערנאך געשווינד זיך גענומען הייבן איבער'ן פאדים, וויקלענדיק אים אפ'ן ווייסן בייכל אונטער זיך.

אלעקסאנדער איז ווידער צוגעגאנגען און גענומען נאכפאלגן וואס עס וועט ווייטער זיין.

דאס שפינדל איז שטיין געבליבן אף דער אויבערשטער זייט פענסטער, זיך ווי ארומגעקוקט, געטראכט, און אנטשלאסן גענומען קריכן ארויף, איבער דער וואנט.

מיט צוויי שעה שפעטער איז שוין איבער'ן ווינקל געהאנגען א צארטע, רעדל־געשפינטע נעץ און אין דער מיט איז זיך רואיק געזעסן דאס קליינע שפינדל.

„א שכן צוגעקומען", — האט אלעקסאנדער א שמייכל געטאן. — „אין צווייען וועט אפשר היימלאכער זיין", — און ער האט פארגעזעצט דאס ארומשפאנען איבער'ן קעמערל.

און די טעג און וואכן האבן פארגעזעצט זייער אומענדלאכן לויף און יעדע שעה איז מיט איר גאנצער קאלטקייט און גלייכגילטיקייט אף דעם קאפ און פלייצעס פון דעם פארשפארטן מענטשן געפאלן, אים פעסטער צו דער ערד געדריקט און אומבאמערקט, פאר אים אליין, זיין געמיט געבראכן.

ארום אסטראג האט דאס לעבן געקאכט. דער הייס־פארברוינטער זומער האט איילנדיק געקליבן דעם רייכן שניט פון די פארזייטע פעלדער, און, הילכיק לאנכדיק, געשלעפט נאך זיך נעצן איבערפולטע מיט מענטשלאכע הערצער, נעצן, וועלכע זיין אינגערער ברודער, דער פרילינג, האט נאך אין זיין צייט פארווארפן.

און די לופט איז א גאנצן טאג געשטאנען א געדיכטע, א רייצנדיקע, און די נעכט זיינען געווען פינסטערע, נאגנד־רופנדיקע. די פרוכט־בוימער האבן זיך טיף געבויגן אונטער די שווער־אנגעלאדענע צווייגן, און מענטשן פארן־ווייז, פעסט איינגעקלאמערטע איינער אין צווייטן, האבן ערגעץ־וואו געבלאנדזשעט דורך דער פינסטערניש פון די נעכט.

גיין און דרייסיק מאַנאַטן.

גיין און דרייסיק מאַנאַטן זיינען שוין אַריבער, זינט מ'האָט אַלעקסאַנדער'ן אַרויסגעריסן פון די רעוואָלוציאָנערע, חבר'שע רייען, אים אָפּגעריסן פון זיין געליבטער און פאַרשפּאַרט אין דעם פאַרשטיקטן קעלער־חדר'ל.

די ערשטע צייט האָט ער זיך געפילט מונטער, פריילאַך, צייטנווייז גליקלאַך. די זשאַנדאַרן האָבן אים געהאַלטן פאַר אַ פיל־וויכטיקערן פירער, ווי ער איז אין אמת'ן געווען, האָבן אים אין אַן אָפּגעזונדערדטן צעל פאַרשפּאַרט און פּלעגן אים אָפּט מאַטערן מיט זייערע פאַרהערן.

סיי פיזיש, סיי גייסטיק איז אַלעקסאַנדער געווען ווייט פון די שטאַרקע; און אָפּ'ן צווייטן יאָר פון זיין געפאַנגשאַפט האָט זיך צוערשט גענומען נאָכגעבן זיין קערפּער, און שפּעטער אויך די נשמה.

גאָר פון אנפאנג זיינען זיינע געדאַנקען און רעיונות שטענדיק געווען רואיק, קלאָר און זיכער. ער פלעגט שפּאַנען איבער'ן חדר'ל מיט לאַנגזאַמע, געמאָסטענע טריט און טראַכטן אָן אַ סוף. ער איז דאַן זיכער געווען, אַז דער הייליקער קאַמף פאַר פרייהייט גייט דאָרט אָן, ווי פריער, אַז זיין פּלאַץ איז גלייך פון אַ צווייטן חבר פאַרנומען געוואָרן, און וועגן אים אַליין רעדט מען אָפּט און שטענדיק מיט ליבע און אַכטונג. צייטנווייז האָט ער געטרוימט וועגן אַ גרויסן פּראָצעס, וועגן אַ מענגלאַכקייט הויך, פאַר דער גאַנצער וועלט, אַ וואָרף טאָן אין די עקלהאַפטע פּנים'ער פון די הערשנדיקע הענקער די שווערסטע באַשולדיקונגען, דעם גאַנצן בלוטיקן אמת.

שפּעטער זיינען זיינע טריט געוואָרן אומרואיקער, דער גע־דאַנקען־גאַנג ווייניקער זיכער, און אַ ווייַ פאַר די פאַרשוואונדענע וואָכן און מאָנאַטן פלעגט זיך גאַנץ אָפּט אַ ריר געבן אין אים. דערצו נאָך איז זיין האַרץ זייער אָפּגעשוואַכט געוואָרן. עס פלעגט אָפּט אַזוי מורא'דיק פאַרגיין, און דאַן האָט אַלעס, אפילו די הייליקע אַרבעט פאַר דער פאָלקס־באַפרייאונג, געמוזט אָפּ־

טרעטן אָן אַ זייט, און ער האָט זיך געפילט אַזוי איינזאַם, אַזוי אומגליקלאַך.

נאָך שפּעטער איז ביסלאַכוויז געקומען אַ גלייכגילטיקייט צו אַלעם אין דער וועלט, אפילו צום אידעאַל. אים פלעגט זיך אָפט דאַכטן, אַז דאָס גאַנצע בלוט פון זיין קערפּער איז ערגעץ־וואו אויסגערונען, אַז ער איז ווי קלענער און פלאַכער געוואָרן. די הייליקע ווערטער וועגן פרייהייט און ברידערלאַכקייט, וועלכע האָבן פריער אַ פייער אין זיין הארצן געצונדן, אים אין אַ פיבער געוואָרפן, — זיינען ווי בלייכער געוואָרן, האָבן ווי אביסל דעם גלאַנץ פאַרלוירן, און זייער אויפרעגנדיקער אינהאַלט איז ווי עטוואָס אויסגעוועפּט געוואָרן.

ער האָט זיך דערשראָקן פאַר דעם און גענומען מיט זיך אַליין פאַרצווייפלט קעמפן. ער האָט גענומען נאָכפאָלגן זיינע אייגענע געדאַנקען און געפילן און געוואָלט זיך אין עפּעס כאַפּן.

גאַנצע נעכט פלעגט ער פאַרברענגען אין וואַנזיניקער יאָגעניש נאָך זיינע אייגענע, ניט געווינשטע, אים אַזוי שרעקנדיקע געדאַנקען, און נאָכער שטונדנוויז ליגן אַ בלייכער, אַ פאַרמאַטערטער, אָן דעם מינדסטן געדאַנק אין מוח.

אַמאָל פלעגט ער איבער זיין צעל אַרומלויפן, די הענט אומבאַמערקט ברעכן, און קריצנדיק מיט די ציין, רעדן צו זיך אַליין:

— איז עס מעגלאַך? בין איך אַזאַ נישטיקע שוואַכינקע נשמה'לע, אַז בלויז נאָך דריי יאָר „זיצן" האָב איך שוין צוזאַמענגעבראָכן און דעם גאַנצן גלויבן אין זיך און אין דעם אידעאַל פאַרלוירן?! ווי אַזוי־זשע האָבן אונזערע מאַרטירער פאַרבראַכט אין די פעסטונגען צו פינף־און־צוואַנציק און דרייסיק יאָר און דאָך געבליבן באַ זייער גאַנצן גלויבן און שטאָלץ?

אין רואיקע מינוטן פלעגט ער זיך אַוועקזעצן אַפ'ן בעטל, צוזאַמענקלייבן זיין גאַנצע ווילנס־קראַפט, זיין גאַנצע ענערגיע, ברייט אויסשפּרייטן פאַר זיך אַ וועג פון געזונטער, מענטשלאַכער לאָגיק און זיך אַליין נעמען שטרענג עקזאַמינירן.

ער פלעגט פאַרגלייכן זיינע פריערדיקע געדאַנקען מיט די איצטיקע און פּרואוון אַריינדרינגען אין זייער אינהאַלט. פלעגט פאַרגלייכן זיינע אַמאָליקע ענטפערס צו די זשאַנדאַרן אַף די פאַרהערן מיט די איצטיקע, און ניט זייענדיק אימשטאַנד צו געפינען קיין אונטערשיד צווישן זיי, דאָך געטראַכט, אַז די שטאָלצקייט און רואיקייט פון זיינע איצטיקע ענטפערס זיינען, אין גרונט גענומען, בלויז אַ צודעק פאַר זיין שוואַכקייט און פייגהייט.

ער האָט אויך געמאָסטן די קראַפט פון׳ם אַמאָליקן וואונש באַפרייט צו ווערן מיט׳ן איצטיקן און אויסגעפונען, אַז דער איצטיקער איז פיל שטאַרקער און שאַרפער. אפילו זיינע איצטיקע און פריערדיקע חלומות פלעגט ער ניט פאַרגעסן צו פאַרגלייכן.

אַמאָל פלעגט ער זיך אַוועקשטעלן אינמיטן פון זיין צעל, צושליסן די אויגן, זיך פאָרשטעלן, אַז ער געפינט זיך אַף אַ מאַסן־פאַרזאַמלונג און האַלט אַ פייערדיקע רעדע. און רעדנדיק אַזוי פאַר די פיר תפיסה־ווענט, האָט ער אין דער זעלבער צייט געוואָלט מיט׳ן אויבער־געדאַנק כאַפּן עפּעס אַן אונטער־געדאַנק, געוואָלט פון׳ם קלאַנג פון זיינע ווערטער אַרויסכאַפּן אַ פאַלשן טאָן, אַ ניט־אויפריכטיקע נאָטקע.

און אפילו אין זיינע געפילן צו לידאַ׳ן, זיין פרוי, האָט ער געוואָלט טיפער אַריינדרינגען, זיך איבערצייגן, צי איז אויפריכטיק זיין פרייד, ווען ער כאַפּט זי אַרום בײַ זייערע באַגעגנישן, צי איז זיין ליבע צו איר פּונקט אַזוי טיף און שטאַרק, ווי פריער.

ער האָט זיך איצט אָנגעהויבן שרעקן פאַר די גאַנץ זעלטענע באַזוכן פון די זשאַנדאַרן. געוויינלאַך פלעגט ער זיך אין אַזעלכע פעלע האַלטן רואיק, לייכט איראָניש און ענטפערן אַף יעדער פראַגע. איצט אָבער, מורא האָבנדיק פאַר זיך אַליין, אָדער ריכטיקער, מורא האָבנדיק, צי האָט ער ניט מורא, פלעגן זיינע ענטפערס שוין זיין צו־שטאָלץ, אָפּט חוצפה־

דיק, און אמאָל פלעגט ער זיך איינגאַנצן אנטזאגן צו ענטפערן.

און ביסלאכווייז איז אַ געדאַנק אין זיין מוח געבוירן געוואָרן, אז ער האָט קיין רעכט, אז ער טאָר מער ניט לעבן. וואָס ווייסט ? — ער קאָן נאָך דערציילן אמאָל זאכן, וואָס מען דאַרף ניט, קאָן נאָך שטעלן אין געפאר די ארבעט און דאָס לעבן פון די חברים.

דער לעצטער געדאַנק האָט אים ניט איינמאָל ווילד געמאכט. ער פלעגט פון דאָס ניי אָנהויבן אַ יאָגעניש נאָך זיין אייגענעם געדאנק און אָפט גאַנצע נעכט ליגן אָן שלאָף און אַלץ נאָכטראַכטן אַ בעסערן וועג, ווי אזוי זיך דאָס לעבן צו נעמען.

דאָס ערשטע האָט זיך אים געוואָרפן אין די אויגן דאָס קליינע לעמפּל, וועלכעס האָט שוואך אפ׳ן טיש געברענט. ער פלעגט זיך פארשטעלן: אָט שטייט ער אויף, נעמט עס, שרויפט עס אויף, באַגיסט זיך איינגאַנצן מיט קעראָסין און צינדט זיך אונטער. זיין צעל ווערט העל באלויכטן, דער רויך נעמט אים שטיקן, די הויט הויבט אָן ברענען און פּלאַצן, און די האָר רויכערן זיך און טשאַדען. דער ווייטיק איז ניט־דערטרעגלאך, אָבער ער לאַכט הילכיק פון די הענקערס, וועלכע האָבן געמיינט עפּעס פון אים ארויסצוקריגן. ער פאלט אפ׳ן דיל, קאַרטשעט זיך פאר ווייטיק, לאכט, לאכט; און פון אַלע זייטן דונערן האסטיק געעפנטע אייזערנע טירן, און די וועכטער לויפן זיך צוזאַמען.

אַ צווייטן מאָל פלעגט ער זיך אָפּשטעלן אפ׳ן געדאַנק וועגן הענגען זיך און אים אָנהויבן אנטוויקלען ביז׳ן העכסטן גראד.

באַנאַכט. דער אסטראָג שלאָפט. ער גנב׳עט זיך אַראָפּ פון׳ם בעטל, צערייסט זיין לייִלאך, דרייט צונויף פון דעם אַ שטריק. ער שטעלט זיך אַף אַ בענקל און בינדט צו די לייִלאך צו דער גראַטע פון׳ם פענסטער. ער מאכט אַ שלייף, הערט זיך צו אַ ווײַלע, רוקט אריין דעם קאָפּ אין שלייף און שטויסט ארויס פון אונטער זיך דאָס בענקל. דאָס בענקל פאלט. ער הערט דעם קלאַפּ. ער בלייבט הענגען אין דער לופטן. דער שטריק ניט זיך

א צי, גיט ארויס א מורא׳דיקן קרעכץ און דריקט צוזאמען דעם האלז. עפּעס הויבט זיך דאָרטן אָן ברעכן. ער נעמט זיך ווארפן אין אלע זייטן. עפנט ברייט דאָס מויל. זיין קערפּער שלאָגט זיך אָפּ אָן דער קאַלטער וואַנט, און די הענט כאַפּן און פּלעכטן די לופט. און ארום קלינגען טויזנטער גלעקער, שווארצע שאָטנס יאָגן זיך פארביי אין געדיכטע רייען, און צום ווייטן האָריזאָנט טראָגט זיך שנעל־פאלנדיק א בלייך־געלע זון.

אמאָל פלעגט ער גאָר באשליסן, אז דער זיבערסטער און גרינגסטער טויט פאר אים איז זיך דעם קאָפּ אָן וואַנט צושמעטערן. עס קאָן דאָך געטאָן ווערן אזוי שנעל און איינפאך: — אָט שטייט ער אויף, געהט צו צו דער וואַנט, דריקט זיך צו צו איר מיט דער פּלייצע, בויגט אָן דעם אויבערשטן טייל קערפּער אף פאָראויס, גיט זיך מיטאמאָל מיט אלע כחות א וואָרף אף צוריק און... טרא־א־מ־ך! דער שארבן ווערט צעשמעטערט אף עטלאכע שטי־קער, דער מארך גיט זיך מיט א כליופּ א קלעפּ איין אין וואַנט און צעשפּריצט זיך אין גראָע שטיקלאך. א שטומפּיק־שווערער ווייטאָג ציט זיך דורך זיין קערפּער, ער גיט זיך א בויג אף רעכטס און פאלט מיט׳ן קאָפּ אונטער זיך.

נאָך אזעלכע בילדער פלעגט ער געוויינלאך האסטיק אויפ־שפּרינגען פונ׳ם אָרט, אָן אן אָטעם לויפן צו דער טיר, אָנקלאַפּן און מיט א ציטערנדיק קול רופן דעם וועכטער אים ארויסלאָזן אף א פּאָר מינוטן צו טאָן זיין נאטירלאכע באדערפניש. און ביז יענער פלעגט צוקומען, האָט ער געהאלטן זיין שטערן פעסט־צוגעדריקט צום קאַלטן אייזן פון דער טיר און זיך באמיט איינצוצאַמען דעם ציטער, וואָס האָט וויברירט איבער זיין גאַנצן קערפּער.

און די שעה׳ן, טעג און וואָכן האָבן זיך אין שטרענגע, אָן רחמנות׳דיקע רייען געטראָגן פאָראויס, און צו די „היינטס" און „מאָרגנס" האָבן געוואָרפן שטאָלצע און שפּאָטישע בליקן אף די „נעכטנס", וועלכע האָבן אָפּגענארטע, שטארבנדיקע אונטער־זייערע פיס זיך געוואַלגערט. און יעדע פארשוואונדענע שעה, אויסגעגאַנגענער טאָג אָדער אָפּגעשטאָרבענע וואָך האָט א לייכטן

שאָטן אַף אַלעקסאַנדער׳ס פּנים איבערגעלאָזט, האָט אונטערגע־וואַרימט דאָס אומרואיקע פייערל, וואָס האָט צייטנווייז זיך אין זיינע אויגן געצונדן און שווערער געדריקט דעם אָנגע־שטרענגטן, קראַנקן געמיט.

און די שאָטנס פון די ווינקלען פון זיין צעל פלעגן אים שפּאַ־טיש אין די אויגן אַריינקוקן און לאַכן, לאַכן. און די שאָטנס, וועלכע האָבן זיך געזאַמעלט אין די קנייטשן פון זיין מאַרך, האָבן פון זיינע בליקן אַרויסגעקוקט און זיי מיט אַ געלעכטער געענט־פערט.

איין מאָל אין חודש פלעגט אים די פרוי באַזוכן.

נאָך מיט אַ גאַנצער וואָך פריער פלעגט ער זיך געוויינלאָך נעמען גרייטן צו דער באַגעגעניש. ער האָט פּאַרטיק געמאַכט אַ צעטעלע אַף דינעם פּאַפּיר (אַ גרוס צו די חברים), האָט אַף פריער באַשטימט, פון וואָס מיט איר צו רעדן, וועגן וואָס זי צו פרעגן.

די נאַכט פאַר דער באַגעגעניש פלעגט ער גאָרניט אָדער זייער ווייניק שלאָפן. גאַנץ פרי האָט ער שוין געשפּאַנט איבער׳ן צעל און זיך באַמיט איינצוהאַלטן די גרויסע פרייד.

— לידאַ קומט היינט! — האָט אים פון דער ווייטער וווייט־קייט אַריינגעשריען אין פענסטערל דער בלויער הימעל.

— זי מאַכט שוין איצט די פּעקלאָך פאַר דיר! — האָבן גע־שטיפט די ערשטע זונען־שטראַלן און זיך געדרייט אין אַ גאָלדענעם פלעקן־קאַראַהאָד אַף דער גרויער וואַנט פון זיין קעמערל.

זיך אומקערן צוריק צו זיך אין צעל פון די באַגעגענישן מיט לידאַ׳ן, פלעגט ער שטענדיק אַ גליקלאַכער, אָבער אויך אַביסל אַן אומצופרידענער: ער האָט איר טאַקע איבערגעגעבן דאָס צעטעלע, זי געהאַלזט און געקושט, אָבער געזאָגט האָט ער גאָרניט דאָס, וואָס ער האָט פריער באַשטימט. ס׳איז געווען אוממעגלאַך: פון איר נאָענטקייט, פון דעם קלאַנג פון איר שטימע פלעגט זיין האַרץ אַזוי פיינלאָך־זיס פאַרגיין, און אין מוח זיינען אַלע געדאַנקען ווי צורונען געוואָרן.

און ליגנדיק באַנאַכט אַף זיין געלעגער, פלעגט ער ביז דער

מינדסטער קלייניקייט ווידער דורכלעבן די היינטיקע באגעגעניש. טרערן האָבן אים אין האַלז געבריט און איבערגעפילט די אויגן. ער פלעגט זיי אָבער גלייך פאַרטרייבן, זיך אַליין אביסל מוסר'ן און צווינגען צו טראַכטן וועגן עפּעס אַנדערש.

און די צייט איז געלאָפן. און ווען ס'האָט זיך איינמאָל גע־מאַכט, אַז לידאַ איז אינגאַנצן אַף אַ „סווידאַניע" ניט געקומען, האָבן זיך זיינע נערוון אין אַ בריענדיקן קנויל צוזאַמענגעקייקלט, און דער מאַרך איז ענלאַך געוואָרן צו אַ צערייצטער קופּע בינען, וועלכע ציטערט אויף מיט איר גאַנצער פיל־קערפּערדיקער מאַסע בא דער קלענסטער באַרירונג.

דריי טעג איז ער נאָכדעם אין בעט געלעגן. ביינאַכט עפּעס אַזוי מאָדנע, האַלב־באַוואוסטזיניק געשלאָפן און ביי טאָג געפילט, אַז עטוואָס אויסערגעוויינלאַכעס קומט פאָר אין זיין מוח. ס'איז אָבער געווען אַזוי, פּונקט ווי צווישן זיין פולן באַוואוסטזיין און זיין מאַרך וואָלט אַ געדיכטער פאָרהאַנג געהאַנגען און אים קיין מעגלאַכקייט ניט געגעבן קלאָר צו באַגרייפן, וואָס דאָרטן קומט פאָר.

אַף דער צווייטער וואָך איז דער שלאָף פון אים אינגאַנצן פאַרשוואונדן. און אַף דער פערטער שלאָפלאָזער נאַכט, ליגנדיק מיט'ן פּנים אַרויף, האָט ער צום ערשטן מאָל באַמערקט, אַז דאָס קליינע שפּינדל, וועלכעס האָט זיך מיט דריי וואָכן צוריק באַזעצט אין איינעם פון די ווינקלען פון זיין חדר'ל, איז אויסערגעוויינלאַך אויסגעוואַקסן. עס האָט שוין אַצינד אין דער גרויס און גלאַנצי־קייט אויסגעזען, ווי אַ צעוואַקסענע וואַלד־קאַרש.

ער האָט זיך גע'חידוש'ט, ווי וואַקסט עס אַ קליינטשיקעס, כמעט אומבאַמערקט שפּינדל אַזוי אויס אין אַזאַ קורצער צייט? ער האָט זיך גענומען דערמאָנען אָן אַלע איינצלהייטן, ווי אַזוי דאָס שפּינדל האָט זיך אין ווינקל פון זיין צעל באַזעצט.

און פּלוצלונג האָט ער באַמערקט, אַז דאָס שפּינדל נעמט פאַר זיינע אויגן וואַקסן, זיך ווי אָנבלאָזן, און גיך איז עס געוואָרן אין דער גרויס, ווי אַ קליינער עפּל, און שוין פאַרנומען דעם גאַנצן ווינקל.

אלעקסאנדער האָט זיך מיט אימפּעט א הויב־געטאָן פון בעטל, אויסגעריבן די אויגן און ווידער א קוק־געגעבן צום ווינקל. דאָרטן איז רואיק געהאנגען דאָס קליינע שפּינדל.

„וואס פאר א נארישקייט!"— האָט ער געטראכט, זיך צוריק־אוועקלייגנדיק אפ'ן בעטל — „עס הויבן זיך, ווי עס ווייזט אויס, מיט מיר אָן האַליצונאציעס. נאָך דאָס פעלט מיר. מען מוז זען זיך נעמען אין די הענט אריין."

ער האָט זיך גענומען דערמאָנען איינצלהייטן וועגן זיין ארעסט.

ווי אומערווארטעט פאר אלעמען, איז מען זיין וואוינונג יענע נאכט איבערגעפאלן. אלעס איז דאָך געווען אזוי פארהיט, אזוי באוואָרנט. גיי ריכט זיך, אז דער חבר איוואן וועט זיין אזוי פאר־ברעכעריש־נאריש און שרייבן א צווייטן חבר וועגן דער נייער קאָנ־ספּיראטיווער קווארטיר. ווי נאריש מענטשן קאָנען אמאָל האנדלען, און וויפיל גרויסע, הייליקע אונטערנעמונגען זיינען שוין צעשטערט געוואָרן א דאנק אזעלכע אומבאדייטנדיקע קלייניקייטן. אָט ער אליין, צום ביישפּיל — — —

אימיצער האָט מיטאמאָל געגן זיין ווילן א דריי־געטאָן זיין קאָפּ אף רעכטס, און ער האָט געוואָרפן א שנעלן בליק ארויף צו דער סטעליע.

אין ווינקל איז געשטאנען א גאָר גרויסער, שווארצער שפּין און געקוקט אף אים.

זיינע ערינערונגען האָבן זיך מיטאמאָל אָפּגעהאקט, און א מחנה אויפגערודערטע געדאנקען, ווי א סטאַיע דערשראָקענע פויג־לען, האָבן זיך א הויב־געטאָן, זיך גענומען ווארפן אין פארשידענע זייטן, זיך אָנשלאָגן איינער אָן צווייטן און מיט אפּגעהאקטע אויס־געשרייען פאלן צו דער ערד.

ער האָט פעסט צוגעשלאָסן די אויגן, צוזאמענגענומען זיין גאנצע ווילנס־קראפט און געפּרואווט פאָרטזעצן זיינע ערינערונגען.

ווער האָט זיך עס געקאָנט ריכטן אף איוואנ'ען? דאכט זיך א קלייניקייט, א פּאָר ווערטער אין א בריוו — און זייער גאנצע, מיט אזוי פיל מי דערגרייכטע ארבעט איז צעשטערט געוואָרן.

אים אליין מיט נאך דריי חברים האט מען ארעסטירט און די דרור־קעריי פארכאפט. און ווער קען וויסן, וויפיל נאך קרבנות עס זיינען געווען. אפשר... אפשר...

ווייטער האט ער ניט געקאנט טראכטן. דער פאדים פון זיין געדאנק האט זיך אפגעהאקט און בשום אופן זיך ניט געקאנט מיט א צווייטן פארבינדן. עס האט אים ווער דעם קאפ אף רעכטס געדרייט, און ער האט קלאר געפילט, אז פון אויוון, פונ׳ם ווינקל, קוקט אימיצער אנגעשטרענגט אף אים.

ער האט געווארפן א שנעלן בליק צום ווינקל און דערפילט, ווי א קאלטער שטראם איז דורכגעלאפן איבער זיין גאנצן קערפער: דער גרויסער, שווארצער שפין האט אים גלייך אין די אויגן אריין געקוקט.

ער האט אפגעקערט דעם קאפ. פון זיין רוקן־ביין האבן זיך אין ביידע זייטן גענומען יאגן קאלט־בריענדיקע שטראמען און אנ־געפילט יעדן אדער מיט א וויברירנדיקער שטעכיקייט. ער האט מיט ביידע הענט פעסט צוזאמענגעדריקט דעם קאפ.

„ניט אנדערש, כ׳גיי פון זינען אראפ! ניין, עס איז ניט מער, ווי א האליצונאציע, שאטנס פון מיין אויפגערייצטער פאנטאזיע. איך מוז גלייך מאכן צו דעם א סוף, אדער... כ׳וועל אין אמת׳ן פון זינען אראפ!"

ער האט מיטאמאל א הויב־געטאן דעם קאפ, און איינהאלטנ־דיק דעם ציטער מיט די פעסט־צוזאמענגעדריקטע ציין, אנגע־שטרענגט זיך גענומען איינקוקן אין שווארצן שפין. זיין באווע־גונג איז פאר אים אליין געווען אומדערווארטעט, פונקט ווי אן אנדערער וואלט איבער זיינע מוסקולן געהערשט.

דער שפין האט זיך א ווײלע פון ארט ניט גערירט, דערנאך לייכט און לאנגזאם גענומען אויסציען און צונויפציען אונטער זיך זיינע שווארצע, מיט א גדיכטן מאך באוואקסענע פיס.

אלעקסאנדער האט געהער׳ט דעם קלאפ פון זיין הארצן, גע־פילט די קאלט־בריענדיקע שטראמען איבער זיין גאנצן לייב און פלוצלונג באמערקט, אז דער שפין הייבט ווידער אן צו וואקסן.

אַט איז ער שוין, ווי אַ גאָר גרויסער עפּל, אַט ווי אַ קעפּל פון אַ קליין קינד. זיינע אויגן ווערן אויך גרעסער און בייזער. ער עפנט און פאַרמאַכט דאָס מויל, און מען זעט קלאָר, ווי אַ שווארצע, גיפטיקע מאַסע באַוועגט זיך אינווייניק.

און אַלעקסאַנדער'ן האָט זיך גענומען דאַכטן, אַז אָט באַלד גיט דער שפּין אַ שפּרונג און בייסט זיך אים איין אין פּנים. ער האָט מיט אַלע כחות זיך אַ ריס־געגעבן אויף צוריק און מיט אַ פאַר־שטיקטן קרעכץ אַראָפּ פונ'ם בעטל.

דער גרויסער, שוואַרצער שפּין איז גלייך פאַרשוואונדן, און אויף זיין פּלאַץ האָט זיך קוים אָנגעזען דאָס קליינינקע שפּינדל, וועל־כעס איז מיט דריי וואָכן צוריק אַריין דורכ'ן פענסטער.

מיט ברייט־אָפענע אויגן האָט ער זיך אַ ווײַלע איינגעקוקט אין טונקעלן ווינקל, לייכט אָפּגעאָטעמט, איבערגעגאַנגען דאָס חדר'ל, נערוועז רייבנדיק די הענט, און מיט אַמאָל אַ פאַל געטאָן אויפ'ן בעטל און זיך איינגעדעקט איבער'ן קאָפּ.

און אַזוי איז ער אָפּגעלעגן באַוועגלאָז די איבעריקע טייל נאַכט. עטלאַכע מאָל האָט ער פאַרזיכטיק אויפגעהויבן דעם צודעק, געוואָרפן אַ ניט־זיכערן בליק צום ווינקל, און באַמערקנ־דיק דאָרט דאָס קליינע שפּינדל, לייכט אָפּגעזיפצט און צוריק זיך צוגעדעקט איבער'ן קאָפּ.

עס האָט שוין גענומען טאָגן, ווען ער איז איינגעשלאָפן.

ווען ער האָט זיך אויפגעכאַפּט, איז די זון שוין גאַנץ הויך אין הימל געשטאַנען. עטלאַכע מינוטן איז ער געלעגן אָן דעם מינדסטן געדאַנק און געהאַט אַזאַ געפיל, פּונקט ווי יעדער אבר וואָלט באַ אים ליידיק געווען און צוגעקלעפּט איינער צום צווייטן. זיין בליק האָט איבער די ווענט געבלאָנדזשעט, און אים האָט זיך געדאַכט, אַז ער דאַרף זיך וועגן עפּעס זייער נויטיקעס דערמאָנען.

באַלד האָט זיך זיין מוח אָנגעפילט מיט גרויע, זיך לאַנגזאַם באַוועגנדיקע שאָטנס, צווישן וועלכע עס האָבן אין גרעסטן אומ־אָרדנונג זיך גענומען דורכטראָגן, ווי פונקען, שטיקלאַך געדאַנקען. אַ געדאַנק וועגן די נייע שיך, וועלכע ער האָט צוריק מיט צוויי

וואַכן געקראָגן, האָט זיך צונויפגעפלאָכטן מיט אַ צווייטן וועגן לעצטן פאַרהער; דער אַלטער רעוואָלוציאָנערער אויפרוף: „אין קאַמף וועסטו דיין רעכט געפינען" האָט זיך פעסט צוגעדריקט צו דער ערינערונג וועגן נעכטיקן עסן; דעם אַלטן וועכטער'ס פּנים האָט זיך צוזאַמענגעגאָסן מיט די פּנים'ער פון עטלאַכע חברים; און לידאַ'ס הילכיקער געלעכטער האָט זיך ארויסגעריסן פונ'ם שווערן סאָפּען און רוישן פון אַ באַן, וועלכן ער האָט געהערט נאָך לאַנג, לאַנג צוריק, אַף דער פרייהייט.

ער האָט געוואָלט אויפהייבן דעם קאָפּ און ניט געקאָנט. עס האָט גענומען עטלאַכע מינוטן, ביז ער איז אימשטאַנד געווען צו־זאַמענצובינדן די פיזישע געפילן מיט'ן באַוואוסטזיין און אַ טראַכט־טאָן: „ווי שווער מיין קאָפּ איז!"

און פּלוצלינג האָט אים עפּעס אַ בליץ געטאָן אין געדאַנק, עפּעס אַ שוואַרצער, גלאַנציקער קערפּער אין אויסזען פון אַ גרויסן שפּין האָט זיך אַ טראָג געטאָן פאַר די אויגן. ער האָט זיך שנעל אויפגעזעצט אַפ'ן בעטל. ער האָט זיך אָן אַלץ דערמאָנט.

אַזוי איז ער אָפּגעזעסן עטלאַכע מינוטן, דערנאָך אַנטשלאָסן אויסגעדרייט דעם קאָפּ צום ווינקל: דאָס קליינינקע שפּינדל איז זיך רואיק געזעסן אין זיין נעץ.

„נאַכט זעאונגען", — האָט ער אָפּגעזיפצט, — „ווי ס'ווייזט אויס גייען מיינע נערוון גאַנץ שנעל באַרג אַראָפּ." — ער האָט זיך אויפגעשטעלט, איז עטלאַכע מאָל איבערגעגאַנגען דאָס קעמערל און שטיין געבליבן באַם פענסטער. ער האָט צוגעדריקט דעם שטערן צו די קאַלטע, ברייטע גראַטעס און פיינלאַך געטראַכט:

„וואָס טוט מען? ווי אַזוי ראַטעוועט מען זיך? מיין מוח איז הילפלאָז, מיין ווילנס־קראַפט איז געבראָכן. מען דאַרף זיך ניט נאַרן. ווער ווייסט צו וואָס עס קען מיך נאָך ברענגען! משוגע ווערן?! ווי שוידערלאַך! בעסער דער טויט! און אַ חוץ דעם, ווער ווייסט וואָס פאַר אַ זאַכן איך קען אין אַזאַ צושטאַנד דערציילן, וועמענס נעמען אָנרופן! שרעקלאַך! וואָס טוט מען?"

ער האָט דעם קאָפּ צווישן די אַקסלען אריינגעצויגן, די הענט

צו דער ברוסט צוגעדריקט און דאָס גאַנצע פּנים האָט געצוקט און זיך פון יסורים געקרימט.

פּלוצלינג האָט ער זיך אָפּגעריסן פון׳ם פּלאַץ און גענומען אַרומלויפן איבערן צימער פון ווינקל צו ווינקל, ברומענדיק עפּעס אַ לידל אונטער׳ן נאָז און וואַרפנדיק מיט די הענט אין אַלע זייטן.

אַזוי איז ער אַרומגעלאָפן עטלאַכע מינוטן, מיט אַמאָל שטיין געבליבן און זיך דערשראָקן גענומען אַרומקוקן.

„גאָט, וואָס טוט ער? צי איז ער שוין אַף אַן אמת׳ן פון זינען אַראָפּ? ווי נעמט עס אַ מענטש אַרומלויפן איבער׳ן צעל און וואַרפן מיט די הענט? ניט אַנדערש ער איז שוין פון...״

ער איז שנעל צוגעגאַנגען צום טישל, אַף וועלכן ס׳איז געשטאַנען אַ גלאָז וואַסער און זי מיט איין מאָל אויסגעטרונקען. דערנאָך איז ער צוגעגאַנגען צו דער טיר, אָנגעקלאַפּט און אַ רוף געטאָן דורכ׳ן קיילאַכדיקן פּענסטערל:

— עי, מאַטוועיטש, לאָז מיך אַרויס אביסל!

ביז דער וועכטער איז צוגעקומען, איז ער געשטאַנען מיט׳ן קאָפּ צוגעשפּאַרט צו דער טיר און געטראַכט: „מען מוז זיך נעמען אין די הענט. דאָס וויכטיקסטע איז זיך צווינגען פון קיינע נאַרישקייטן ניט צו טראַכטן. איצט וועט ער זיך דורכלויפן אין קאָרידאָר, זיך דורכלופטערן אביסל און זיך גלייך נאָכ׳ן פרישטיק אַוועקזעצן דורכלעזן אַלע צייטונגען, וועלכע האָבן זיך פאַר די לעצטע צוויי וואָכן אָנגעזאַמלט אַף זיין טיש. היינט מוז ער אויך פאַרענדיקן דאָס אויסשניצן פון די שאַכמאַט פיגורן. אין אָוונט וועט ער מאַכן אַ סך פיזישע איבונגען און רואיק איבערשלאָפן די גאַנצע נאַכט, ווי אין די אַמאָליקע גוטע צייטן.״

דער אַלטער מאַטוועיטש האָט שמייכלענדיק געעפנט פאַר אים די טיר.

— זיך פאַרשלאָפן היינט, אַ? ניט געוואָלט אייך וועקן, אפשר פילט איר ניט גוט.

— איך דאַנק דיך, מאַטוועיטש. טאַקע אין דער פרי ערשט איינגעשלאָפן.

דער אַלטער האָט זיך אַרומגעקוקט און שטיל אַ זאָג געטאָן:

— כ׳האָב אַ גוטע נייס פאַר אייך!

— וואָס איז?

— אייער פרוי וועט צו אייך מאָרגן קומען.

— פון וואַנען ווייסטו עס?

— אין קאַנטאָר היינט אין דער פרי וועגן דעם געהערט. זי איז לעצטע וואָך קראַנק געווען און ניט געקענט קומען אייך זען, האָט דער הער פּאָלקאָווניק באַפוילן זי מאָרגן אַריינצולאָזן.

אַלעקסאַנדער האָט אַ כאַפּ געטאָן מאַטוועיטש׳ן באַם האַנט.

— ביסטו זיכער, אַז דאָס האָט מען וועגן מיר גערעדט? — טרערן האָבן אים אַ שלאָג געטאָן פון די אויגן.

— זיכער, וואָס פאַר אַ פראַגע? כ׳בין נאָך דאַנקן גאָט ניט טויב.

אַלעקסאַנדער האָט מיטביידע הענט אָנגעכאַפּט דעם אַלטנ׳ס האַנט און זי פעסט צוזאַמענגעדריקט. טרערן האָבן אים געשטיקט.

— איך דאַנק דיר, גוטער מענטש! — און ער איז שנעל אַוועק אין צווייטן עק קאָרידאָר.

דער טאָג איז אַריבער אַ העלער, אַ זוניק־פריידיקער. אָבער וואָס נאָענטער די נאַכט איז צוגעפאַלן, אַלץ אומרואיקער איז אַלעקסאַנדער געוואָרן. די ליכטיקע זיכערקייט האָט גענומען טונ־קעלער ווערן און פון איר טיפקייט האָט צייטנווייז עפּעס גע־שוואַרצט און געשראָקן. ער האָט אַלע קרעפטן אָנגעווענדעט צו האַלטן זיין מח שטענדיק באַשעפטיקט מיט עטוואָס שפּאַנענדעס. ער האָט געבלעטערט די אינטערעסאַנטסטע פּאַסירונגען פון זיין לעבן, געטראַכט פון די ליבסטע פריינד און חברים אָדער גאָר געשפּאַנט איבער זיין צעל און געזונגען פאַר זיך רעוואָלוציאָנערע לידער.

ווען מאַטוועיטש האָט אים אין אָוונט געבראַכט ברויט מיט אַ קליינעם טשייניק טיי, האָט ער זיך באַמיט אים וואָס לענגער אין צימערל צו פאַרהאַלטן. ער האָט אים אויסגעפרעגט איינ־צעלהייטן וועגן זיין גאַנצער פאַמיליע און אים אויך דערציילט

ווען זיינע עלטערן, וועגן זיין קינדהייט, צוערשט אף די ברייטע סטעפעס נעבן פּאָלטאווע, דערנאָך אין דער מיטל־שולע.

נאָך מאַטוועיטש׳עס אוועקגיין האָט ער זיך געפילט אביסל רואיקער. ער האָט זיך אוועקגעזעצט אפ׳ן בעטל און גענומען פּאַרטיק מאַכן אַ צעטעלע פאַר לידא׳ן און זיך פאַרטראַכט וועגן די נויטיקסטע זאַכן, וואָס ער דאַרף איר מאָרגן זאָגן.

ווען אַלץ איז שוין געווען איבערגעטראַכט, האָט ער זיך געפּרוווט דערמאָנען וואָס לידא האָט אים באַ זייער לעצטער באַגעגעניש געזאָגט און דערביי געוואָלט אויפלעבן אין זכרון ניט נאָר איר שמייכל נאָר אויך דעם מינדעסטן אויסדרוק פון איר פּנים.

גיך האָט ער שוין ניט געהאַט מער וועגן וואָס צו טראַכטן, פון וואָס זיך צו דערמאָנען, אָדער ריכטיקער, זיינע געדאַנקען האָבן ווי פאַרלאָרן זייער באַוועגלאַכקייט און זיינען געבליבן ליגן ווי פון עפּעס צוגעדריקט. דאַמאָלסט האָט ער גענומען שטיל דעקלאַמירן. ער האָט אָנגעפאַנגען מיט די גאָר אַלטע קינדערשע לידלאַך, וועלכע ער האָט נאָך אין דער אָנפאַנגס־שול געלערנט און איז אזוי איבערגעגאַנגען ביז צו די גאָר גרויסע פּאָעמען פון פּושקין און לערמאָנטאָוו, פון בייראָן און היינע. דאָס האָט זיך אויך גיך אויסגעלאָזט, אָבער ווידער ניט דערפאַר, וואָס ער האָט ניט געהאַט מער וואָס צו דעקלאַמירן, נאָר ווייל זיין זכרון האָט זיך אַלץ שוואַכער און לאַנגזאַמער גענומען באַוועגן. עפּעס אַ שרעק איז געלעגן באַהאַלטן אין מח און קאַלט געפּלאָנטערט דעם געדאַנקן־גאַנג.

דער שטאָט־זייגער ניט ווייט האָט אָפּגעקלונגען צוועלף מאָל. מיט דער אָנטשלאָסנקייט פון פאַרצווייפלונג האָט ער מיט אמאָל אַ קוק געטאָן אין ווינקל. אַ קעלט איז איבער זיין גאַנצן קערפּער דורכגעלאָפן: דער שוואַרצער, גרויסער שפּין, נאָך גרעסער פון נעכטן, האָט פון דאָרטן אף אים אָנגעשטרענגט געקוקט.

ער האָט זיך האַסטיק אַ הויב געטאָן פון פּלאַץ און גלייך אים אַ קוק געטאָן אין די אויגן. און דער שפּין האָט זיך אויך

עטוואָס אויפגעהויבן און גענומען לייכט און לאַנגזאַם באַוועגן מיט די פיס און מיט'ן מויל, ווי זיך גרייטנדיק צו אַ קאַמף.

אַ שאַרפער קנויל האָט זיך צוזאַמענגעדריקט אין דער הינטערשטער טייל פון אַלעקסאַנדער'ס קאָפ, זיך אַראָפּגעלאָזט צום נאַקן און ווי אַ קרעמפּ־כוואַליע זיך דורכגעטראָגן איבער זיין גאַנצן קערפּער. ער האָט זיך צוזאַמענגעקאָרטשעט און באַלד צוריק זיך אויסגעגלייכט, און זיינע אַקסלען האָבן זיך אַ פּאָר מאָל אַזוי מאָדנע אויפגעהויבן און אַראָפּגעלאָזט.

און פּלוצלונג, אומדערוואַרטעט פאַר זיך אַליין, האָט ער אַ כאַפּ געטאָן דאָס קליינע האַרטע צוקאַפּנס־קישעלע און עס מיט אַלע כוחות אַ שליידער געטאָן אַרויף אין רעכטן ווינקל אַריין.

דער שפּין האָט זיך גענומען אומרואיק באַוועגן אין זיין נעץ און ברייט צעעפענט זיין גרויסן, גיפטיקן מויל.

דאָס קישעלע האָט זיך אָפּגעשלאָגן רעכטס פון אים און איז צוריקגעפאַלן אַפ'ן דיל.

אַלעקסאַנדער האָט עס שנעל אויפגעהויבן און עס אַ צווייטן מאָל געוואָרפן. דאָס מאָל איז עס פאַרפלויגן צו ווייט לינקס.

דער שפּין האָט אומרואיק און בייז זיך גענומען באַוועגן אין דער נעץ און פון זיינע אויגן האָבן גענומען שפּריצן ווייסע פּינקען.

אַלעקסאַנדער האָט געפילט, אַז ער קען ניט און טאָר זיך שוין ניט אָפּשטעלן, אַז ער מוז דעם שפּין פאַרניכטן, אָדער יענער וועט באַלד אויף אים אַ שפּרונג טאָן. ציטערנדיק פאַר שרעק און אויך פון אַ מין פאַרצווייפלטן צאָרן, האָט ער נאָך דריי מאָל געוואָרפן דאָס קישעלע און ערשט דעם לעצטן מאָל אים געטראָפן. דאָס קישעלע האָט אינגאַנצן פאַרדעקט דעם שפּינ'ס קערפּער און ווען עס איז צו דער ערד געפאַלן, איז דער ווינקל געווען ליידיק.

אַלעקסאַנדער האָט זיך אַ וואָרף געטאָן צום קישעלע און עס ווילד גענומען טרעטן מיט די פיס. ווען ער האָט שפּעטער, מיט אַ ציטערנדיקן שמייכל אויף די ליפּן, עס איבערגעקערט מיט'ן פוס,

וועלנדיק זען דעם צעדריקטן שונא, האָט ער אים דאָרטן ניט גע־פונען. דער שפּין איז פאַרשוואונדן.

דער שמייכל איז גלייך אראָפּ פון זיין פּנים און דער פריער־דיקער שרעק האָט זיך אין זיין בליק אָנגעצונדן. ער האָט אַ טראַכט געטאָן, מעגלאַך דער שפּין שטייט ערגעץ־וואו אין אַ ווינקל באהאלטן, אָדער ליגט אַף זיין געלעגער און וועט אים באלד אין פּנים אריין אַ שפּרונג טאָן. ער האָט אָפּגעטראָטן צו דער טיר, זיך גענומען ארומקוקן און אין מח האָבן געדאנקען ווילד גע־טאנצט:

„ער מוז גלייך אָנקלאַפּן אין טיר און אריינרופן מאַט־וועיטש'ן. ער טאָר ניט בלייבן אליין: דער פארפלוכטער שפּין וועט אים פארגיפטן. אימיצער מוז דאָך אַף אים רחמנות האָבן. ער איז דאָך אַ מענטש. דער שפּין מוז ליגן ערגעץ־וואו באהאלטן. ווען לידאַ אָדער ווער פון די חברים זאָלן וויסן".

פּלוצלינג האָט ער גיכער דערפילט ווי דערזען עטוואָס שווארצעס אין דער הויך איבער זיך. ער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ און דערזען דעם שפּין. יענער איז לאנגזאַם געקראָכן אראָפּ פון דער סטעליע און געקוקט צו אים.

ער האָט אָפּגעשפּרונגען אין דער צווייטער זייט קאַמער, צום פענסטער. דער שפּין איז שטיין געבליבן אַף אַ רגע און גענומען קריכן צו אים איבער דער ברייט פון די ווענט.

אַ טויט־שרעק האָט אַלעקסאַנדער'ן ארומגעכאַפּט. שנעל ווי אַ קאַץ, האָט ער אַ שפּרונג געטאָן רעכטס, אַ כאַפּ געטאָן דאָס קישעלע פון'ם דיל און, מאַכנדיק אַ שפּאַן פאָראויס, עס אַ וואָרף געטאָן אַפּ'ן קריכנדיקן שפּין. דערנאָך האָט ער גענומען וואַרפן אַף אים יעדע זאַך, וועלכע איז אים נאָר אונטער'ן האַנט געקומען און פון זיין ברוסט האָבן זיך געריסן אַזעלכע משונה'דיקע, פאַר־שטיקטע קולות.

דער שפּין האָט אָבער געשיקט אָפּגעשפּרונגען אין פאַרשיי־דענע זייטן און יעדעס מאָל אויסגעמיטן דעם קלאַפּ.

דער קלאַנג פון שליסלען און דער רויש פון דער שנעל צו־עפנטער טיר האָט אַלעקסאַנדער'ן צו זיך געבראַכט.

— וואָס איז מיט אייך, בראַמער? — האָט ער נעבן זיך מאַטוועיטשעס שטימע דערהערט און דערפילט יענעמס הענט אַף זיינע אַקסלען.

אַלעקסאַנדער האָט אַ פּאָר מינוטן צעטומלט זיך איינגע־קוקט אין וועכטער'ס פּנים, דערנאָך איבערגעפירט זיין בליק צום וואַנט און זיך אָן כח אַראָפּגעלאָזט אַפ'ן בעטל.

— וואָס איז געשען? איר זיינט קראַנק? — מאַטוועיטש האָט שווער אָפּגעזיפצט.

— איך ווייס ניט... — האָט אַלעקסאַנדער געענטפערט, ניט קענענדיק איינהאַלטן דאָס קלאַפּן פון די ציין. — איך פיל ניט גוט. עפּעס דאַכטן זיך מיר אוים פאַרשיידענע שרעקן, האַלו־צינאַציעס.

דער וועכטער איז שנעל אַרויס און גיך צוריקגעקומען מיט אַ גלאָז וואַסער.

— נו טרינקט אוים אַ ביסל וואַסער. באַרואיקט זיך! — און בעת אַלעקסאַנדער האָט געטרונקען האָט ער בייז עפּעס גע־ברומט צווישן די ציין וועגן די מערדער, די הינטישע זין, די זשאַנדאַרן, וואָס ווייסן פון קיין רחמנות ניט.

— איך דאַנק דיר, מאַטשוועיטש, ס'איז מיר שוין אַ ביסל איבערגעגאַנגען.

— וואָס האָט זיך עס אייך אַזעלכעס אויסגעדאַכט? — האָט דער אַלטער געפרעגט, באַטראַכטנדיק די אומאָרדנונג אַרום, — איר האָט דאָך צובראָכן אייער גלאָז מיט ביידע טעצלאַך!

— כ'פאַרשטיי אַליין ניט וואָס ס'איז מיט מיר די לעצטע צייט געוואָרן, — האָט אַלעקסאַנדער געענטפערט, פילענדיק ווי זיינע אויגן פילען זיך איבער מיט טרערן. — עפּעס דוכט זיך מיר שוין די צווייטע נאַכט, אַז אַ גרויסער שפּין וויל אַף מיר אַרויפשפּרינגען.

— גאָט איז מיט אייך! — האָט זיך דער אַלטער דער־

שראָקן, — אַ שפּין? ווי קומען עס אייך אַזעלכע זאַכן אין גערדאַנק אַריין?

אַלעקסאַנדער האָט אויפגעהויבן דעם קאָפּ, געוואָלט אים ענטפערן, אָבער פּלוצלונג האָט אים עפּעס אַ שוואַרץ געטאָן אין די אויגן און ער האָט דערזען דעם שפּין הינטער דעם אַלטן׳ס פּלייצעס. ער האָט זיך דערשראָקן אויסגעהויבן און צוריקגע־טראָטן.

— וואָס איז? — האָט אים מאַטוועיטש אומרואיק אַ פרעג געטאָן.

— דער שפּין!

— וואו? וואו זעט איר אים? — מאַטוועיטש האָט גע־וואָרפן אַ שנעלן בליק אַף ביידע זייטן.

בראַמער האָט נערוועז דורכגעפירט מיט׳ן האַנט איבער׳ן שטערן.

דער שפּין איז פאַרשוואונדן.

— גאָרניט, מאַטוועיטש. ס׳האָט זיך מיר אויסגעדאַכט.

— נו, בארואיקט זיך. עס דאַכט זיך אייך בלויז אויס. בארואיקט זיך. — דער אַלטער האָט פריינדלאַך אַרויפגעלעגט זיין האַנט אַף אַלעקסאַנדער׳ס אַקסל. — אַט וועט מאָרגן אייער ווייבל קומען. גיט איר אַ שטאַרקערן קוש און פאַרגעסט אָן אַלץ!

— איך דאַנק דיר, מאַטשוועיטש. איך וועל עס דיר ניט פאַרגעסן.

דער וועכטער איז אוועק. אַלעקסאַנדער האָט באַטראַכט די ווענט, זיך אוועקגעלייגט אַפּ׳ן בעטל, זיך איינגעדעקט איבער׳ן קאָפּ און מיט אַמאָל ווי איינגעזונקען אין אַ האַלב־באַוואוסטלאָזן צושטאַנד.

עלף אַזייגער אין דער פרי האָט מאַטוועיטש אַריינגעקוקט דורכ׳ן פענסטערל פון אַלעקסאַנדער׳ס צעל און אים אָנגעזאָגט, אַז נאָר־וואָס, פאַרבייגייענדיק דעם אויסערלאַכן הויף, האָט ער פון ווייטנס געזען זיין פרוי וואַרטן.

אַלעקסאַנדער איז גלייך אַראָפּ פונ׳ם בעטל און נערוועז זיך

גענומען אָנטאָן. דאָס צעטל, וואָס ער האָט נאָך נעכטן פּאַרטיק געמאַכט איבערצוגעבן דעם ווייב, האָט ער בשום אופן ניט גע־קענט געפינען. ער האָט אויך פאַר קיין פאַל זיך ניט געקענט דערמאָנען, וואָס ער האָט באַשלאָסן מיט לידאַ'ן צו ריידן און וועגן וואָס זי צו פרעגן. אָבער לאַנג וועגן דעם טראַכטן האָט ער ניט געקענט: זיי מח איז ניט אימשטאַנד געווען אויסצור־האַלטן די קלענסטע אָנשטרענגונג.

באַלד האָט מען אין קאָרידאָר אויסגערופן הויך זיין נאָמען. אַ נייער וועכטער, אַ יונגער און ניט־סימפּאַטישער, האָט פאַר אים געעפנט די טיר. אַרויסגייענדיק האָט אַלעקסאַנדער מעכאַניש געוואָרפן אַ שנעלן בליק צום ווינקל.

לידאַ האָט שוין געוואַרט אַף אים אין אויפנאַמס־צימער. באַם איינציקן פענסטער איז געשטאַנען אָנגעשפּאַרט אַף זיין ביקס אַ סאָלדאַט.

זיי האָבן זיך אַרומגעכאַפּט און אַלעקסאַנדער האָט זיך צע־וויינט.

לידאַ, וועלכע האָט ביז איצט קיינמאָל זיינע טרערן ניט געזען, האָט אים פאַרוואונדערט אָנגעקוקט און דערשראָקן אַ פרעג געטאָן:

— אין גאָטעס ווילן, סאַשאַ, וואָס איז מיט דיר? ווי שרעק־לאַך דו זעסט אויס!

ער האָט פעסטער צוגעדריקט זיין פּנים צו איר אַקסל און זי האָט געפילט ווי זיינע טרערן לויפן איבער איר נאַקעטער פּלייצע.

— ביסט קראַנק, סאַשענקאַ? — האָט זי מיט געוואַלד זיין קאָפּ אויפגעהויבן און אים אין די אויגן אַריינגעקוקט.

— כ'ווייס ניט, לידאַ... כ'ווייס גאָרניט. די צוויי לעצטע נעכט זיינען געווען שווידערלאַכע, שווידערלאַכע. כ'האָב געמיינט כ'וועל פון זינען אַראָפּ.

— אָבער וואָס איז מיט דיר? — זי האָט געהיט יעדע באַ־

וועגונג פון זיין פּנים און אירע הענט האָבן זיך פעסט איינגעגראָבן אין זיינע אַקסלען.

שרעקלאַכע האַלוצינאַציעס. עפּעס אַ שוואַרצער, גרויסער שפּין פאַרפאָלגט מיך. לידאַ, טייערע, איינציקע, ראַטעווע מיך: איך האָב מורא כ׳וועל משוגע ווערן. ראַטעווע מיך! — ער האָט זיך צעכליפּעט ווי אַ קליין קינד.

דער סאָלדאַט באַם פענסטער האָט אַ טיפן זיפץ געטאָן און זיך אָפּגעקערט אָן אַ זייט.

לידאַ האָט זיך אַ ווײַלע אָנגעשטרענגט איינגעקוקט אין אַלעקסאַנדער׳ס פּנים און טרערן האָבן אויך גענומען לויפן פון אירע אויגן.

— נו, באַרואיק זיך, סאַשענקאַ, איינציקער מיינער. נו, וואָס קען איך טאָן?

ער האָט פעסטער צוגעדריקט זיין קאָפּ צו איר ברוסט.

עטלאַכע מינוטן זיינען זיי ביידע אַזוי געשטאַנען. דערנאָך האָט ער אויפגעהויבן דעם קאָפּ, איר געוואָלט עפּעס זאָגן, אָבער פּלוצלינג האָבן זיך זיינע אויגן ברייט צעעפנט און זיין פּנים האָט קאָנוואולסיוו זיך אויסגעקרימט.

— וואָס איז, סאַשאַ? — האָט זי שנעל אַ פרעג געגעבן.

ער האָט ניט געענטפערט, געקוקט אָנגעשטרענגט איבער איר קאָפּ, און זיך פּלוצלונג מיט אַמאָל אַרויסגעריסן פון אירע הענט און אָפּגעטראָטן צוויי טריט אַף צוריק.

— סאַשענקאַ, וואָס איז מיט דיר!?

דער סאָלדאַט האָט אויסגעדרייט דעם קאָפּ און זיי פאַרוואונ־דערט אָנגעקוקט.

אַלעקסאַנדער האָט ניט געענטפערט, געקוקט ערגעץ־וואו אַרי־בער איר קאָפּ און ענדלאַך האָט זיך דורך זיינע צוזאַמענגעפּרעסטע ליפּן שווער אַרויסגעריסן:

— דער שפּין, לידאַ! הינטער דיינע פּלייצעס!

ער האָט מיט׳ן בליק גענומען זוכן, עפּעס אין האַנט אַריין צו כאַפּן.

זי האָט זיך דערשראָקן ארומגעקוקט און זיך א לאָז געטאָן צו אים.

— סאשענקא, ליבער, קום צו זיך! עס דאכט זיך דיר! קיין שפּין איז אין ערגעץ ניט פאראן. בארואיק זיך!

ער האָט זי מיט אמאָל א כאַפּ געטאָן פארביידע הענט, זי מיט אלע כוחות א שלעפּ געטאָן צוערשט לינקס, דערנאָך רעכטס, אָבער דער שפּין, הינטער אירע פּלייצעס, האָט זיך מיטגערוקט, פּונקט ווי ער וואָלט צו איר צוגעוואקסן געווען.

— סאשענקא, וואָס איז מיט דיר? בארואיק זיך! — האָט זי א טויט־בלייכע פארלאָרן עטלאכע מאָל איבערגע׳חזר׳ט און אירע ווייסע ליפּן האָבן געציטערט.

אלעקסאנדער האָט ניט געענטפערט, געקוקט מיט שרעק און פארצווייפלונג איבער אירע פּלייצעס און אלעמאָל געוואָרפן א שנעלן בליק אף די זייטן, זיכנדיק עפּעס א געוועהר.

פלוצלינג האָט דער שפּין זיך א הויב געטאָן, זיך אוועקגע־זעצט אויף לידא׳ס בלאָנדע האָר, ברייט צונומען די פיס און גענומען זיך אראָפּלאָזן איבער איר קאָפּ, פארדעקנדיק ביסלאכווייז איר פּנים.

— לידא! — האָט אלעקסאנדער ווילד אויסגעשריען, — אנטלויף, שליידער אים אראָפּ! גיכער! גיכער! — ער האָט זיך א וואָרף געטאָן צו איר, אָבער גלייך אפּגעטראָטן צוריק.

לידא׳ס ווייסע צאַרטע הענט האָבן זיך מיט געבעט צו אים געצויגן, אָבער איר פּנים, דאָס פּנים פון א שפּין, האָט זיך גע־קרימט, געפינקלט בייז און שפּאָטיש מיט די אויגן, דאָס ברייטע, שוואַרצע מויל האָט זיך באוועגט און א שטימע, זייער ענלאך צו לידא׳ס, האָט פון דאָרטן בעטענד געקלונגען:

— סאשענקא, קום צו זיך! מיין ליבער, מיין איינציקער!

— אוועק פון מיר! ער האָט דיך שוין איינגעשלונגען! אוועק! — ער האָט זי געשטויסן פון זיך און זיינע אויגן האָבן ממש ארויסגעשפּרונגען פון זייערע לעכער.

דער סאָלדאט האָט פארגעסן ביים פענסטער זיין ביקס און

איז געשטאַנען נעבן זיי אַ בלייכער, ניט װיסנדיק װאָס צו טאָן.

— סאשענקאַ! סאשענקאַ! — האָט זי שוין היסטעריש געשריען. — איך בין עס. איך, דיין לידאַ! סאשאַ! — זי האָט זיך איינגעקלאַמערט אין אים מיט ביידע הענט.

— אַװעק! — האָט ער װילד אויסגעשריען און מיט אַ שטאַרקן קלאַפּ אין פּנים זי װייט אָפּגעװאָרפן פון זיך.

זי האָט אַ הילכיקן קװיטש געגעבן און איז געפאַלן אויף דער ערד.

פון אַלע זייטן האָבן גענומען לויפן װעכטער.

אַלעקסאַנדער איז צוגעלאָפן צו דער ליגנדיקער לידאַ און אַלץ געװאָלט מיט די פיס איר פּנים צוטרעטן. עטלאַכע װעכ־טער האָבן אים אָנגעכאַפּט.

— לאָזט מיך! — האָט ער זיך פון זייערע הענט געריסן — איצט װעל איך אים טויטן! לאָזט מיך!

און פּלוצלינג האָט ער געװאָרפן אַ בליק אויף די װעכטער, װעלכע האָבן אים געהאַלטן. די אויגן זיינען אים מיט בלוט פאַרלאָפן, אַ װייסער שניראַל האָט זיך גענומען שוימען אַרום זיין מויל. מיט אַן אומגעהייערער קראַפט האָט ער זיך גענומען רייסן פון די װעכטער׳ס הענט: ער האָט אויף יעדערן פון זיי דערזען אַ פּנים פון אַ גרויסן שװאַרצן שפּין.

— שפּינען! אַלע זייט איר שפּינען! אַלע! אַלע! לאָזט מיך! לאָזט מיך! — און ער האָט זיך אַלץ געריסן זיי צו שלאָגן אין די פּנים׳ער.

מיט עטלאַכע שעה שפּעטער האָט מען אים אַ געבונדענעם אַװעקגעפירט אין אַ משוגעים־הויז.

# באַ די טויערן פון דער אייביקייט

(מיין טייערער צירלען — אַ מתנה).

דורכ'ן רויש פון מיליאַנען מענטשן־שטימען, דורכ'ן קלאַפּן און גערודער פון צענדליקער טויזנטער שווער־געלאַדענע וועגענער און אַטאָמאָבילן, דורכ'ן דראַענדיקן ברומען פון אייזן און שטאָל, וועלכע האָבן טאָג און נאַכט די ריזן־שטאָט פאַרהילכט — האָט ער שטענדיק פון דער ווייטן איר רופנדיקן קול געהערט און זיין נאָמען דערקענט.

און אָפט פלעגט ער שטונדן לאַנג זיך יאָגן איבער די טומל־דיקע גאַסן, זיך טרינקען אין שטראָם פון באַנען, מענטשן און אַטאָמאָבילן, יעדער פאַרבייגייענדיקער פרוי אין פּנים אַריינגעקוקט, געוואַרט אויף אַ צייכן, אויף אַן אויסערגעוויינלאַכן שמייכל, און זיין האַרץ איז אויסגעגאַנגען פון ווייי און דערוואַרטונג.

דורכ'ן רויש פון מיליאַנען מענטשן־שטימען, דורכ'ן קלאַפּען און גערודער פון צענדליקער טויזנטער שווער־געלאַדענע וועגענער און אַטאָמאָבילן, דורכ'ן מעכטיקן ברומען פון אייזן און שטאָל, — האָט זי שטענדיק זיין ווייטן רוף געהערט, געפילט אויף זיך זיין טרויעריק־ליבנדיקן בליק און געשפּירט אַרום איר האַרצן אַ צאַרטן געוועב פון זיינע געדאַנקען און הייסע וואונשן.

און אָפט פלעגט זי גאַנצע אָוונטן איינזאַם בלאָנדזשען איבער די רוישנדיקע, העל־באַלויכטענע גאַסן, וואַרטן אויף עפּיס אַ נס, און ווען אַ יונגער מאַן פלעגט איר אין פּנים אַריינקוקן, צו איר אַ שמייכל געבן, אָדער אַ פליגל־וואָרט פאַרביי איר לאָזן פליען, פלעגט דאָס האַרץ איר בלייבן שטיין און עמיצער האָט טיף אין איר יעדעס מאָל אַ שטילן פרעג געטאָן:

„אפשר ער? ווער ווייסט? אפשר?"

אבער דאָס קול פלעגט גלייך אנשווינדן ווערן. א קאַלט ווינטל האָט זיך פונ׳ם הארצן צו אַלע גלידער אַ טראָג געטאָן און, אָפּ־קערנדיק דעם קאָפּ, האָט זי טרויעריק געטראַכט:

„ניין, ס׳איז ניט ער. זיכער ניט ער. ס׳איז אַ פרעמדער."

און ווען אין אַ קילן זומער פאַרנאַכט האָבן זיך זייערע לעבנס־וועגן איבערגעשניטן, האָבן זיי גלייך דערקענט איינער דעם צווייטן, זיך טיף אין די אויגן אַדיינגעקוקט, די הענט זיך געגעבן און גע־פילט, פונקט ווי זיי וואָלטן זיך שוין אַמאָל ערגעץ־וואו געטראָפן.

דער פריינט, וועלכער האָט זיי איינער פאַר׳ן צווייטן פאָר־געשטעלט, האָט ניט געקענט פאַרשטיין, ווי לייכט זיי האָבן זיך עס באַפריינדעט, און ווען זיי זיינען דערנאָך אַוועק צוזאמען, האָט ער זיי פאַרוואונדערט נאָכגעקוקט.

ער איז געווען אַ קלוגער, זייער פריינט. ער האָט גאָרניט געצווייפלט, אַז זיי האָבן אים אָפּגענאַרט, אַז זיי קענען זיך שוין לאַנג.

כמעט אַ גאַנצע נאַכט זיינען זיי אַרומגעגאַנגען און זייערע הענט האָבן זיך פעסט איינע אָן די צווייטע געהאַלטן. זיי האָבן מורא געהאַט, דער געדיכטער מענטש־שטראָם, וועלכער האָט זיי אַזוי לאַנג באַהאַלטן איינער פונ׳ם צווייטן, זאָל זיי ווידער ניט צעטיילן און פאַרגיסן מיט זיין רווישנדיקער איינזאַמקייט.

זיי האָבן ווייניק גערעדט צווישן זיך, זייער יעדער בליק איז אָבער פול געווען מיט ענדלאָזע דערציילונגען וועגן לאַנגע, איינזאַמע טעג, וועגן שלאָפלאָזע נעכט פול מיט בענקשאַפט און טרערן. און ווען ס׳האָט שוין ווער פון זיי עפּיס געזאָגט, איז יעדעס וואָרט געווען אָנגעזאָפּט מיט רויט־פלאַטערנדיק בלוט, מיט אַ פאַר־צווייפלטן פאַרלאַנג צוריק צו ציען די גליקלאַכע שעה׳ן און טעג, וואָס זיי האָבן פאַרלאָרן, זוכנדיק איינער דעם צווייטן.

אָבער איבער אַלץ, אויסגעצירט אין פלאַטערנדיקע שלייערן פון אַלע רעגנבויגן־פאַרבן, האָט געשוועבט די פרייד פון זייער באַ־

גניש, געהייליקט זייערע בלאסע פנים'ער און ארויסגעשיינט פון זייערע בליקן.

— מיר דאכט זיך, אז איך קען אייך שוין יארן לאנג, — האט ער שטיל געזאגט.

— מיר אויך!

ער האט פעסטער צוגעדריקט איר האנט צו זיך.

— אזוי לאנג אף אייך געווארט!

זי האט ניט געענטפערט, זיך איינגעקוקט אין זיין פנים און אירע אויגן האבן זיך מיט אמאל אנגעפילט מיט טרערן. זי האט צוגעשפארט איר קאפ צו זיין אקסל.

און בא אים האט זיך מיט א ווייי ארויסגעריסן:

— ווער וועט עס אונז אומקערן פאר'ן גליק, וואס מיר האבן פארלוירן?

זי ענטפערט ניט און דריקט זיך פעסטער צו אים.

ביידע גייען און שווייגן, קוקנדיק פארטראכט פאר זיך.

מיט אמאל צעשמייכלט זי זיך און דרייט אויס צו אים דעם קאפ.

— וואס איז? — בייגט ער זיך גאר נאענט צו צו איר.

— איז עס ניט וואונדערבאר? — קוקט זי אים אן מיט ברייט-צעעפנטע, פארוואונדערטע אויגן. — אזוי פיל מענטשן אף דער וועלט פאראנען און אלע זיינען דיר פרעמד. אלע, א חוץ איינעם, וואס וואנדערט גאט ווייסט וואו און וועמען דו קענסט אמאל דאס גאנצע לעבן ניט באגעגענען.

— הער, — האט ער זי לייכט ארומגענומען, — א בודיס-טישע מעשה'לע דערציילט, אז אמאל, מיט טויזנטער יארן צוריק, איז יעדער מענטשלאכער קערפער געווען צוזאמענגעשטעלט פון צוויי העלפטן: א מענערשע און פרויאישע, הארמאניש, צוגעפאס-טע איינע צו דער צווייטער. און יעדער קערפער האט אין זיך גופא געטראגן זיין אייגן גליק. אבער איינמאל האט זיך גאט פאר עפיס צעבייזערט אף די מענטשן, יעדן פון זיי אף צווייען צעהאקט

און ווייט, ווייט צעוואָרפן די טיילן אין פאַרשידענע זייטן פון דער וועלט. און פון דעמאָלט אָן גייען איבער דער וועלט אַרום האַלבע מענטשן מיט איינזאַמע צערים'דיקע נשמות און זוכן זייערע צווייטע העלפטן.

זי קוקט אים טיף אין די אויגן אַריין.

— בין איך, הייסט עס, אייער צווייטע האַלבע נשמה? אייער צווייטער האַלבער גוף?

ער בייגט אָן דעם קאָפּ אַף „יאָ" און טראָגט צו איר האַנט צו די ליפּן.

זיי גייען לאַנגזאַם ווייטער, גייען און שווייגן.

פּלוצלונג בלייבט זי שטיין, אירע אויגן ווערן גרויס און דער־שראָקן און די הענט כאַפּן זיך אָן פעסטער אָן אים.

— וואָס איז?

— וואָס וועט זיין, ווען ווער פון אונז וועט פּלוצלונג שטאַרבן?

ער קוקט זי אַ ווײַלע אָן און זיין פּנים ווערט טונקל.

זי דרייט אום דעם קאָפּ צו דער מיט פון דער גאַס. ער פאָלגט נאָך איר בליק. דאָרטן לויפט אַ שוואַרצער, ליידיקער טויטן־וואָגן און נאָך אים אַ רייע קאַרעטן. מען איילט זיך, מן־הסתם, פון אַ שפּעטער לויה.

ער נעמט זי פאַר'ן האַנט און זיי גייען ווייטער.

— איך וואָלט עס ניט איבערגעטראָגן, — זאָגט ער נאָך אַ פּאַוזע.

זי פאַרשטייט און ענטפערט:

— ס'איז וועגן דעם שרעקלאַך אַפילו אַ טראַכט צו טאָן.

גיך אָבער האָבן זיינע אויגן ווידער אויפגעלויכטן:

— וואָס פאַר אַ וואונדערלאַכע זאַך דאָס לעבן איז!

— יאָ. ווען מען געפינט די צווייטע טייל.

ווען ס'איז געקומען צום געזעגענען זיך, האָבןביידע דער־פילט, אַז זיי קענען זיך ניט שיידן. עפּיס האָט זיי ביידן געשראָקן.

עטלאַכע מאָל האָבן זיי זיך געפּרואווט צעגיין, אָבער צוריס

געקומען, און זייערע הערצער האבן אזוי שארף געבענקט, אזוי פיינלאך גענאגט.

מיין ליבער! מיין איינציקער!

— מיין לאנג־ערווארטעטע! קיין איין רגע גליק וועלן מיר שוין מער ניט פארלירן. דער טויט וועט שוין איצט צו אונז ניט קומען צו פרי.

— זאל ער קומען, — האט זי שמייכלענדיק געענטפערט. — ער וועט אונז שטענדיק טרעפן אינאיינעם.

ווען זיי האבן זיך צעשיידט, איז שוין אין דרויסן גאנץ ליכטיק געווען.

---

אין א וואך ארום האבן זיי געדונגען א צימער אונטער דער שטאט און זיך דארטן באזעצט. זייער הויז איז אין א פראכט־פולן גארטן געשטאנען און די צוויי ברייטע פענסטער האבן ארויס־געקוקט אף א גרויסן בית־עולם.

— דא, בא די טויערן פון אייביקייט, וועט אונזער ליבע נאך שארפער, נאך טיפער זיין, — האט ער לאכנדיק געזאגט.

— ביי די טויערן פון דער אייביקייט, — האט זי שטיל איבערגע׳חזר׳ט. — מעגלאך דער גייסט פון די טויערן וועט קומען א קוק טאן ווי מיר ליבן זיך.

— די טויערן היט אף דער טויט. אבער זאל ער קומען, אויב ער וויל. אונזער ליבע איז שטארקער פון אים!

ער האט זי א כאפ געטאן, אין דער לופטן אויפגעהויבן און זינגענדיק זיך גענומען דרייען מיט איר איבער׳ן צימער.

קעגן בית־עולם האבן זיי זיך באזעצט, און די רייען שטילע, שטרענגע קברים האבן באטאג און בנאכט אין זייערע צוויי לאכנ־דיקע פענסטער אריינגעקוקט, זיי ניט אויפגעהערט צו דערציילן וועגן דער קורצקייט און נישטיקייט פונ׳ם מענטשנס לעבן, און וועגן דער צעשיידונג אף אייביק, וואס קען פאסירן יעדע מינוט, יעדע רגע. און אט דאס שטענדיקע דערמאנען אז טויט האט זיי

געצוואונגען פעסטער זיך צודריקן איינער צום צווייטן, הייסער און שטארקער צו ליבן.

יעדן טאג פלעגט מען פון דער ריזיקער שטיינערנער שטאט ברענגען עטלאכע מתים, און יעדעס מאל האט א גלאק פון דער בעת־עולם־קירכע לאנגזאם און טרויעריק געקלונגען.

די ערשטע צייט, פלעגן זיי אלע מאל צוגיין צום פענסטער, זיך צוקוקן צוערשט צו די לויפנדיקע קארעטעס איבער די שטויביקע בית־עולם־וועגן, דערנאך צוזען פון ווייטנס ווי מען גראבט דעם קבר, ווי מען לאזט אראפ דעם טויטן. צו זייער פענסטער האט זיך אפט דערטראגן א שארפער געוויין אדער היסטערישע אויסגעשרייען. גיך אבער איז דער בית־עולם ווידער פוסט געווען: די לעבעדיקע האבן זיך שטענדיק געאיילט וואס שנעלער פון דארטן צו אנטלויפן.

און צו זייער פענסטער האט דערנאך פון ווייטנס געקוקט א ניי איינזאם קבר־בערגל און שפאטיש געלאכט מיט זיין געלקייט: „באגראבן און אנטלאפן, — אט אזוי איז עס."

ער פלעגט זי דאן ארומנעמען, אויסטריקענען מיט זיינע ווארימע בליקן די פייכקייט פון אירע אויגן, פארטרייבן דעם טרויער. א בארואיקטע האט זי ווידער געשמייכלט און אירע ליפן האבן זיך שוין אליין צו זיינע געצויגן.

אפט, פארנאכט, פלעגן זיי שפאצירן אויף די שטילע בית־עולם וועגן צווישן צוויי רייען קברים, וועלכע האבן זיך אין בלומען געטונקען. פאר אייניקע מצבות פלעגן זיי זיך אפשטעלן, לייענען די נעמען, זיך איינקוקן אין די בילדער, וואס זיינען אין מארמאר געווען איינגעפאסט און שארפער דערביי געפילט דעם קלאפן פון זייערע הערצער, די ווארימקייט פון זייער אטעם.

און דער טויט איז הינטער זייערע פלייצעס ניט איין מאל געשטאנען, אליין געוואלט אין זייערע נשמות אריינדרינגען און ניט געקענט. ווייל דער בלאער הימל איז אזוי טיף און געמיטלאך איבער זיי געהאנגען און זיי בלויע מעשה׳לאך דערציילט, ווייל די

## A WORD TO PARENTS AND SPONSORS

For girls and boys who read this book I have no preface, no word of introduction. If they find in it what they need, if it fits into some empty space in their minds, they will accept it and make it their own. If they do not find in it what they need, if it has come to them too soon or not soon enough, they may leave it; and that is as it should be, for this book is not a lesson to be learned. It is but an offering, a friendly gesture.

I do not believe many children to whom it is presented will pass it by. I must believe so, because the book has been written by the boys and girls themselves. To be sure, I have formed the phrases and set the paragraphs. I have strung the words on sentence strings, but the meat and substance of it all has been put there by the children themselves. Every topic from the symptoms of pregnancy to the workings of heredity is the outcome of their searching minds, no more searching or acquisitive in regard to this subject than in regard to others—boat-racing, arctic exploring, deep-sea diving—but equally so. And the interest is as wholesome. Children are interested in the mechanics, the set-up, the laws of Nature that bring human beings into the world. They are not interested (until later) in the emotional drives, conflicts, repressions, and adjustments that have grown up around the matter of reproduction.

Briefly, they are interested in the origin of life—in themselves as human beings—not in sex. Their questions set us straight:

# BEING BORN

"What do you do to get a baby?"

"Where was I before you were married?"

"Why can't Aunt Mildred have a baby?"

"Do you have to have babies?"

"Why do I look like Daddy if I grew in you, Mother?"

"Where does it come out of the father?"

"Can you feel the baby when it is inside?"

"How does the baby breathe inside?"

"How can the place be big enough?"

"How can you tell when the baby is ready to come out?"

These questions and hundreds like them have been eagerly, frankly, sincerely asked as year after year I have visited the children in their classes at school. Quite as frankly and sincerely these questions have been answered, both individually and in a simple, straightforward, connected story of human beginnings. If at first there were here and there covert glances and smiles, they disappeared like dust after a cleansing rain. Personal feelings and self-consciousness born of earlier teachings gave way to impersonal interest in the subject itself.

For boys and girls who have not had definite instruction in reproduction, or for those who have had it scattered over the years in detached bits, this story should have especial interest. Most children of late preadolescence are possessed of foundation facts. They know that babies grow in their mothers and are born. They know to a degree the relationship between parents. But the picture is blurred, unreliable, and faulty. It needs to be clarified.

Nor need one be afraid of the clarifying if it has been accomplished by a skilled and careful person. *A child's mind set carefully in order is a far better assurance of good conduct than a child's mind in chaos and confusion.*

## TO PARENTS AND SPONSORS

There are some who will use this book, either parents or leaders of children's groups, who may question the absence of the usual cautions and precautions against sex activities—against, for example, masturbation or experimentation. I believe it would have been unwise to have included such cautions. They would have destroyed both the approach and the purpose of this story. One may not present the subject of human reproduction to children as a problem, a snare, or a danger. One may not invest it with fears or with sentimentality. This subject must stand on its own worth. Those who teach it must believe in its worth, that the children also may find it worthy.

The problems of pre-adolescents who become delinquent are individual, and no verbal warning, written or spoken, will greatly affect them. Children are rarely the victims of their own sex responses, but are rather the victims of other people's responses and misdirected teachings. Change the environment, correct mistaken teachings, provide normal outlets in work and play, and sex misconduct will largely take care of itself.

*Being Born* is also intended to be used as a supplementary text to be read aloud during school hours or at club meetings by teachers and leaders who are interested in promoting a better preparation for maturity among boys and girls.

In closing, may I make one or two suggestions for the use of *Being Born?* It is intended to be a personally owned book, a book to be given to a child, inscribed with his name, read at his pleasure, and eventually, we hope, treasured by him along with his other books on his own book-shelf. He may even lend it to a friend. That there shall be no feeling of censorship hovering over its reading and its possession, may I ask that no word of

caution accompany it, and that this introductory message and also the descriptive wrapper be removed before the book is given to its youthful owner?

My best wishes accompany it, while my sincere gratitude is offered to Dr. A. Graeme Mitchell, Professor of Pediatrics in the University of Cincinnati and Medical Director of the Cincinnati Children's Hospital; to Dr. Alan Frank Guttmacher, Professor of Obstetrics in Johns Hopkins University; to Dr. Ada Hart Arlitt, Professor of Child Study in the University of Cincinnati; to Dr. Caroline B. Zachry, of the Progressive Education Association; and to Miss Julia Carter, Children's Librarian of the Cincinnati Public Library, all of whom generously gave both time and skill to the reading of the manuscript. To all others who have shared in the preparation of this book, and especially to Miss Dorothy Burnham, who has rendered excellent stenographic assistance, I am also grateful.

FRANCES BRUCE STRAIN

זון האט די וואונדער־מעשה׳לאך מיט גאלד געזוימט, ווייל די ביימער און בלומען ארום, האבן זיך צו זיי געצויגן. זיי באשיצט און אליין שוץ בא זיי געזוכט.

— געוועזן זיינען אמאל מענטשן, — האבן ריטמיש־טרויעריס די מצבות דערציילט, — געוועזן און פארשוואונדן. און אלץ וואס האט זיך זיי אויסגעדאכט פאר גרויס און וויכטיק, האט זיך שפּע־טער ארויסגעוויזן פאר נאך קלענער ווי נישטיק, פאר נאך ווײ־ניקער ווי גארניט.

— אבער מיר לעבן און ליבן! — האבן זייערע הערצער אין טאקט געענטפערט.

— אלע וואס ליגן דא אזוי שטיל אונטער אונזער שווער־קייט, — האבן די שטיינער געמורמעלט, — האבן אויך אמאל גע־לעבט און געליבט.

— קיין זאך איז ניט אייביק, — האט זייער בלוט געענט־פערט, — און ווער קאן עס גאר וועגן דער אייביקייט טראכטן, ווען מיין לויף און זודיקער שפיל אין די אדערן איז אזוי פאר׳שכור׳נ־דיק גוט? און וואס קען זיין בעסער ווי איינזאפּן אין זיך פאסן בלאען הימל און דעם הייסן אטעם פון דער זון?

— די לופט און זון זיינען אייביק, — האבן די שטיינער קאלט באמערקט.

און זייערע הערצער האבן געענטפערט:

— דער לויף פונ׳ם בלוט איז אויך אייביק. עס בייטן זיך בלויז די הערצער.

ער האט צוגעבויגן דעם קאפ צו איר אויער, איר א קוש גע־טאן אין לעפל, וועלכעס האט זיך גלייך אנגעצונדן, און געזאגט:

— ווי גוט ס׳איז דא! קום, די נאכט פאלט צו. דו וועסט מיר היינט מוזן אלע דיינע אלטע לידער איבערזינגען.

— קום, ליבער, איך האב נאך פאר דיר א סך, א סך נייע לידער, ניט קיין געזונגענע.

לאנגזאם, שווער־אנגעלאדענע מיט א צארטן פלאטער, פלעגן זיי פארלאזן דעם בית־עולם. און גיך האבן שוין די מצבות ארום

זייערע צוויי פענסטער, מיט רואיקן שפּאַט איבערגעגעבן צו די
ווייטערדיקע שטיינער וועגן די צוויי משוגעים, וואָס וויקלען זיך
ווי שלאַנגען איינער אַרום צווייטן אויף זייער געלעגער און וויינען
און לאַכן אין פיינלאַד־זיסע קאָנוואולסיעס פון ליבע.

און דער וועכטער פון דער אייביקייט, דער טויט, פלעגט זיך
אַפּט צו זייערע פענסטער צו׳גנב׳ענען, אריינקוקן, קנייטשן סאַר־
קאַסטיש דאָס ווייסע, ביינערדיקע מויל און זיי נעמען שרעקן:

— כאַ־כאַ־כאַ! הערט אויף, איר נארישע מענטשן! איך
שטיי שוין הינטער אייער פענסטער, איך — דער טויט! כאַ־
כאַ־כאַ!

זיי האָבן אָבער ביידע בלויז געהערט דאָס קלאַפּן פון זייערע
הערצער, די קלאַנגען פון זייערע קושן און דעם רויש פון זייער
זידיקן בלוט.

און דער אומצופרידענער טויט האָט שוין מיט די פינגער אין
פענסטער געקלאַפּט:

— כאַ־כאַ־כאַ! הערט זיך שוין אויף נאריש צו מאַכן:
איך, דער טויט, שטיי שוין באַלד ביי אייך צוקאָפּנס! כאַ־כאַ־כאַ!

— ליבער, ווער לאַכט עס אַזוי בייז און שפּאָטיש?

— אַ נאַכט־פויגל, טייערע. אָדער, אפשר, גאָר דער טויט?
האָב קיין מורא: ער קען אונזער ליבע ניט טויטן.

זי האָט זיכער געשמייכלט: — זאָל ער קומען. ער שרעקט
מיך נים!

און דער טויט האָט שוין ניט מער געלאַכט. אַ בייזער האָט
ער איבער׳ן בית־עולם געשפּאַנט און די קאַלטע מאַרמאָר־מצבות
האָבן זיך פון זיין וועג גערוקט. זיי האָבן פאַרוואונדערט נאָכגע־
קוקט און גערעדט צווישן זיך, אַז עפּיס אויסערגעוויינלאַכעס אי־
ערגעץ־וואו געשען.

— כאַ־כאַ־כאַ! — האָט דער טויט שטיל און בייז געלאַכט.—
וועלט־שטויב! זיי וואַגן זיך מיר אַנטקעגן צו שטעלן, באַהאַלטנדיס
זיך אונטער׳ן רויטן מאַנטל פון זייער שפּילנדיקן בלוט. כאַ־כאַ־כאַ,
שטויב! איך וועל זיי שוין קריגן!

סוף זומער האָט מען דעם געליבטן איינמאָל אַהיים געבראַכט פון שטאָט א האַלב־טויטן.

זיך איילנדיק אַהיים, איז ער אונטער א שווער־געלאָדענעם וואָגן ארונטערגעפאַלן און צעדריקט געוואָרן.

שכנים און פרעמדע מענטשן האָבן מיט אַמאָל אָנגעפילט דעם צימער. א דאָקטאָר האָט זיינע וואונדן פאַרבונדן און אים אַלץ געפּרואווט צו זיך ברענגען. זיין מי איז אָבער געווען אומזיסט. א חוץ א לייכטן אָטעם האָט ער קיין שפּור פון לעבן ניט ארויס־געוויזן.

זי איז געשטאַנען נעבן אים, געגלעט זיינע הענט און געוואַרט ביז אַלע וועלן אוועק.

ווען זי איז ענדלאַך מיט אים אַליין געבליבן, האָט זי זיך אוועקגעזעצט אַפּ׳ן בעט נעבן אים, ארומגענומען זיין קאָפּ, גע־נומען גלעטן זיינע האָר און אים לאַנגזאַם קושן.

און ביסלאַכוויז האָבן זיינע ליפּן זיך אָנגעהויבן באַוועגן, די אויגן־דעקלאַך ציטערן, לייכטע פאַרב האָט זיך באַוויזן אַף זיינע באַקן.

און זי האָט אים אַלץ הייסער געקושט און א שטראָם פון ליבע־ווערטער האָט זיך פון איר מויל געריסן.

ער האָט די אויגן געעפנט, זי דערקענט און א שוואַכן שמייכל געטאָן. זי האָט זיין האַנט ארום איר האַלז ארומגעוויקלט און ער האָט לאַנגזאַם גענומען אַף אירע קושן ענטפערן.

און אונטער׳ן פענסטער איז דער טויט געשטאַנען און גע־שטשירעט זיין ליידיקן מויל:

— כאַ־כאַ־כאַ! מאָרגן וועט ער, גלייך מיט אַלעמען, דאָ, אַפּ׳ן בעלה, ליגן און שוין מער ניט חוזק מאַכן פון מיר. מאָרגן! און זי וועט א צווייטן מאָן געפינען, וועט שוין אָבער ניט וואָגן צו קומען זיך ליבן מיט אים צו די טויערן פון דער אייביקייט. גלייך מיט אַלעמען וועט זי זיך אונטער א שטיינערנעם דאַך פון דער גרויסער שטאָט מיט איר ליבע באַהאַלטן, ווי א הונגעריקער הונט מיט א געפונענעם ביין. כאַ־כאַ־כאַ!

אבער בּיסלאכוועיז איז דער שמייכל פארשוואונדן פון זיינע ציין. ער האָט דערזען ווי דער האלב־טויטער נעמט אָרום איר האלז און פאַנגט אָן אַף אירע קושן צו ענטפערן. און דער טויט האָט פלוצלונג דערפילט, אַז ער האָט פארשפּילט, אַז ער קען זיי ביידן טויטן, אָבער איז מאכטלאָז זייער ליבע צו פארניכטן.

— — ווען זי איז צו זיך געקומען און צוגענומען אירע ליפּן פון זיינע, איז זיין קערפּער שוין אינגאַנצן קאַלט געווען. א רו־איקייט, ווי א צעגאַסענער שמייכל, האָט זיך איבער זיין פּנים אויסגעלייגט. זיין האַנט איז נאָך אַלץ אַרום איר האַלז געלעגן.

דער טויט האָט האַסטיג געשפּאַנט פון׳ם פענסטער, געטרעטן אַף די קברים און בייז געטראַכט וועגן דעם וועלט־שטויב, וואָס וויל קיין שטויב ניט זיין, וואָס רייסט זיך אין די הימלען און וויל די טויערן פון דער אייביקייט מיט זיין הייסן בלוט פארשוועכן.

אין מיטן נאַכט איז די געליבטע לאַנגזאַם צוגעגאַנגען צו די פענסטער, זיי ברייט צעעפענט און באַפעלנדיק דעם טויט א רוף געטאָן צו זיך. און א בייזער, א פארשעמטער האָט ער געמוזט קומען און איר ווילן טאָן.

און שפּעטער האָט ער זיך ווי א שטורם איבער׳ן בית־עולם געטראָגן און די מצבות האָבן ניט געוואָגט צו אים א וואָרט אַרויס־צורעדן — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

אַף מאָרגן האָט מען פון׳ם צימער קעגנאיבער דעם בית־עולם אַרויסגעטראָגן צוויי טויטע קערפּערס. מען האָט זיי באַגראָבן איינער נעבן צווייטן ניט ווייט פון׳ם פאַרקען.

און ווען עס שטעלט ווער אַוועק צוויי הויכע מצבות איבער זיי, וואָלטן די שטיינער געקענט אַריינקוקן אין די צוויי ברייטע פענסטער פון׳ם צימער קעגנאיבער און אפילו זען דאָס ברייטע בעט אַף וועלכן די טויטע, אונטער זיי, האָבן זיך אַמאָל אַזוי שטאַרק געליבט.

# דער פֿאַרשאָלטענער

א פיר־עקיקער קאָפּ מיט א קורץ־געשוירן בערשטל שוואַרץ־גרויע האָר, צוויי גראָבע, ברייט־צואוואקסענע ברעמען און צווישן די האָר און די ברעמען א שמאָל פּאַסיקל שטערן. די נאָז פּלאַך מיט פליגלען ביז די ארויסגעסטאַרטשעטע באַקן־ביינער, א שאַרף ארויסגעדרוקטע הינטערשטע ליפּ, וועלכע איז שטענדיק געווען ווי צוגעקלעפּט צו די געדיכטע, קורצע וואָנצלאַך. אויגן קליינע, שוואַרצע, שטעכיקע, וועלכע האָבן קיין מאָל ניט גערוט, און שטענדיק געברענט מיט א בייזן פייערל. געווען איז ער פון העכער מיטלען וואוקס, מיט אויסערגעוויינלאַך ברייטע פּלייצעס און א פּאָר דיקע, געדיכט־פאַרוואַקסענע הענט, וועלכע האָבן געקענט בוימער ברעכן.

דאָס איז געווען אַנאַפעמאַ (דער פאַרשאָלטענער).

געוואוינט האָט ער אין א האַלב־איינגעפאַלענעם שטיבל, אין א ווילדן, שטיינערדיקן געגנט, באַם וועג, וואָס לויפט פון דער רוסיש־אזיאַטישער שטאָט מאַרגעלאַן צו די ארומיקע סאַרטישע דערפער. ניט ווייט האָבן זיך געפונען די מיליטערישע קאַזאַרמעס.

זיין נאָמען איז געווען סערגעי פּראַטאָוו, אָבער גערופן האָט מען אים „אַנאַפעמאַ”. און דער צונאָמען האָט פּאַלקאָמען גע־שטימט ניט נאָר מיט זיין אויסערלאַכן אויסזען, נאָר אויך מיט זיין באַשעפטיקונג.

קיינער האָט ניט געוואוסט פון וואַנען ער איז געקומען. מיט א יאָר זעקס צוריק, אין א כמאַרנעם אָסיען־טאָג, איז ער

דאָס ערשטע מאָל ערשינען אין מארק, אַן אַפּגעריסענער, אַ בייזער, אַ הונגעריקער. דריי פאַרבייגייענדיקע סאָלדאַטן האָבן אים מיט אַ וואָרט פארטשעפּעט און גענומען אויסלאַכן. ס'האָט זיך באַלד אַנטוויקלט אַ געשלעג. אַ צענדליק אַנדערע סאָלדאַטן זיינען גלייך געקומען צו לויפן זייערע חברים צו הילף. מיט אַ צוואַנציק מינוטן שפּעטער האָט מען פיר סאָלדאַטן, האַלב־טויטע, אַוועקגעפירט אין האָספּיטאַל, זעקס אַנדערע, שרעקלאַך צושלאָגענע, האָבן זיך קוים אַף די פיס געהאַלטן, און אים אַליין האָט מען, נאָך אַ שווערן קאַמף, געבונדן און אַ צובלוטיקטן, אַ געשוואָלענעם, אַפּגעפירט אַף אַ וואָגן אין פּאָליציי־הויז.

אין אַסטראָג, וואוהין מען האָט אים שפּעטער אריינגעזעצט אַף זעקס חדשים, האָט ער, זיך, ווי ס'ווייזט אויס, געפילט גאַנץ גוט. זיין פרייע צייט פלעגט ער, אַם מערסטן, פאַרברענגען ליגנדיק אַפ'ן בעטל, אָדער שטייענדיק באַם פענסטער מיט'ן בליק איינגעגעסן ערגעץ־וואו אין דער בלויער ווייטקייט. נאָך דער פרייהייט האָט ער גאָר ווייניק־וואָס געבענקט, די פרישע לופט האָט אים אויך ניט שטאַרק געפעלט, ווייל ער פלעגט זיך אָפּט אַנטזאָגן פון די צוואַנציק מינוט שפּאַציר, וואָס זיינען געווען באַשטימט. די וועכטער האָבן מורא געהאַט פאַר זיין אויסערגעוויינלאַכער קראַפט און אים געלאָזט צורו.

נאָך דריי מאָנאַטן „זיצן" האָט מען אים פלוצלונג באַפרייט. דורך די וועכטער האָט מען זיך אין קאַזאַרמע דערוואוסט, אַז ארויסגעלאָזט האָט מען אים, ווייל ער איז געווען דער איינ־ציקער צווישן אַלע אַרעסטירטע, וועלכער האָט איינגעשטימט צו הענגען דריי פאַרברעכער, וואָס זיינען מיט אַ צייט צוריק פאַר־אורטיילט געוואָרן צום טויט. און געטאָן האָט ער די שרעק־לאַכע ארבעט אַזוי פלינק און גלייכגילטיק, אַז די וועכטער האָבן באַשלאָסן, דאָס ניט אַנדערש, ער האָט געמוזט ערגעץ־וואו פריער זיין אַ פּראָפעסיאָנעלער הענקער.

און צום שרעק פאַר זיין קראַפט און אָפּשטויסנדיקן אויס־זען, איז באַ אַלעמען נאָך צוגעקומען אַ געפיל פון עקל.

אימיצער האָט דאָן ארויסגעזאָגט דאָס וואָרט: „אַנאַפּעמאַ“. עטלאכע אנדערע האָבן שפּעטער, רעדנדיק וועגן אים, עס איבער־גע׳חזר׳ט, און דאָס וואָרט האָט זיך צו אים ווי צוגעקלעפּט. אַלע האָבן זיך אָן דעם אָנגעכאַפּט, ווי געפינענדיק דעם אויס־דרוק פאר זייערע געפילן. אזא ביִסטיאַלישע באשעפעניש האָט ניט געקענט און ניט געטאָרט טראָגן קיין געוויינלאכן מענטש־לאכן נאָמען, און דאָס וואָרט „אַנאַפּעמאַ“ האָט אַלעמען באַ־פרידיקט.

ארויסקומענדיק פֿונ׳ם אסטראָג, האָט „אַנאַפּעמאַ“ זיך באַ־זעצט אין פּוסטן, האַלב־איינגעפאַלענעם שטיבל אין וואַלד, וועגן וועלכן עס זיינען ארומגעגאַנגען קלאַנגען ווי וועגן אַ נעסט פון ניט־גוטע. אים האָט אפילו ניט אָפּגעהאַלטן, וואָס ניט ווייט געפינען זיך די קאַזאַרמעס, און די סאָלדאַטן טראָגן אָפֿ אים אַ האַס פאר די צושלאָגענע חברים. און אין גיכן האָט ער טאַקע געהאַט מיט זיי צוויי צוזאַמענשטויסן.

דאָס ערשטע מאָל זיינען אים אין אַ פאַרנאַכט באַפאַלן אַ צען, צוועלף סאָלדאַטן. צווישן זיי האָבן זיך אויך געפונען צוויי, וועלכע ער האָט אין טאָג פון זיין אָנקומען אזוי שטאַרק צושלאָגן. זיי האָבן אים גענומען באַוואַרפן מיט שטיינער. ער האָט אפילו קיין שטעקן אין די הענט ניט געהאַט מיט וואָס זיך צו פאַרטיידיקן. ווי אַ צורייצטע חיה האָט ער גענומען ברומען, דערזעענדיק זיך ארומגערינגלט פון זיינע שונאים. אָבער פּלוצלינג איז ער שנעל צוגעלאָפן צו אַ יונגן טאָפּאָל־בוים, מיט אַן אויסערגעוויינלאכער קראַפט אים איינגעבראָכן, אַ הויב געטאָן אין דער הויך און זיך אַ לאָז געטאָן מיט אים אָפֿ די אָנגרייפער. איבערראַשטע זיינען זיי זיך צעלאָפן, און לאַנג נאָך דעם געפירט זייערע חברים ווייזן דעם צובראָכענעם בוים.

דאָס צווייטע מאָל איז די צאָל סאָלדאַטן שוין געווען אַ פיל גרעסערע. אייניקע האָבן אפילו מיטגעבראַכט די שפּיזן פון זייערע ביקסן. זיי האָבן אים ארומגערינגלט אין וואַלד, ניט ווייט פון זיין שטיבל. צוערשט האָט ער גענומען אַנטלויפן.

מיט הורא־געשרייען האָבן זיי אים גענומען נאָכלויפן. מיט אַמאָל האָט ער געמאַכט עטלאָכע פלינקע טריט אַף צוריק, אַ כאַפּ געטאָן דעם נענטסטן סאָלדאַט, ארויסגעריסן דעם שפּיז פון זיין האַנט און אים אַליין אין איין אויגנבליק ארויפגעשלעפּט אַף אַ גרויסן שטיין. און האַלטנדיק דעם געפאַנגענעם אַ האַלב־דער־שטיקטן ביים גאָרגל, האָט ער אויסגעשריען צו די סאָלדאַטן, וואָס האָבן זיך אונטן צוזאַמענגעשטופּט ארום שטיין, אַז אויב זיי פארלאָזן ניט גלייך דאָס ווענדל, רייסט ער אים אָפּ דעם קאָפּ.

די סאָלדאַטן האָבן פארשטאַנען, אַז ער שפּאַסט ניט, און זיינען אוועק היבשלאַך פארשעמטע. באַלד איז אויך דער געכאַפּטער סאָלדאַט צוריקגעקומען אין קאַזאַרמע און זיך ניט געקענט זאַט אָנדערציילן וועגן אַנאַפּעמאַ'ס ברענענדיקע אויגן און מיט וואָס פאר אַ טייוולשער קראַפט ער האָט אים אַ כאַפּ געטאָן און אַפּ'ן שטיין ארויפגעשלעפּט.

מער האָבן אים שוין די סאָלדאַטן ניט געשטעפּעט, אָבער גערעדט וועגן אים האָבן זיי זייער אַ סך און אין זייערע גע־שיכטעס איז יעדעס מאָל אַלץ מער געוואַקסן זיין פארדאָרבנקייט און פיזישע קראַפט. מען פלעגט דערציילן, אַז ער ברעכט אַלטע דעמבעס ווי שפּענדלאַך, הויבט אויף הונדערט־פודיקע שטיינער, שפּילט זיך מיט גיפטיקע שלאַנגען ווי מיט ווערים. מען האָט גע־גלויבט, אַז זיין בליק נעמט צו דעם שלאָף און פאר'כשופ'ט דאָס בלוט.

ביסלאַכווייז איז ער אין זייער פאָרשטעלונג אויסגעוואַקסן אין אַ העלד, אין אַ פארקערפּערונג פון עקל, קראַפט און שרעק.

עס זיינען ארומגעגאַנגען קלאַנגען, אַז יעדעס מאָל, ווען מען דאַרף אין אַסטראָג ווערן הענגען, קומט פארנאַכט צו דער חורבה אין ווענדל צוגיין אַ וועכטער און שרייט אריין איני־ווענגיק: „עי, אַנאַפּעמאַ, דער אויפזעער איבער דער טורמע האָט באַפוילן זאָלסט היינט פונקט צען באַנאַכט זיין אַפּ'ן פּלאַץ!" פונ'ם שטיבל דערטראָגט זיך דאַן אַ קורצער ריטש, וואָס מיינט, אַז ער האָט געהערט און וועט קומען. נאָר עס

מאַכט זיך אָבער, אַז דער וועכטער טרעפט אים אין דרויסן, בלייבט ער שטיין פון ווייטנס, גיט אים איבער דעם באַפעל און איילט זיך וואָס שנעלער אוועקצוגיין, פילנדיק אַף זיינע פּלייצעס דעם הענקער'ס שטעכיקן בליק.

שטיל, צווישן זיך, האָבן די סאָלדאַטן דערציילט, אַז מיט אַ צוויי יאָר צוריק פּלעגט אַ יונגע, שיינע פרוי פון אַ געוויסן פּאָלקאָווניק גאַנץ אָפט באַנאַכט באַזוכן אַנאַפּעמאַ'ן. וואָס עס פלעגט פאָרקומען אין דעם געהיימניספולן וואַלד־שטיבל האָט קיינער ניט געוואוסט, אָבער זי איז גאַנץ אָפט אהיימגעקומען אַ צובייזלטע, אַ מערדערלאַך צושלאָגענע. איין מאָל האָט מען זי אַ צובלוטיקטע געפונען גאַנץ פרי אין אַ באוואוסטלאָזן צושטאַנד ניט ווייט פון אַנאַפּעמאַ'ס שטיבל. מען האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט אין שטאָט, אָבער צו קיין סקאַנדאַל האָט מען ניט דערלאָזט. דעם פּאָלקאָווניק האָט מען איבערגעפירט אין אַ צווייטן פּלאַץ און אַנאַפּעמאַ'ן האָט מען ארויסגעריסן אַף אַ פאַרהער. ער האָט אָבער געלייקנט, אַז ער האָט ווען־עס־איז אפילו געזען די יונגע פרוי, און מיט דעם האָט זיך די געשיכטע געענדיקט.

אַלע שבת פאַרנאַכט, ווען אין דרויסן איז שוין גוט טונקל, קומט אַנאַפּעמאַ מיט אַ זאַק אין מאַרק אריין איינקויפן עסנוואַרג אַף אַ גאַנצער וואָך. ער מיידט אויס, ווי ווייט מעגלאַך, די ר. סישע קלייטן, קויפט אַלעס אין די אַזיאַטישע קראָמען, און דינגט זיך קיינמאָל ניט. „וויפיל?“ איז דאָס איינציקע וואָרט וואָס ער באַנוצט דערביי. דער קרעמער זאָגט אים די פּרייז און ער באַצאָלט.

אָנקומענדיק אין קאַזאַרמע אַלס פריוווילעגירטער און זיך אָנהערנדיק שרעקלאַכע, אָפּט איינפאַך פאַנטאַסטישע, געשיכטעס וועגן אַנאַפּעמאַ'ן, האָט דער געוועזענער לערער גערמאַן גענומען זוכן אַ געלעגנהייט מיט אים זיך צו טרעפן. דאָס איז אָבער געווען אַ גאַנץ שווערע זאַך. אין משך פון די ערשטע דריי חדשים איז גערמאַנען געלונגען אים בלויז צוויי מאָל צו

זען, און דאָס אויף רגע'סווייז, פון ווייטנס. איינמאָל, אין אַ פּאַר־נאַכט, האָט ער, צוזאַמען מיט נאָך עטלאַכע סאָלדאַטן, אים געטראָפן, ארויסגייענדיק פון אַ פּערסישער קלייט, און נאָך איידער מ'האָט אים אָנגעוויזן, ווער ס'איז, האָט ער שוין דערפילט אַף זיך דאָס שטעכן פון זיין בליק. דאָס צווייטע מאָל האָט ער באַמערקט זיין עטוואָס איינגעבויגענע פיגור אַפ'ן וועג, הינטער'ן שטאָט. אַליין ניט וויסנ־דיק נאָך וואָס, האָט ער אַ פייף געטאָן. אַנאַפּעמאַ איז שטיין גע־בליבן און פּאַוואָליע אויסגעדרייט דעם קאָפּ אַף צוריק. אין זיין פּאָזע, פּונקט ווי אין זיין בליק איז געווען אַזוי פיל דראָענדיקע גע־פאַר, אַז גערמאַנ'ען האָט אַ שרעק אַרומגעכאַפּט, און בלויז מיט אַ שטאַרקער אָנשטרענגונג פון זיין ווילנסקראַפט האָט ער זיך גע־צוואונגען ניט צו אַנטלויפן, נאָר רואיק פאָרטצוזעצן זיין וועג.

ס'איז געווען אַ זונטיק נאָכמיטאָג, סוף זומער, ווען גערמאַן איז צוזאַמען מיט נאָך אַ סאָלדאַט, קוסנער'ן, אַרויס פון דער קאַזאַרמע און זיך געלאָזט גיין אָן אַ ציל, נאָכפאָלגנדיק דעם לויף פון אַ שמאָל, ריין טייכל.

יענעם טאָג האָט גערמאַן זיך געפילט אויסערגעוויינלאַך גוט און מונטער: אינדערפרי האָט ער דערהאַלטן צוויי בריוו, איינעם פון זיינעם אַ נאָענטן חבר, אַ סטודענט, דעם צווייטן — פון זיין געליבטער. דער חבר האָט געשריבן בלויז גוטע נייעס, און די געליבטע האָט געלאָזט וויסן, אַז זי איז טריי, בענקט, וואַרט און בעט אָפטערע בריוו.

די ווענט פון דער קאַזאַרמע זיינען מיטאַמאָל פאַר אים גע־וואָרן צו־ענג. ס'האָט זיך פאַרוואָלט אַרויס אַף דער פרייער לופט און צווישן דעם בלויען הימל און די הייסע זונען־שטראַלן אויס־לעבן די גרויסע פרייד, וואָס האָט זיך געשפּאַרט בא אים אין ברוסט.

זיי זיינען געגאַנגען, וואוהין די אויגן האָבן זיי געפירט. אין דער האַנט האָט גערמאַן געהאַלטן אַ ביכל מיט גרימ'ס קינדער־מעשה'לאַך, וועלכע ער פלעגט זייער ליב האָבן צו לעזן יעדעס מאָל, ווען זיי זיינען אים נאָר אונטער'ן האַנט געקומען.

צוקומענדיק צו אַ געדיכטן וועלדל, וואָס באַם וועג פֿון שטאָט צו די אַרומיקע דערפֿער, האָט קוסנער אים אָפּגעשטעלט:

— ווייטער גייען מיר ניט!

— פֿאַרוואָס?

— דאָ, ערגעץ־וואו אין וועלדל, וואוינט אַנאַפּעמאַ.

— אויב אַזוי, וועלען מיר צוגיין און פֿון ווייטנס באַטראַכטן זיין וואוינונג.

— ער האָסט סאָלדאַטן, און אויב דיך אַרט שטאַרק, וואָס דו האָסט נאָך גאַנצע ביינער...

— נאַרישקייטן! — האָט גערמאַן איבערגעשלאָגן, — איך גלויב ניט, ער זאָל זיך גלאַט־אַזוי וואַרפֿן אַף מענטשן. אַחוץ דעם, וועלן מיר דאָך בלויז פֿון ווייטנס שטיין.

קוסנער האָט זיך נאָך געקנייטשט אַ ווײַלע, אָבער גערמאַנ'ס זיכערקייט האָט אים אַביסל באַרואיקט, און ער האָט צוגעשטימט מיצוגיין.

זיי זיינען שטיל אַריין אין וועלדל און נאָך צוואַנציק מינוט פֿאַרזיכטיקן גאַנג, שוין געשטאַנען אונטער אַ שטאַם פֿון אַ דיקן בוים און באַטראַכט דאָס לעגענדאַרישע שטיבל.

ס'איז געווען אַן אמת'ע חורבה. די ווענט איינגעוואַקסן אין דער ערד און פֿאַרצויגן מיט מאָך. דער דאַך געפֿלאָכטן פֿון צווייגן און באַדעקט מיט ערד. דאָס איינציקע פֿענסטערל אויסגעקרומט, און די שויבן אויסגעבראָכן.

אָבער אַרום אָט דער חורבה האָט געבליט אַ טויזנט־פֿאַרביקער לעבן. געדיכטע רייען בלומען האָבן אין פֿיל־קאָלירטע בייטן זיך מעלאָדיש אויסגעלייגט אַף דער ברייטער לאָנקע און מיט אַ תּפֿלה'־דיקער פֿרייד אַרומגעכאַפּט דאָס האַלב־צעפֿאַלענע שטיבל. יעדע בייט האָט געפֿינקלט מיט איר ציכטיקייט, האָט געבליט בלויז מיט איין מין בלומען, און יעדע בלום איז געווען, ווי באַזונדער אויסגע־וואַשן און אויסגעקעמט.

איינע פֿון די מיטלסטע בייטן האָט זיך אינגאַנצן איינגעהילט אין אַ ווייס־צאַרטן שלייער פֿון פֿלאַטערנדיקע לאַנדישן, אין שכנות

פוןביידע זייטן האָבן חוצפה׳דיק ארויפגעריסן זייערע צעשויבעד־טע קעפּלאך ראָזעווע און רויטע גוואָזדיקעס און פון דער זייט האָבן געקלונגען מיט זייערע צארט־געפּלאָכטענע פארבן די פאר־אייניקטע „איוואן און מאריע״־בלומען. טיולפאנען האָבן אויף א פּאר בייטן געדרעגט די לופט מיט זייער שלאַנגיקייט און העל־פארביקייט, געלע און בלוילאכע כריזאנטעמען האָבן שטיפעריש געשאָקלט מיט זייערע שטייף געקרייזלטע קעפּלאך, און פון אונטער זיי האָבן ארויסגעקוקט די ווייסע, שמעקנדיקע בעכערס פון נארציסן.

אבער איבער אַלע בלומען האָבן געהערשט די קוסטן סאמעט־רויטע רויזן. געהערשט מיט זייער שעמעוודיקער חוצפה, מיט זייער צניעות׳דיקן רעגן. ווי טריפנדיקע וואונדן האָבן זיי געבלוטיקט אויף די גרינע צווייגלאך און געאָטעמט מיט גלוט און הייסע אויפ־רעגנדיקע סודות.

און אָט די צארטע, פארביק רייכע וועלט פון בלומען איז געווען אין אזא שרייענדיקן דיסאַנאַנס מיט דער גרין־גרויער ווילדקייט פון די ארומיקע קוסטן און אָנגעוואָרפענע שטיינער, אז ס׳האָט דעם ערשטן מאָמענט איינפאך געשראָקן, דערמאָנט אָן א חלום.

— אך, ווי שיין דאָ איז! — האָט גערמאן באגייסטערט אויסגערופן.

— דער טייוול ווייסט אים, דעם הענקער, — האָט זיך קוסנער געוואונדערט, — מענטשן הענגען איז בא אים א שפּילכל, און זע וואס פאר א שיינע בלומען ער האָט עס אָנגעזעצט ארום זיין לאַך!

אויף גערמאנ׳ען האָבן די בלומען געמאכט אן אומגעהייער שטארקן איינדרוק. עס איז בא אים מיט אַמאָל אויסגעוואקסן א זיכערקייט, אז א מענטש וועלכער פאסט אויף אזוי צערטלאך אויף בלומען, קאָן ניט זיין אינגאנצן פארדאָרבן. בלויז שיינע נשמות האָבן ליב שיינע זאכן, בפרט בלומען. אים האָט זיך געוומען דאכטן, אז ווען ער האָט א געלעגנהייט זיך צו טרעפן איינער אליין מיט׳ן פארשאָלטענעם, וואָלטן זיי זיך דורכגערעדט, און

אויף פֿאַרשטאַנען איינער דעם צווייטן. דער טייוול איז קיין מאָל ניט אזוי שרעקלאך, ווי מען מאָלט אים, בפֿרט נאָך דאָ, אין די האלב ווילדע געגנטן.

און באַהערשט פֿון אָט דער זיכערקייט, איז ער אַרויס פֿון אונטער׳ן בוים, וואו זיי זיינען געשטאַנען, דרייסט צוגעגאַנגען צום נידריקן, שטיינערנעם פּלויטל, וועלכעס האָט אָפּגעטיילט דעם בלומען־גאָרטן פֿונ׳ם וואַלד, און אויסגעשריען:

— עי, איז ווער פֿאַראַן אינווייניק? קום אַרויס!

— וואָס, ביסטו פֿון זינען אַראָפּ? — האָט אים קוסנער גענומען צוריקשלעפּן — וואוהין קריכסטו?

— לאָז מיך! איך מוז אויספּרובירן. ער איז דאָך ניט קיין משוגע׳נער הונט, וואָס וואַרפֿט זיך גלאַט אַף מענטשן. — ער האָט ווידער אויסגעשריען: — עה, ווער איז דאָרטן? קום אַרויס!

קיין מינדסטע באַוועגונג אין שטיבל, קיין ענטפֿער.

—פֿאָלג מיר. קום פֿון דאַנען. צו עס אַרט דיר שטאַרק, וואָס דו טראָגסט נאָך אַ גאַנצן קאָפּ אַף די פּלייצעס? ער ווערט אַ ווילדער, ווען ער דערזעט נאָר אונזערע מיליטערישע היטלען.

גערמאַן איז איינגעשפּאַרט באַשטאַנען אַף זיינעם. ער האָט נאָך עטלאַכע מאָל געשריען צום שטיבל, אָבער אַלץ קיין ענטפֿער ניט געקריגן.

— ער איז אין דער היים ניטאָ, — האָט גערמאַן ענדלאָך באַשלאָסן.

— עס ווייזט אויס אַזוי! — האָט קוסנער צוגעגעבן. — קום פֿון דאַנען! זאָל ער גיין צום שוואַרצן יאָר, דער תּליון! ווער דאַרף אים? געזען זיין לאָך און גענוג. דער רוח קען אים נאָך אָנטראָגן. קום, דער טאָג גייט אַוועק מיט גאָרניט.

וואָס מער קוסנער האָט זיך געשראָקן, אַלץ דרייסטער איז גערמאַן געוואָרן, אַלץ פֿריילאַכער געלאַכט און געשפּאַסט פֿון יענעמס שרעק, און בּיסלאַכווייז האָט זיך אים גענומען דאַכטן, אַז די גאַנצע געשיכטע מיט אַנאַפּעמאַ׳ס קראַפּט און ברוטאַליטעט

איז, אויב ניט אינגאנצן, אָבער יעדנפאַלס פיל מאָל איבער־טריבן. אמת, עס זיינען פאַראַנען שלעכטע מענטשן אויף דער וועלט, אָבער אַזעלכע מעשׂיות ווי מען דערציילט וועגן דעם „פאַרשאָלטענעם“ לעגן זיך איינפאַך אַפּ׳ן שׂכל ניט.

— ווייסטו גאָר וואָס, קוסנער, — האָט ער גענומען שפּאַסן, — ווייל אַנאַפּעמאַ איז אין דער היים ניטאָ, וועל איך זיך אַריבערכאַפּן איבער׳ן פּליט, גוט באַטראַכטן זיין שיינעם גאָרטן און זיך טאַקע אָפּרוען אַביסל אָט דאָרטן, אַפּ׳ן שטיין, נעבן דער טיר. זע, וואָס פאַר אַ פּראַכטפולע, וויינענדיקע איוואַ עס שטייט דאָרטן — און געטריבן פון עפּעס אַן אומ־באַקאַנטער קראַפט, איז ער מיט איין שפּאַן אַריבער די פּאַר־צאַמונג, וואויל־יונגעריש דורכגעשפּאַצירט דעם גאָרטן, זיך אַוועקגעזעצט אונטער׳ן בוים און צוּעפּנט דאָס ביכל. — אַך, קוסנער, ווי אַנגענעם עס איז דאָ צו לעזן! קום אַהער, זיי ניט קיין פייגלינג! ביסט דאָך עפּעס אַ סאָלדאַט, אַ פּאַרטיידיקער פונ׳ם פאָטערלאַנד.

— פאַר קיין געלט ניט! — האָט קוסנער איינגעע׳עקשנ׳ט געדרייט דעם קאָפּ אויף ניין, און זיך אַלע מאָל צו עפּעס צוגע־הערט. — איך פיל זיך דאָ פּונקט ווי אין אַ שלאַנגען־נעסט!

— נאַרישקייטן! — האָט גערמאַן געלאַכט. — קום אַהער, וועל איך דיר איבערלעזן דאָס וואונדערלאַכע מעשׂה׳לע וועגן „העל־רויטן בלימעלע.“ — ער האָט אַראָפּגענומען דאָס היטל, עס אַוועקגעלעגט אָן אַ זייט, צוּעפּנט דאָס ביכל און אויפגעזוכט וואָס ער האָט געוואָלט. דערנאָך האָט ער אַ קוק געטאָן צו קוסנער׳ן, אים לאַכנדיק געוואָלט עפּעס זאָגן און דערזען, ווי יענער שטייט אַ בלייכער, מיט מאַכטלאָז אַראָפּגעלאָזענע הענט און זיין ברייט־צוּעפּנטער בליק איז געווענדט עטוואָס רעכטס, הינטער אים.

אין איין אויגנבליק איז גערמאַן׳ס פרייד פאַרגליווערט געוואָרן, די ווערטער זיינען קאַלט און שווער געבליבן ליגן אויף

דער צונג. ער האָט שנעל אויסגעדרייט דעם קאָפּ, און רעכטס, נעבן זיך, דערזען אַנאַפּעמאַ.

דער פֿאַרשאָלטענער איז געשטאַנען מיט׳ן אויבערשטן טייל קערפּער אַרויסגערוקט אַף פֿאַראויס, דעם קאָפּ איינגעצויגן צווישן די אויפֿגעהויבענע אַקסלען, די פֿינגער, ווי די נעגל פֿון אַ רויב־פֿויגל, ברייט צושפּרייט. די אונטערשטע ליפּ האָט נאָכגעהאַנגען, אַרויסווייזנדיק ווייסע, שאַרפֿע ציין, און די קליינע, שוואַרצע אויגעלאַך האָבן געברענט. קיין שטערן האָט מען ניט געקענט זען: די ברעמען האָבן זיך מיט די האָר צוזאַמענגעגאָסן און די מוסקולן פֿון געזיכט, פּונקט ווי די הענט, האָבן אַלע ווילע קאָנוואולסיוו זיך געהויבן.

אַלעס אין גערמאַנ׳ען האָט זיך מיט איין מאָל ווי אַראָפּ־געלאָזט, אים שווער צוגעדריקט צום שטיין. די געדאַנקען האָבן זיך אין ווילדן שרעק אַ ריס געטאָן פֿאַראויס, זיך גענומען פּלאָנטערן איינער אָן צווייטן און צוזאַמענגעמישט די געגנוואַרט מיט דער פֿאַרגאַנגענהייט:

„אַך, ווי נאַריש. אַזאַ שיינער טאָג. זע נאָר, ווי קוסנער רוקט זיך עס דערשראָקן אַף צוריק. ער איז שוין נעבן בוים, וועט, מן הסתם, באַלד אַנטלויפֿן. וואָס פֿאַר אַ טייערע צוויי בריוו ער האָט היינט ערהאַלטען. פֿון וואָס פֿלעגט אַנאַפּעמאַ טראַכטן גאַנצע טעג שטייענדיק אין אַסטראָג פֿאַר׳ן פֿענסטער און קוקנדיק אין ווייטן הימל אַריין? די טעג ווערן וואָס אַמאָל אַלץ הייסער. וואָס בויערט אַזוי אין מוח? אַ, דאָס זיינען דאָך דעם פֿאַרשאָלטענעם׳ס אויגן. דער זונטיקדיקער מיטאָג איז שטענדיק ערגער ווי אַ גאַנצע וואָך. ווי קומט עס וואָס אַזאַ מענטש ווי אַנאַפּעמאַ ליבט און פֿאַסט אויף אַזוי צערטלאַך אַף בלומען? ווי גוט עס וואָלט אַצינד געווען אַף אַ קילן פּלאַץ זיך אָוועקלייגן און איינשלאָפֿן. אַף וואָס וואַרט ער? פֿאַר וואָס פֿאַלט ער ניט אָן אַף אים? אַך, ווי קאַלט עס איז מיטאַמאָל געוואָרן!"

פֿון אָט די אַלע שטיקלאַך געדאַנקען האָבן צוויי זיך אין מוח

בולט׳ער אויסגעקריצט און זיך ווי צוזאמענגעבונדן: איינער וועגן אנאפעמא׳ס פארטראכטן קוקן אין הימל אריין בעת ער איז אין אסטראג געזעסן, און דער צווייטער וועגן זיין ליבע צו בלומען. און עפעס נאך א צוזאמענבונד האט זיך געשפירט פון אט די ביידע געדאנקען מיט׳ן בוך קינדער־מעשה׳לאך, וועלכן ער האט אין האנט געהאלטן.

ער האט אליין ניט באגריפן, וואס פאר אן אומגעהויער אנגעשטרענגטע פארטיידיקונגס־ארבעט עס קומט פאר אין די טיפעניש פון זיינע מארך־צעלן. און בליץ־שנעל האט א העלער געדאנק מיט אמאל דורכגעדרונגען זיין באוואוסטזיין און ער האט גענומען עטוואס דורכפירן, נאך אליין ניט ווייסנדיק באַשטימט וואס עס איז.

ער האט א קלאפ געטאן מיט דער לינקער האנט איבער׳ן ביכל, אויסגעדרייט דעם קאפ צו אנאפעמא, באמערקט דערביי, אז קוסנער איז שוין ניטא, און קוקנדיק זיין געגנער גלייך אין געזיכט האט ער רואיק געזאגט:

— אנטשולדיק, סערגעי, וואס כ׳בין אליין אריין צו דיר אין גארטן. איך האב שוין אבער פון לאנג זיך געוואלט מיט דיר באקענען, און עס פרייט מיך וואס איך האב דיך אין דער היים געטראפן. דערצו מוז איך דיר זאגן, אז דיין בלומען־גארטן איז דער שענסטער, וואס איך האב ווען אין מיין לעבן געזען.

אנאפעמא האט ניט געענטפערט. ווי דער סימבאל פון שרעק און ווילדער קראפט, איז ער אנגעשטרענגט געשטאנען און זיך פון ארט ניט גערירט. בלויז זיינע אויגן האבן גע־ברענט און געשטאכן.

— דו זעסט, — האט גערמאן ווידער א קלאפ געטאן איבער׳ן ביכעל — אט אין דעם ביכל זיינען פאראן א סך וואונדערלאכע מעשה׳לאך, אייניקע אויך וועגן בלומען. איך האב זיי זייער ליב צו לעזן. האסטו אמאל געהערט אדער געלייענט דאס מעשה׳לע וועגן העל־רויטן בלימעלע? וואס ענטפערסטו ניט און וואס קוקסטו אף מיר אזוי בייז? איך

האָב פאַר דיר קיין מורא ניט און בין זיכער אַז דו וועסט מיר גאָרניט טאָן, ווייל כ'בין געקומען צו דיר אָן שלעכטע געדאַנקען. הער בעסער וואָס איך וועל דיר דערציילן.

מיט אַ פעסטן דריק אַף זיין ווילן האָט גערמאַן זיך גע־צוואונגען עטלאַכע רגע'ס אַנאַפּעמאַ'ן גלייך אין געזיכט אריין צו קוקן און מיט אַלע כחות איינהאַלטנדיק דעם נערוועזן קלאַפּן פון זיינע ציין אָנגעפאַנגען:

— אמאָל, מיט הונדערטער יאָרן צוריק, האָט אין אַ וויטן לאַנד געלעבט אַ סוחר. געהייסן האָט דער סוחר אחאַם און געווען איז ער אַזוי רייך, אַז ווען מען נעמט צוזאַמען דאָס גאַנצע גאָלד און אויך אַלע דימענטן און בריליאַנטן וואָס ליגן באַהאַלטן אין די בייכער פון אונזערע שניי־בערג, און ווען אַלע ארומיקע טייכלאַך וואָלטן מיט אַמאָל אין ריינעם זילבער פאַר־וואַנדלט געוואָרן — וואָלט מען נאָך אַפילו דאַן דאָס אַלעם ניט געקענט פאַרגלייכן מיט'ן סוחר אחאַמ'ס רייכטום. הונדער־טער דינער פלעגן אַ גאַנצן טאָג דעם רייכן סוחר'ס בליקן היטן און גלייך זיינע וואונשן ערפילן. שטאָלץ איז אחאַם געווען מיט זיין אומגעהייערן רייכטום, מיט דעם גרויסן כבוד וואָס אַלע ארומיקע האָבן אים צוגעטיילט, אָבער נאָך מער שטאָלץ איז ער געווען מיט זיינע דריי שיינע טעכטער. די ערשטע טאָכטער, די עלטסטע, איז געווען פּונקט אַזוי שיין ווי די זון וואָס גייט אויף איבער די בערג אין אַ שיינעם פרימאָרגן. איר פּנים איז געווען וויים ווי דער שניי, אירע האָר ווי די זונען־שטראַלן און די אויגן ווי דער קלאָרער הימל. די צווייטע טאָכ־טער, די מיטלסטע, איז געווען שיין ווי אַ פינסטערע זומער־נאַכט. איר פּנים איז ווי דער מילך־וועג געווען, די האָר און ברעמען ווי די פינסטערניש אַליין און די אויגן האָבן געפינקלט ווי צוויי מאָרגנשטערנס. די דריטע, די אינגסטע, איז געווען ווי אַ יונגער פרילינגס־פרימאָרגן. איר בליק איז ווי טוי געווען אַף דעם פרישן, גרינעם גראָז, אירע ליפּן און באַקן ווי די נאָר־וואָס צועפענטע רויזן־קנאָספּן און אירע אויגן ווי צוויי בלויע

בלימעלאך, וועלכע הייסן: „פארגעס מיך ניט". דער אלטער אחאם האט שטארק ליב געהאט זיינע דריי טעכטער, אבער נינטער און ליבער פון אלע איז אים געווען זיין אינגסטע טאכ־טער. — — —

גערמאן האט דערפילט ווי דאס שטעכעניש פון אנאפעמא'ס בליק איז עטוואס לייכטער געווארן. ער האט אים דרייסטער א קוק געטאן אין פנים אריין, באמערקט, אז זיינע ברעמען האבן זיך עטוואס אפגעטיילט פון די האר, אז די פלייצעס האבן זיך אביסל אויסגעגלייכט. ער האט געכאפט א קוק צום פלאץ, וואו קוסנער איז פריער געשטאנען, און א טראכט געטאן: „אנטלאפן דער פייגלינג; דער רוח זאל אים נעמען און מיך אליין געלאזט". ער האט פארגעזעצט:

— איין מאל האט אחאם זיך געקליבן אוועקצופארן מיט זייער א סך סחורה אין א וויטן, רייכן לאנד. שווער־אנגע־לאדעניע קעמלען מיט טויזנטער באוואפנטע דינער האבן זיך אויסגעצויגן פאר זיין הויז און געדולדיק געווארט אף זיין צייכן זיך צו לאזן אין וועג אריין. געזעגנענדיק זיך מיט זיינע טעכטער, האט ער יעדער איינער פון זיי געפרעגט, וואס פאר א מתנה איר צו ברענגען ווען ער וועט זיך צוריק אומקערן פון זיין וועג אהיים.

— מיר, פאטער טייערער, ברענג א קלייד, — האט די עלטסטע טאכטער געזאגט, — אבער אזא קלייד, וואס זאל פינקלען און ברענען ווי די זון, און ווען איך וועל עס אמאל באנאכט אנטאן זאלן מענטשן מיינען, אז די זון איז אויפגעגאנגען.

אחאם האט זיך פארטראכט אף א פאר מינוט און געענט־פערט:

— אזא קלייד, טאכטער מיינע, איז זייער שווער צו קריגן, עס איז בלויז איינס אזא אף דער וועלט פאראן, און עס געהערט צו אן אלטער קעניגין, וועלכע זיצט אין איר אלטן פאלאץ אפ־געשלאסן פון דער גאנצער וועלט. אבער איך וועל זען דאס קלייד פאר דיר צו קריגן.

— נו, און דיר, טאָכטער, וואָס זאָל איך ברענגען? — האָט ער די מיטעלסטע געפרעגט.

— מיר, פאָטער טייערער, ברענג אַ קלייד, וואָס זאָל זיין ווי דער הימל באַנאַכט. די לבנה זאָל איבער דעם שוועבן צווישן וואָלקנס און אַלע שטערן זאָלן אַף דעם פינקלען.

דער אַלטער אַחאַם האָט זיך טיפער פאַרטראַכט און ענד־לאַך געענטפערט:

— אַ שווערע אַרבעט, טאָכטער מיינע, האָסטו מיר גע־געבן: בלויז איין קלייד איז אַזאַ פאַראַן אַף דער וועלט און אַ כשוף־מאַכערין האַלט עס ערגעץ־וואו אין אַ טיפער הייל באַ־האַלטן. דו אָבער זיי רואיק: איך וועל עס פאַר דיר קריגן.

גערמאַן האָט זיך אויסגעדרייט צו אַנאַפעמאַ'ן און מיט פאָרוואורף אין קול געזאָגט:

— הער, סערגעי, אויב דו האָסט בדעה די גאַנצע צייט אַזוי צו שטיין, וועל איך בעסער אינגאַנצן אויפהערן צו דער־ציילן. איך קען ניט דרייען אַלע ווייַלע צו דיר דעם קאָפּ. קום און זעץ זיך אוועק ווי אַ מענטש.

אַנאַפעמאַ האָט ניט געענטפערט, זיך פון אָרט ניט גע־רירט, און גערמאַן האָט פאָרגעזעצט:

— נו, און דיר, טעכטערל מיינס, וואָס ברענגען? — האָט אַחאַם זיין אינגסטע טאָכטער געפרעגט.

— דאָס ערשטע, פאָטער, ברענג זיך אַליין בשלום צוריק, — האָט די אינגסטע געענטפערט. — איך דאַרף קיין זאַך ניט. אָבער אויב ס'וועט זיך דיר מאַכן אַפ'ן וועג, ברענג מיר אַ העל־רויט בלימעלע מיט פינף קיילעכדיקע בלעטלאַך.

דער אַלטער סוחר האָט זיך פאַרוואונדערט, און ביידע עלטערע שוועסטער האָבן זיך שפּאָטיש צולאַכט פון זייער נאַ־רישער אינגערער שוועסטער.

אַחאַם איז אוועק מיט זיינע אייזלען און קעמלען אין וויי־טן, רייכן לאַנד. ער האָט פאַרקויפט אַלע זיינע סחורות, האָט אָנגעלאָדן זיינע קאַראַוואַנען מיט גאָלד און מיט סחורות פון

יענעם לאַנד און זיך געלאָזט אין וועג אריין צוריק אַהיים. ער האָט אויך ניט פאַרגעסן וואָס ער האָט זיינע קינדער צוגעזאָגט. דער עלטסטער טאָכטער האָט ער אויסגעקויפט דאָס קלייד וואָס שיינט ווי די זון. פאַר דער צווייטער האָט ער מיט גרויס מי נעקריגן דאָס קלייד, וואָס שווארצט ווי די נאַכט. בלויז פאַר דער קלענסטער האָט ער גאָרניט געפירט: ער האָט בשום אופן ניט געקענט קריגן קיין העל־רויט בלימעלע מיט פינף קיילעכדיקע בלעטלאַך. איינמאָל אין אַ פינסטערער נאַכט, ווען אַחאָם מיט זיינע דינער זיינען דורך אַ געדיכטן וואַלד דורכגעפאָרן, איז אַף זיי פּלוצלונג אָנגעפאַלן אַ גרויסע מחנה וואַלד־רויבערס, אויסגעהרג'עט אַלע טרייע דינער, צוגענומען דאָס גאַנצע גאָלד מיט אַלע טייערע סחורות, און אַחאָם אַליין איז קוים מיט'ן לעבן אַנטלאָפן.

גערמאַן האָט דערהערט ווי אַנאַפעמאַ האָט אַ שווערן זיפץ געטאָן און איז שטיל, ווי גנב'ענענדיק זיך, צוגעגאַנגען צום בוים, וואו ער איז געזעסן. ס'איז אים מיט אַמאָל גרינג געוואָרן אַפ'ן הארצן. ער האָט אָפּגעזיפּצט און פאַרגעזעצט:

— אַ גאַנצע נאַכט און אַ צווייטן האַלבן טאָג האָט אַחאָם אַ מידער, אַ הונגעריקער איבער'ן ווילדן וואַלד געבלאָנדזשעט, ביז ער האָט ענדלאַך פון ווייטנס אַ ווייסע, מאַרמאָרנע וואַנט דערזען. באַלד איז ער צוגעקומען צו אַ היכל, זילבערנעם טויער. ווען ער האָט געוואָלט אָנקלאַפּן, האָט זיך דער טויער אַליין פאַר אים ברייט צועפנט. ער האָט זיך פאַרוואונדערט און איז אריין אין אַזא שיינעם גאָרטן, וואָס ער האָט נאָך אין זיין לעבן קיינמאָל ניט געזען. די בוימער זיינען געווען פול מיט וואונ־דערלאַכע פרוכט; קרישטאָל־ריינע טייכלאַך האָבן זיך פון אַלע זייטן געצויגן, און פאַרשידענע העל־פעדערדיקע פויגלען זיינען אַף די צווייגן געשטאַנען. אַלעס איז אָבער ארום געווען שטיל, באַ־וועגלאָז, טויט. קיין קלענסטער ריר, קיין מינדעסטער קלאַנג האָט זיך ניט געהערט.

אַנאַפעמאַ האָט זיך שטיל אראָפּגעלאָזט אַף דער ערד נעבן

גערמאַנען און זיך אָנגעשטרענגט איינגעהערט, קוקנדיק אים גלייך אין פּנים אריין. זיינע ברעמען זיינען שוין אינגאַנצן געווען אָפּגעטיילט פון די האָר, די הענט זיינען שווער געלעגן אױף די קני, די ברייטע נאָזלעכער האָבן אָנגעשטרענקט גע־פּלאַטערט און אַ קינדערשע אומגעדולדיקייט איז איבער זיין פּנים געווען אויסגעגאָסן.

„ווערסט שוין זיין אַ מענטש, אנאפעמאַ", האָט גערמאַן צו־פרידן אַ טראַכט געגעבן, אינגאַנצן פאַרגעסנדיק אָן זיין פריערדיקן שרעק. ער האָט מיט אַ געזיכערטער שטימע ווייטער דערציילט:

— אין מיטן הויף איז געשטאַנען אַ קרישטאָלענער מיט גאָלד און זילבער באַפּוצטער פּאַלאַץ, וועלכן קיין קייסער אין דער וועלט האָט ניט פאַרמאָגט. גלייך ווי אַחאַם איז אַרויף אַפ'ן ערשטן טרעפּל, וואָס האָט געפירט צום אריינגאַנג, האָבן זיך די טירן פאַר אים ברייט צעעפנט. ער איז אריין אינווייניק, איז לאַנג ארומ־געגאַנגען אַ דערשטוינטער איבער די הונדערטער זאַלן און האָט ניט געוואוסט אױף וואָס פאַר אַ חידוש פריער צו קוקן. ער האָט געשריען, גערופן, אָבער אין ערגעץ אפילו קיין סימן פון אַ לעבע־דיקן באַשעפעניש ניט געפונען. ווען ער איז הונגעריק געוואָרן און אַ טראַכט געטאָן וועגן עסן איז גלייך פאַר אים אויסגעוואַקסן אַ טיש מיט טייערע מאכלים. און ער האָט באַדאַרפט נאָר אַ טראַכט טאָן וועגן עפּעס, זיין וואונש זאָל גלייך דערפילט ווערן. ווען אים האָט זיך שפּעטער פאַרוואָלט שלאָפן, האָבן עטלאַכע אומזיכטבאַרע הענט אים אין דער לופט אויפגעהויבן, אריינגעטראָגן אין אַ שלאָף־צימער, אים אויסגעטאָן, אריינגעלעגט אין אַ ווייכן בעט און ווייטע, זיסע מוזיק האָט געשפּילט ביז ער איז איינגעשלאָפן.

אַ לייכטער, צופרידענער שמייכל האָט גערוט אױף אנאפעמאַ'ס ליפּן, זיינע שמאָלינקע אויגעלאַך זיינען ווי פייכט געוואָרן און האָבן טרוימעריש פאַר זיך געקוקט. די ווינקלען פון זיין מויל האָבן זיך ברייט צעשפּרייט און בולט'ער געמאַכט זיינע צוויי מאָנגאָלישע באַקען־ביינער.

און גערמאַן האָט דרייסט, כמעט פרייליך פאַרגעזעצט זיין

מעשה, אלע מאָל געוואָרפן א זייטיקן בליק אף אנאפעמא׳ן, וועלכער האָט איצט בא אים אין די אויגן אויסגעזען אזוי אומשעדלאך, כמעט נאריש. און ער האָט זיך גע׳חידוש׳ט, ווי האָבן עס אזוי פיל מענטשן מורא פאר אים, און ווי האָט ער אליין ערשט דאָ ניט לאנג זיך אזוי פאר אים געשראָקן. ער האָט ווייטער דערציילט:

— אזוי זיינען אריבער עטלאכע טעג. ערשט איצט האָט אחאם באגריפן אז ס׳זיינען אף דער וועלט פאראנען מענטשן רייכערע פון אים און נייע מינים פארגעניגנס האָבן זיך פאר אים אנטפלעקט. איין זאך האָט ער אבער ניט געקאָנט פארשטיין: וואו זיינען אָט די גוטע מענטשן, וועלכע ליבן אים, ווי ס׳ווייזט אויס, און ערפילן מיט אזא פינקטלאכקייט אלע זיינע וואונשן. אפ׳ן פינפטן טאָג, שפאצירנדיק אין גאָרטן, האָט ער פלוצלינג אף א הויך באזונדער בערגל, דערזען א העל־רויט בלימעלע מיט פינף קיילאכדיקע בלעטלאך. ער האָט זיך גלייך דערמאָנט אָן זיין אינגסטער טאָכטער׳ס וואונש, איז א פרייטלאכער צוגעלאָפן צום בערגל און אויסגעריסן דאָס צארטינקע בלימעלע. אבער אין דעם אויגנבליק איז מיט אמאָל פינסטער געוואָרן. די ערד האָט א ציטער געטאָן, בליצן און דונערן האָבן גענומען שניידן די לופט און א שרעקלאכער יאָמער און געשריי האָט זיך ארום דערהערט. אפ׳ן בערגל איז פלוצלינג ערשינען א שרעקלאכער שד מיט הערנער און פייערדיקע אויגן און וויינענדיק אויסגעשריען — — —

גערמאן האָט דערפילט אף זיין פנים אנאפעמא׳ס אָנגעשטרענגטן, שטעכיקן בליק, דערהערט זיין האסטיקן אָטעם און א שטילן ברום, ווי א צוזאמענגעפרעסטן הוסט. אים איז ווידער ניט־היימלאך געוואָרן און דער פריערדיקער שרעק האָט זיך א ריר געטאָן אין אים. ער האָט פאָרטגעזעצט:

— דער רוח האָט אָנגעכאפט אחאמ׳ן בא די הענט און גענומען יאָמערלאך שרייען: — וואָס האָסטו געטאָן מיט מיר, דו נארישער מענטש?! איך בין דער אייגנטימער פון דעם פאלאץ, איך האָב דיך אזוי פריינטלאך אויפגענומען און דו האָסט אצינד מיין לעבן פארניכטעט! זיי וויסן, אז איך קאָן ניט לעבן אזוי לאנג ווי דאָס

העל־רויטע בלימעלע איז אָפּגעריסן, סיידן איך זאָל הרג׳ענען דעם, ווער עס האָט עס געטאָן. דו מוזט איצט גלייך שטארבן! מיט דיין לעבן פאר׳ן בלימעלע באַצאָלן!

אנאַפּעמאַ האָט זיך ארויסגערוקט מיט׳ן גאנצן קערפּער אף פאָראויס, זיין בליק האָט זיך אין גערמאַנ׳ס פּנים איינגעגעסן, די ליפּן האָבן געציטערט און די הענט זיינען אין צוויי מעכטיקע פויסטן געווען צוזאמענגעדריקט

— דער דערשראָקענער אחאַם—האָט גערמאַן, שוין אליין מיט שרעק, ווייטער דערציילט — איז אף די קני געפאלן און וויינענדיק זיך געבעטן: „גנעדיקער האַר, גלויב מיר, איך בין ניט שולדיג, איך האָב ניט געוואוסט וואס פאר א וויכטיק בלימל דאָס איז. האָב רחמנות! מיין איינגסטע טאָכטער האָט מיך געבעטן איר אזא בלימל פון וועג צו ברענגען. הרג׳ע מיך ניט, איך וועל דיר מיין גאנצן רייכטום אָפּגעבן אָבער שענק מיר מיין לעבן, האָב רחמנות!

אין אנאַפּעמאַ׳ס אויגן האָבן זיך טרערן באוויזן. ער האָט זיי ניט באמערקט און מיט ציטערנדיקע ליפּן און פארבראָכענע הענט, כמעט ווי בעטנדיק, געקוקט אף גערמאַנ׳ען.

— איין וועג איז בלויז פאראַנען דיין לעבן צו ראטעווען—האָט דער שד געענטפערט און דאָס איז, אז דיין איינגסטע טאָכטער, צוליב וועלכער דו האָסט מיין בלימעלע אפּגעריסן, זאָל גלייך געבראכט ווערן אהער און דאָ מיט מיר אף שטענדיק פארבלייבן. דאָס איז דאָס — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

עס האָט זיך פּלוצלינג דערהערט א טופּ פון הונדערטער לויפנדיקע פיס, צענדליקע אויפגערעגטע שטימען האָבן אָנגעפילט דעם ארומיקן וואלד און פון די קוסטן זיינען ארויס סאָלדאטן מיט שטעקנס, שטיקער אייזן און שטיינער אין די הענט. פון פאָרנט איז געשטאַנען דער אַלטער פעלדפעבעל מיט א רעוואָלווער אין האנט, און לעבן אים — קוסנער. דערזעענדיק גערמאַנ׳ען און

אנאפעמא׳ן אין אזא פרידלאכער פּאָזע, זיינען די סאָלדאטן שטיין געבליבן און פארוואונדערט זיי אָנגעקוקט.

אנאפעמא איז פלינק אויפגעשפרונגען פון זיין פּלאַץ און געווארפן א פארדעכטיקן בליק צו גערמאנ׳ען. זיינע ברעמען האָבן זיך ווידער מיט די האָר פון קאָפּ צוזאמענגעגאָסן און ער האָט מיט׳ן בליק א זוך געטאָן ארום זיך וואָס אין די הענט אריין צו כאַפּן.

גערמאַן האָט פארשטאַנען, אז דאָס האָט קוסנער די גאנצע קאַזארמע געבראכט אים צו הילף. ער האָט זיך אויפגעהויבן, זיך צולאכט און געזאגט צו אנאפעמא׳ן:

— זיי רואיק: זיי זיינען ניט געקומען דיר קיין שלעכטס טאָן. זיי האָבן בלויז געמיינט, דו וועסט מיך אויפעסן.

אנאפעמא האָט אף אים געווארפן ניט קיין זיכערן בליק און איז שנעל אריין צו זיך אין שטיבל.

אוועקגייענדיק, האָט גערמאַן ניט הויך א זאג געטאָן אין קרומען פענסטערל אריין:

— בלייב געזונט, סערגעי! דאָס צווייטע מאָל וועל איך שוין ענדיקן דאָס מעשה׳לע פונ׳ם העל־רויטן בלימעלע — — —

# דאָס בעט

עס זיינען שוין צוויי יאָר פאַראיבער זינט אַלטמאַן איז זיך צוגאַנגען מיט לינע׳ן. צוויי יאָר זינט זיי האָבן פאַרביטערטע און פאַרשעמטע פאַרלאָזן זייער „גן־עדן" און זיינען מיט אַמאָל געוואָרן פרעמדע.

איז עס מעגלאַך? קענען צוויי ליבסטע, אינטים־נאָענטסטע מענטשן פּלוצלינג ווערן פרעמדע? נאָר וואָס איז איינער אין צווייטן׳ס אָרימס געלעגן; ערשט ניט לאַנג האָבן זיך זייערע אָפענע נשמות פּונקט ווי זייערע קערפּערס אין עקסטאַז צוזאַמענגעגאָסן און... מיט אַמאָל — פרעמדע? מען גייט אין גאַס פאַרביי איינער דעם צווייטן אָן אַ האַרציקן שמייכל, אָן אַ פריינדלאַכן דרוק פון דער האַנט, און אַמאָל קערט מען זיך נאָך אינגאַנצן אַוועק. בלויז די פאַרב לויפט שנעל אָפּ פון׳ם פּנים, דאָס האַרץ גיט אַ טיאָכקע און פאַנגט האַסטיקער אָן צו קלאַפּן.

קענען מענטשן, וועלכע זיינען אַמאָל געווען „אייגענע", ווען עס איז ווערן ווילד־פרעמדע?

אַלטמאַן׳ס און לינא׳ס „גן עדן" איז באַשטאַנען פון אַ גרויסן, איינפאַכן, אָבער מיט געשמאַק באַפּוצטן צימער. פיר פענסטער האָבן ליכטיק אַרויסגעקוקט אין אַ שיין־באַאַרבעטן בלומען־גאָרטן. די הויז וואו זיי האָבן געוואוינט, איז אַרויסגעקומען אויף אַ ברייטער, ריינער גאַס, מיט שורות ביימער פון ביידע זייטן. די צווייגן פון די ביימער האָבן זיך צוזאַמענגעפלאָכטן אין דער הויך און געשאַפן אַ געדיכט־גרינעם, רוישנדיקן דאַך. די ברייטע גאַס, האַלטנדיק אין אירע אָרעמס צוויי רייען רייכע

קאטעדזשעס, האָט זיך רואיק אויסגעצויגן איבער דער גאַנצער ברייט פונ'ם שטעטל בעטה ביטש און זיך געענדיקט אין אַ קליינעם פּאַרק ביים ברעג פונ'ם ים.

אין די ערשטע טעג פון פרילינג, ווען דער שניי איז נאָך ניט אומעטום געווען צעגאַנגען, האָבן זיי שוין געדונגען דעם צימער און זיך גלייך אין אים באַזעצט.

ביידע אינטעליגענטע, צאַרט־פילענדיקע, היים־פאַרליבטע, זיינען זיי איינפאַך משוגע געווען פונ'ם איבערפלוס פון זייערע געפילן. יעדע קלייניקייט אין גאַס אָדער אין גאָרטן, יעדעס שטיקל מעבל אין זייער צימער איז פאַר זיי געווען אַ קוואַל פון שיינקייט און פרייד.

בפרט האָט זיי באַגייסטערט זייער בעט. און ס'איז טאַקע זייער אַ מאָדנע בעט געווען. נידעריק, מיט קורצע, געשניצטע פיס פון אַ ניט־עקזיסטירנדיקער חיה, געמאַכט פון מאַסיוון, ברוינעם האָלץ מיט הויכע ווענטלאַך, געפלאָכטן פון דינע ברעטלאַך. די ברייט פונ'ם בעט איז געווען פונקט ווי די לענג. ביידע ווענטלאַך און די זייטלאַך זיינען אינגאַנצן געווען ווי איינגעטונקען אין אַ געדיכטער נעץ פון אויסגעשניצטע קווייטן, רינגען און חיה'שע קעפּ.

ניט אַנדערש, אַז דאָס בעט האָט מיט צענדליקע יאָרן צוריק געמאַכט אַ פאַרליבטער סטאָליאַר צו זיין אייגענער חתונה. ער האָט ניט געזשאַלעוועט קיין אַרבעט און אין יעדן אויסגעשניצטן קווייט, רינג אָדער חיה'שן פּנים טיף איינגעקאַרבט מיט'ן שאַרפן מעסער די גרויסע ליבע צו זיין דערוויילטער, דעם פלאַטער און וואַנזין פון יענער געוואונשטער נאַכט, ווען זיי וועלן זיך דאָס ערשטע מאָל צוזאַמען אין זייער בעט אַריינלעגן.

גלייך ווי אַלטמאַן מיט לינע'ן האָבן פאַרנומען דעם צימער, האָבן זיי ברייט צועפנט זייערע פיר גרויסע פענסטער און די גאַנצער צייט, וואָס זיי האָבן דאָרטן געוואוינט, זיי קיינמאָל ניט פאַרמאַכט. מיט דעם האָבן זיי ווי פאַראייניקט דעם גאָרטן מיט'ן צימער. און די זעלבע שאַנס, וואָס האָבן אַלע פאַרנאַכט מחנות־

ווייז אַראָפּגעהאַנגען פון די בוימער, האָבן זיך אויך געקנוילט אין זייערע פיר ווינקלען, און די ערשטע זונען־שטראַלן האָבן גלייכ־ צייטיק מיט׳ן גאָרטן אויך פאַרגאָסן זייער צימער. און פויגעלאַך פלעגן אַלע טאָג צוויטשערנדיק אַריינפליען צו זיי, זיך אַרומ־ טראָגן פון איין ווינקל אין צווייטן און פאַרשווינדן דורך די פענסטער.

און וואַנזיניקע פון ליבע, גליקלאַכע וואָס זיי האָבן ענדלאַך אָפּגעזוכט איינער דעם צווייטן אין דעם מענטשן־ים, פלעגן זיי אם מערסטן באַגעגענען די אָוונט־שאָטנס, פונקט ווי די ערשטע זונען־שטראַלן, ליגנדיק אין בעט, פעסט צוגעדריקטע איינער צום צווייטן.

זי האָט ליב געהאַט צו זיצן נעבן אים אַפ׳ן בעט, מיט די פיס אונטער זיך, פלאָנטערן זיינע האָר, אים זינגען אירע לידלאַך אָדער דערציילן איינע פון אירע אויסגעטראַכטע מעשה׳לאַך:

— אַמאָל האָט אין אַ ווינקל פון אַ גרויסער, רייכער וועלט־ שטאָט געוואוינט אַ ליבער, שיינער בחור. אַלעס האָט יענער גוטער בחור געהאַט, אָבער איין איינציקע זאַך האָט אים געפעלט. און אַ פאַרטראַכטער, אַן אומצופרידענער, פלעגט ער אַרומבלאָנ־ דזשען איבער די ווישיקע גאַסן, אָדער איבער די טונקעלע אַלייען פון די פאַרקן און אַלץ געזוכט... געזוכט... געזוכט...

— וואָס? וואָס האָט ער געזוכט? — פרעגט אַלטמאַן שטיל.

— דאָס, וואָס עס פעלט אים אַזוי שטאַרק. וואָס מאַטערט אים אין שלאָף, וואָס פילט אָן זיין נשמה מיט אומרו, מיט...

— אום גאָטעס ווילן, מאַטער מיך שוין ניט מער! — לאַכט אַלטמאַן. — זאָג שוין ענדלאַך, וואָס אַזוינס האָט געפעלט יענעם ליבן, שיינעם בחור? אפשר עפּעס אַן אַלטע מיאוסע מיידל מיט אַ 10 טויזנטער אין באַנק, צי גאָר אַ יונגע אלמנה מיט עטלאַכע פינף־שטאָקיקע הייזער?

לינאַ שטויסט אים אָפּ פון זיך:

— גיי, מער דערצייל איך דיר גאָרניט. האָסט אַלעס אַ תל געמאַכט!

ער ציט זי צו צו זיך:

— לעג זיך אוועק, לינאטשקא, וועל איך דיר אויך א מעשה'לע דערציילן.

זי ציט זיך אויס נעבן אים און נעמט ארום זיין האלז.

ער פאנגט אן:

— אמאל האט ערגעץ־וואו אין א רייכער, גרויסער וועלט־שטאט געוואוינט א הארציקע, וואונדערלאכע מיידל. אלעס האט זי פארמאגט, די שיינע, געראטענע מיידל, אבער איין זאך האט איר געפעלט.

לינא שליסט עטוואס צו די אויגן און שמייכלט ווייך און גליקלאך.

ער זעצט פאר:

— א פארבענקטע, אן איינזאמע פלעגט זי שפאצירן אליין אדער מיט א חבר'טע איבער די טומלדיקע גאסן, אדער איבער די פארטונקעלטע אלייען פון די שטאטישע פארקן.

— דאס איז ניט אמת! — לאכט לינא שטיל. — כ'האב שטענדיק געהאט איבער־גענוג בחורים ארום זיך.

אלטמאן לאכט־מיט און פרואווט מיט'ן האנט איר צו פאר־דעקן דעם מויל. ער דערציילט ווייטער:

—א פארבענקטע פלעגט זי ארומבלאנדזשען פון איין טונ־קעלן ווינקל פונ'ם פארק אין א צווייטן, מיט א פארקלעמטן הארץ און פארטרערטע אויגן זיך צוקוקן ווי פארלאך זיצן ארומ־גענומען און קושן זיך, און האט אלץ געזוכט דעם שיינעם העלד, וועלכער וועט וואגן זי ארומצונעמען, איר זיך אין ליבע ערקלערן.

לינא זעצט זיך שנעל אויף, קריכט אים מיט ביידע הענט אריין אין די האר:

— ס'א ליגן! דיין מעשה'לע טויג ניט!

ער ציט זי צו צו זיך. זי לאזט זיך ניט. זיי פלאנטערן זיך צונויף, סייקלען זיך איבער'ן בעט און לאכן לאנג און טיף, זיך פארקייכנדיק, ווי קליינע קינדער.

נאר אט גיט ער זי מיט אמאל א קאנוואולסיוון צי צו זיך

און הערט אויף צו לאַכן. זי ווערט אויך אנטשוויגן און קוקט אים אריין אין די שוואַרצאַפּל פון זיינע אויגן. ער שמייכלט ווייך און בעטנד און ציט זיך צו איר מויל מיט זיינע ליפּן. און די שוואַרצע פונקען פון זיינע אויגן שפּריצן אריבער אין אירע שוואַרצאַפּלען, דאָס האַרץ נעמט איר פאַרגיין, א זיסע מידקייט צוגיסט זיך איבער איר גאַנצן קערפּער. ער נעמט זי קושן און זיין הייסער אָטעם ברענט איר אויס שטיקער פּנים. דורך א רוישנדיקן נעבל הערט זי ווי ער רופט און צערטלט איר נאָמען. זי ענטפערט ניט, טראַכט וועגן איר גרויסער ליבע צו אים, ווי גוט ס'איז איר איצט און שמייכלט שוואַך. ער דריקט זיך צו זיך אַלץ שטאַרקער. זי פאַרמאַכט די אויגן.

און דאָך זיינען זיי זיך צוגאַנגען, זיינען אנטלאָפן פון זייער „גן עדן" מיט הערצער פול מיט פּיין און בושה. און וואָס נאָך ערגער: זיי זיינען מיט אמאָל געוואָרן „פרעמדע".

ערשט דאָ ניט לאַנג געוועזן די נאָנטסטע און טייערסטע און פּלוצלינג — פרעמדע. ניין, אָפט נאָך ווייטער, נאָך מער פרעמד ווי פרעמדע.

די טראַגעדיע, אָדער, אפשר, דאָס גליק פון אונזערע נשמות איז דאָס, וואָס זיי האָבן ליב דעם ווייטן רייץ פון דעם אומבאַקאַנטן. די ווייטע גלעקער־קלאַנגען ציען זיי שטאַרקער ווי די נאָנטע מוזיק, די אומבאַשטימטע שטרעבונג צום נייעם איז פיל שטאַרקער, ווי די צוגעבונדענקייט צום אַלטן, מעג זיין אפילו דעם בעסטן.

מענטשלאַכע נשמות זיינען דעמערונג־בלומען. זיי האָבן ליב אָוונט־שאָטנס, צאַרטע סילועטן דורך א לייכטן נעבל, אויסטערליש אויסגעקרימטע ליניעס. זיי קענען אָבער ניט פאַרטראָגן דעם קאַלטן, העלן שיין פון דער אַלטעגלאַכקייט, דעם גלייכגילטיקן בליק פון געוואוינהייט. זיי ווילן ניט דערקענט ווערן, קאָרטשען זיך א נטער'ן מיקראָסקאָפּ אפילו פונ'ם ליבסטן בליק, ווילן ניט פאַרבייטן זייערע סודות אפ'ן לינדזן־טאָפּ פון דער העלער שיין. און, איינמאָל דערקענטע, ווערן זיי אפּגעשוואַכט, אויסגעשעפּט און

פילן זיך ביסלאכווייז אָן מיט האַס אדער גלייכגילטיקייט.

און דאַן פאַנגט זיך אָן דער פיינלאכער פּראָצעס, ווען „ווילד־אייגענע" ווערן ביסלאכווייז ווילד־פרעמדע.

ווען צוויי מענטשן, קיין אונטערשייד ווי שטאַרק און הייליק זייער ליבע זאָל ניט זיין, פאַרברענגען צוועלף חדשים, טאָג און נאכט, צוזאמען, מוזן זיי אָדער צוגיין זיך, אָדער, אַם וועניקסטנס, זיך שיידן אַף עטלאכע מאָנאַטן.

דאָס איז דער געזעץ פון יונגע צאַפּלענדיקע נשמות, פון רויטן, זיך שוימענדיקן בלוט.

אלטמאַן און לינא האָבן ווען דעם געזעץ ניט געוואוסט און געמוזט טראָגן די פולע שטראָף. זיי זיינען זיך צוגאנגען, מיט אמאָל דערפילט זיך פריי און איצט ערשט באַגריפן ווי גוט ס'איז צו זיין אליין.

מיט דריי חדשים שפעטער איז פאַר זיי ביידן קלאָר געוואָרן, אַז זיי בענקען איינער נאָכ'ן צווייטן. די פרייהייט איז פאַר זיי אַ שווערע לאַסט געוואָרן. זיי האָבן פיינלאך דורכגעקוקט זייער גאַנצן צוזאַמענלעבן און געקומען צום שלום, אַז קלייניקייטן האָבן זייער גרויסע ליבע אויפגעפרעסן און זיי פאַר פרעמדע געמאכט. און אַביסל שפעטער האָבן זיי זיך ביידע דערטראַכט, אַז אַפילו ניט די קלייניקייטן זיינען שולדיק אין זייער אומגליק, נאָר זיי אליין, זייער צו שטאַרקע ליבע, צו ענגער בונד, צו אינטענסיווער צוזאַמענלעבן. זיי האָבן פאַרשטאַנען, אָבער צו שפּעט, אַז אייגנאַרטיקייט און פערזענלאכקייט טאָרן ניט אונטערדריקט ווערן, אַפילו אין נאָמען פון די הייליקסטע געפילן; אַז אונטערדריקטע אַף אַ צייט, עסן זיי אויף די ליבע, מאַכן פון איר אַ געוואוינהייט און רייסן זיך שפעטער ארויס אָפט אַפ'ן העסלאכסטן אופן.

ווען ס'איז פאַר זיי ענדלאך קלאָר געוואָרן, אַז ביידע זיינען זיי אָפּגענאַרטע, אַז ביידע בענקען נאָכ'ן „גן עדן", און זיי האָבן געוואָלט צוריקכאַפּן, איז שוין צו שפעט געווען. לינא האָט זיך שוין צו יענער צייט געפונען בא אַ פריינדין אין קאַלי־

פּאַרניא און ארומגעגאנגען מיט יענער׳ס אַ ברודער, און אַלטמאַן האָט זיך שוין אויך אָפּגעזוכט אַ מיידל.

צום יאָר פון זייער שיידונג האָט לינאַ חתונה געהאַט. ווען אַלטמאַן האָט זיך וועגן דעם דערוואוסט, האָט עס אים אין הארצן אַ ריס געטאָן. ער איז בלייך געוואָרן און דערפילט, ווי די פיס האַקן זיך אים אונטער.

עס האָט אים שטאַרק ווי געטאָן, ער האָט זיך געפילט באַ־ליידיקט. קיינע לאָגישע ארגומענטן האָבן דאָ ניט געהאָלפן.

לאַנג זיך אָבער אריינטראַכטן אין דעם געפיל האָט ער ניט געקענט: אַף זיין איינענעם געוויסן זיינען שוין געווען עטלאַכע געקושטע מיידלאַך און גאַנץ נאָנטע באַציאונגען מיט דער, מיט וועלכער ער האָט זיך געקליבן פריער אָדער שפּעטער חתונה צו האָבן.

ער האָט זיך דערמאָנט אָן דעם גרויסן צימער מיט די פיר פענסטער אין גאָרטן אריין, אָן דעם ברייטן בעט מיט די הויכע ווענטלאַך, און שווער אָפּגעזיפצט. פאַר אים האָט ארויסגעשוועבט אַ בילד, ווי לינאַ פלעגט אָפּט אַ באַנגאָסענע מיט דעמערונג־שיין זיצן אַפ׳ן ראַנד פונ׳ם בעט, מיט די פיס אינטער זיך, פּלאָנטערן זיינע האָר, אים זינגען לידלאַך אָדער דערציילן מעשה׳לאַך.

„מען וועט דאַרפן אַמאָל צופאָרן אַ קוק טאָן וואָס עס הערט זיך דאָרטן“, האָט ער אַ טראַכט געגעבן, און ס׳האָט זיך אַזוי געבענקט נאָך לינע׳ן, נאָך יענע אָוונטן, נאָך יענע זוניקע פריי־מאָרגנס.

עס איז אריבער אַ יאָר. אַ פאַרדרייטער אין לעבנס־שטראָם, אַ פאַרנומענער מיט נייע געפילן, האָט אַלטמאַן כמעט ווי פאַר־געסן אָן זיין באַשלוס אראָפּצופאָרן ווען ס׳איז אויפ׳ן בית־עולם פון זיין אַמאָליקער ליבע.

איין מאָל האָט ער געקראָגן אַ בריוו פון זיינעם אַ גוטן פריינט, אַז יענער איז קראַנק און בעט אים אומבאַדינגט צו קומען. אַלטמאַן האָט גענומען אויסרעכענען אַף וואָס פאַר אַ טאָג צו באַשטימען דעם וויזיט. אָבער אַ קוק טוענדיק אַפ׳ן

אדרעס, האָט אים דאָס האַרץ אַ טיאַכקע געטאָן: זיין פריינד'ס נייע וואוינונג איז געווען אין „בעטה ביטש", אויף דער זעלבער גאַס, וואו זייער „גן עדן" האָט אַמאָל געבליט.

ער האָט באַשלאָסן גלייך צו פאָרן.

מיט אַ צען מינוטן שפּעטער איז ער שוין געזעסן אין סאָבוויי, און וואָס ווייטער דער אונטערערדישער באַן האָט זיך געטראָגן, אַלץ אומרואיקער איז ער געוואָרן. אַ פּאָר מאָל האָט זיך אים אויסגעדאַכט, אַז צווישן אים מיט לינע'ן איז קיין בייזעס ניט געשען, אַז ער פאַרט איצט אַ בענקענדיקער אהיים און זי וואַרט אויף אים אומגעדולדיק, אָנגעשפּאַרט אָן אייזערנעם טירל פון גאָרטן. די שילדן מיט'ן נאָמען פון יעדן אָפּשטעל האָבן אים וואַרים באַגריסט. ער האָט געפילט אַ געוויסן צוזאַמענבונד ניט נאָר מיט די אָנגעשטעלטע פון באַן, נאָר אויך מיט די רייזענדע. איינער, אַן איטאַליענישער סוחר פון גרינוואָרג, צו וועמען אין קראָם ער פלעגט אַמאָל אַריינקומען, האָט איהם אפילו דערקענט און באַגריסט.

„בעי פּאַרקוועי!" האָט דער קאָנדוקטאָר אויסגערופן, אַ דריק געטאָן אַ קנעפּל, און די טירן האָבן זיך ברייט צעעפנט. אַלטמאַן איז אַרויס אויף דער פּלאַטפאָרם, זיך אַרומגעקוקט און גענומען אַראָפּגיין פון די טרעפּ.

ער איז אַרויס אין גאַס, וועלכע האָט אים ברייטלאַך באַגריסט מיט אירע אַזוי גוט באַקאַנטע שילדן, מיט די גרויסע פענסטער און מיט'ן ריח פון דעם ניט ווייטן ים. ער האָט גלייך דערקענט פילע קראָמען, וואו זיי פלעגן קויפן, און פאַרבייגייענדיק אָפּגעקערט דעם קאָפּ מען זאָל אים ניט דערקענען, אים ניט אָפּשטעלן.

ער איז שנעל פאַרביי די אָפענע קלייטן און איז אַריין אין דער שטילער, ברייטער גאַס, וואָס האַלט אין אירע ביידע הענט צוויי רייען שיינע, ציכטיקע הייזקעס־קאַטעדזשעס און שפּרינגט ווי גלייך אין ים אַריין, דורכלויפנדיק אַ קליינעם פּאַרק באַם ברעג.

דער ים האָט צו אים פון ווייטנס א לאַך געטאָן, פינקלענדיק מיט זילבער.

ער איז געגאַנגען לאַנגזאַם, פאָרזיכטיק און אים האָט זיך געדאַכט, אַז זיינע פיס שטעלן זיך בא יעדן שפּאַן אריין אין פּאַרטיקע טריט, וועלכע ער האָט מיט צוויי יאָר צוריק דאָ אויס־געטראָטן. יעדע קלייניקייט ארום, יעדער בוים האָט אים דער־מאָנט אָן אַן אַנדער פּאַסירונג, און דאָס האַרץ האָט געקלאַפּט אַזוי אומרואיק.

אָט איז דאָס הויז. ער איז שטיין געבליבן אַף אַ רגע און ווייטער געגאַנגען. די בוימער פלעכטן מיט זייערע לאַנגע צווייגן דעם זעלבן געדיכטן, גרינעם דאַך איבער דער גאַס. קיין זאַך האָט זיך ניט געענדערט.

פאַר'ן הויז איז געשטאַנען אַ רעדל מיט מענטשן און עפּעס גערעדט צווישן זיך. צוויי ביליקע אויטאָמאָבילן און אַ פערד מיט אַ קליינעם וועגל האָבן געדולדיק געוואַרט בא דער זייט. אפ'ן גאַניק זיינען געלעגן אָנגעוואָרפן פעקלאַך און ס'זיינען געשטאַנען אָנגעשטעלט פאַרשיידענע שטיקלאַך מעבל.

אַלטמאַן איז שנעל באַרבייגעגאַנגען דאָס מויז און, גייענדיק צוריק, אַ פרעג געטאָן בא איינעם פונ'ם רעדל, וואָס מען שטייט דאָ. דער מאַן האָט דערקלערט, אַז די באַלעבאַטים פונ'ם הויז זיינען ערגעץ־וואו אַוועקגעפאָרן, אָדער אפשר נאָר גע־שטאָרבן, ער ווייס ניט אַף זיכער, און כדי צו דעקן זייערע חובות פאַרקויפט מען איצט דאָס הויז און די גאַנצע אויס־שטאַטונג.

פונ'ם הויז האָט זיך דערטראָגן אימיצנס אַ גראָבע שטימע:

— וועל, פריינט, קוקט נאָר גוט אָן דעם טיש. אמת'ע מאַהאַגאָני! 25 דאָלאַר. 25 דאָלאַר. ס'איז אַ באַרגן! איר וועט אַ נייעם פאַר הונדערט דאָלאַר ניט קויפן. ווער גיט מער?

אַלע זיינען אריין אינווייניק און אַלטמאַן איז נאָך אַ קורצן טראַכטן זיי נאָכגעגאַנגען. אים האָט זיך פאַרוואָלט אריינגייך

אין „זייער" צימער און א קוק טאָן דורך די פיר גרויסע פענסטער אין גאָרטן אריין.

דער דורכגאנג־צימער און דער זאַל זיינען געווען אינגאנצן פארשטעלט מיט פעק בעטגעוואנט און מעבל. אף יעדן פון זיי האָט אף שטריקל געהאנגען א פאפירל מיט א נומער. דער פארקויף גופא איז אָנגעגאנגען אין גרויסן צימער מיט די פיר פענסטער אין גאָרטן אריין.

אף א נידעריקן שטול איז געשטאנען א פעטער, הויכער מאַן מיט א רויטן קאַרק און געפירט דעם אויספארקויף. מיט א באַסאָווער שטימע האָט ער אויסגערופן די זאכן, די פרייזן, זיך געוויצלט מיט'ן עולם, וואָס איז געדיכט ארום אים געשטאנען, און אַלע מאָל געפאטשט מיט איין האנט אָן דער צווייטער. צוויי ארויסהעלפערס האָבן אַלע מאָל צוגעטראָגן צו אים אַן אנדער זאַך. ער האָט געוואָרפן א שנעלן בליק אפ'ן ווייסן צעטעלע, אויסגעשריען דעם באשטימטען פרייז און מיט געניטקייט פון א פאכמאַן זי קונציק געהויבן וויפיל ס'האָט זיך נאָר געלאָזט.

נאָכ'ן פארקויפטן „מאהאגאָני"־טיש זיינען געקומען זעקס שטולן, נאָכהער עטלאכע שפיגלען. איינעם פון זיי האָט אַלטמאַן גלייך דערקענט, אז ער האָט געהאנגען בא זיי אין צימער. נאָך די שפיגלען האָט מען געבראכט צו־טראָגן קולימעס, וואזעס און נאכהער ווידער שטולן.

אַלטמאַנען האָט געקרענקט, וואָס גראָדע אין דעם צימער קומט פאָר דער אויספארקויף. ער איז געשטאנען אביסל, גע־קוקט אפ'ן פעטן מאַן מיט זיינע האָריקע הענט און זיך גענומען דורכשטופּן צו די פענסטער.

ער איז שוין געווען נעבן ערשטן פון זיי, ווען ער האָט בא־מערקט, ווי די צוויי ארויסהעלפערס שטופּן צו צום פעטן מאַן דאָס גרויסע בעט מיט די הויכע ווענטלאך, וואָס איז ביז איצט געשטאנען אין א ווינקל, פארשטעלט פונ'ם עולם.

עס האָט אים דער אָטעם פארכאפּט.

„אָט וועט מען אצינד „זייער" בעט פארקויפן גלייך מיט

אַלע אַנדערע זאַכן", — איז אַ געדאַנק באַ אים דורכגעלאָפן און ער האָט זיך גלייך אַליין געענטפערט: „ווי אַנדערש קען עס דען זיין? די מענטשן ארום ווייסן פון גאָרניט. און אַפילו, ווען זיי וואָלטן יאָ עפּעס געוואוסט וועגן אים, וואָס גייט עס זיי אָן? זיי זיינען דאָך פרעמדע. דער פעטער מאַן וויל פארקויפן וואָס טייערער און זיי ווילן אַלעס קריגן וואָס ביליקער".

און מיט אַמאָל זיינען פאַר אים אויפגעשטאַנען אַזוי פיל גאָלדענע פרימאָרגנס און שטיל־האַרציקע דעמערונג־שטונדן. אָט זיצט לינאַ אין איר אויסגעשטיקטן נאַכט־העמד, מיט די פיס אונטער זיך, אָפ׳ן ראַנד פונ׳ם ברייטן בעט, זינגט פאַר אים אירע לידלאַך, דערציילט אים אירע מעשה׳לאַך:

„אַמאָל האָט אין אַ ווינקל פון אַ גרויסער, רייכער וועלט־שטאָט געוואוינט אַ ליבער, שיינער בחור. אַלץ האָט יענער גוטער בחור געהאַט, אָבער איין־איינציקע זאַך האָט אים געפעלט..."

דער פעטער מאַן האָט מיט אַ סקעפּטישן בליק באַטראַכט דאָס בעט און אַ שמייכל געגעבן:

— שוין איין מאָל אַ בעט!

דער עולם האָט זיך צולאַכט.

— ס׳איז אַ שיף, ניט קיין בעט! — האָט זיך איינער אַ וויצל געטאָן.

— ס׳איז אַ בריק! — האָט אים דער צווייטער געענטפערט.

— זאָל זיין אַ שיף, אַ בריק, אבי ס׳איז באַקוועם אין דעם צו שלאָפן — האָט דער פאַרקויפער געשמייכלט, — און ליגן קאָן מען אין דעם אין דער ברייט פונקט ווי אין דער לענג.

— מען קען צוויי פּאָרלאַך צלם־ווייז אין דעם באַלעגן! — האָט איינער פונ׳ם עק צימער אויסגעשריען.

ער עולם האָט אויסגעשאָסן מיט אַ געלעכטער.

דער פעטער מאַן האָט זיך אַ כאַפּ געטאָן, אַז ער פאַרלירט צופיל צייט. ער האָט אַ פּאַטש געטאָן מיט די הענט:

— נו, פריינט, שנעל, שנעל! די צייט שטייט ניט! פאַנגט אָן! גיט אַ פּרייז! האָרי־אָפּ!

קיינער האָט ניט געענטפערט.

— איין דאָלער! — האָט זיך נאָך א פויזע אפגערופן אן איטאַליענער מיט שווארצע, שפּיציקע וואָנצעלאָך און ווי זיך אנטשולדיקנדיק פאר׳ן עולם, צוגעגעבן:

— איך דארף עס אף כפרות. אָבער פאר א דאָלער זאָל עס שטיין אין קעלער, די מייז זאָלן זיך האָבן אף וואָס צו פּלאָדיען... מיין וואָגן ווארט סיי ווי אונטן, וועל איך עס שוין אהיים שלעפּן.

— איין דאָלער! — האָט דער אויספּארקויפער געשריען און געפּאטשט מיט די הענט. — איין דאָלער פאר א שיף מיט א בריק מיט א בעט צוזאמען! ווער גיט מער?

דער עולם האָט געשוויגן.

— זאָל זיך עס וואַלגערן אין קעלער, — האָט דער איטאַליענער געשמייכלט צו די ארומיקע. — דאָס פערד ווארט סיי ווי.

— ער האָט זיך שוין אפילו גענומען צו דער קעשענע.

— צוויי דאָלער! — האָט זיך באַ אַלטמאַנען פּלוצלינג ווי קעגן זיין ווילן, ארויסגעריסן.

אַלע האָבן נייגעריק אויסגעדרייט די קעפּ אין זיין זייט.

דער איטאַליענער האָט זיך צולאכט דורך אויסגעקרימטע ליפּן און געוואָרפן אף אַלטמאַנען א שפּאָטישן בליק.

— צוויי דאָלער פאר א בעט, א שיף און א בריק. צוויי דאָלער! ווער גיט מער? צוויי דאָלער — איינס! צוויי דאָלער — צוויי און... צוויי דאָלער — דריי! — ער האָט א פּאטש געטאָן מיט די הענט און זיך געווענדט צו אַלטמאַנען:

— יונגערמאַן, גיט אהער די צוויי דאָלער און נעמט די מציאה.

אַלטמאַן האָט, זיך איילנדיק, באַצאָלט, און די צוויי ארויס־העלפערס האָבן געשווינד ארויסגערוקט דאָס בעט אין זאַל אריין. ער איז זיי נאָכגעגאנגען און עס אויפמערקזאם ארומגעקוקט. אין איינעם פון די ווינקלען האָט ער געפונען זיינעם און לינאס נעמען, וועלכע זיי האָבן איינמאָל אויסגעקריצט צוזאמען. און באלד האָט ער זיך א פרעג געגעבן, וואס וועט ער איצט טאָן מיט׳ן בעט.

א געדאנק האָט אין אים גענומען לאכן: „נאר איינער, צו וואָס האָסטו עס געטאָן? פארוואָס האָסטו שוין, פאר איין וועג, אויך ניט געקויפט דאָס הויז מיט'ן גאָרטן? דאָס בעט איז דאָך גרעסער פון דיין גאנצן שלאָפצימער. אָך, וואָס פאר א נאריש־קייט! דאָס בעט וועסטו סיי ווי מוזן לאָזן דאָ און די צוויי דאָלער האָסטו פארברענט אפ'ן פייער."

ער האָט זיך דערמאָנט וועגן זיינעם א פריינט, אויך אן איינ־וואוינער פון א שלאָף־צימער, וועלכער האָט איינמאָל אף אן אויסשטעלונג געוואונען א קו. מילא, א קו קען מען אפ'ן פלאַץ גלייכט פארקויפן, אָבער מיט אזא קלאָציק בעט, וואָס קען ער טאָן? און ער האָט עס דאָך ניט געוואונען, נאָר געקויפט.

ער האָט זיך צוגעהערט צום אייגענעם מוסר, צוגעגעבן, אז ער איז אומגערעכט, און דאָך האָט אים הנאה געטאָן, וואָס דער נארישער איטאַליענער וועט ניט האָבן דאָס בעט. אָבער וואָס וועט ער פארט טאָן מיט דער באנדורע?

ער איז צוגעגאנגען צו א פענסטער, וועלכעס איז ארויס־געקומען אף א גרויסן שטיק לעדיקן פלאַץ אונטער'ן הויז און פארטראכט גענומען ארויסקוקן. ניט ווייט האָט ער באמערקט א קליינעם פייער, נעבן וועלכן צוויי אינגלאך זיינען געזעסן אין האָבן, ווי עס האָט אויסגעזען, געבאקן קארטאָפל. ער האָט פאר־טראכט געקוקט אף זיי א פּאָר מינוטן, זיך איינגעהערט אין דער באַסאָווער שטימע פונ'ם אויספארקויפער אין צווייטן צימער, און זיך פּלוצלינג דערפרייט צושמייכלט.

ער האָט געפונען וואס צו טאָן מיט'ן בעט.

ער האָט עס שנעל צענומען, שטיקלאכווייז, עס אראָפּגעטראָגן אפ'ן באַלקאָן, צוגערופן די צוויי אינגלאך, זיי צוגעזאגט א האלבן דאָלער און מיט זייער הילף זיינען די שטיקער בעט גיך געלעגן איינס אפ'ן צווייטן אין מיטן לעדיקן פלאַץ. איינער פון די אינגלאך האָט געבראכט א בלעכל קעראָסין און מיט א צען מינוטן שפּעטער האָט דאָס בעט העל און קנאקענדיק געפלאקערט און פון

אלע גאסן זיינען געלאָפן קינדער און מיט פריילאכע אויסגעשרייען ארומגערינגלט דעם פייער.

אַלטמאַן איז געשטאַנען אָן א זייט, זיך איינגעקוקט אין די געלע פלאמען, איינגעוויקלטע אין קודלעס טונקל־גרויען, כמעט שווארצן רויך, און בילדער, אזעלכע נאָענטע, אזעלכע פיינלאכע האָבן געשוועבט פאר אים.

אַט שטייט ער מיט לינען פּעסט צוגעדריקטע איינער צום צווייטן באם פענסטער און זיי קוקן זיך איין, אָן ווערטער, ווי די בלומען שלאָפן איין אין גאָרטן. אַט זיצן זיי באַ׳ם טיש און עסן. און זי האָדעוועט אים ווי א קליין קינד און ביידע לאכן מיט א מין פריידיקן פארגעניגען. אַט ליגט ער אפּ׳ן בעט, זי זיצט אין זיידענעם נאכט־העמד נעבן אים, פלאָנטערט זיינע האָר און דער־ציילט פארטראכט און ריטמיש:

„אמאָל האָט אין א ווינקל פון א גרויסער, רייכער וועלט־שטאָט געוואוינט א ליבער, טייער בחור. א פארברענקטער פלעגט ער זיך אין די אָוונטן ארומדרייען איבער די רוישנדיקע גאסן און געזוכט זיין גליק זיין געליבטע...״

די קינדער האָבן זיך אָנגעכאפּט פאר די הענט און מיט פריילאכע אויסגעשרייען זיך גענומען דרייען אין א ראָד ארום דעם פייער.

טרערן האָבן מיט אמאָל אָנגעפילט אַלטמאנ׳ס אויגן. נאָך איין מינוט און ער וועט זיך צואויינען. ער האָט זיך אָפּגעקערט, שנעל גענומען אוועקגיין און אין די אויערן אריין האָט אים אימיצער געפליסטערט:

„געדענקסט אַלטמאַן? ס׳איז דאָך אזוי וואונדערלאך געווען. פארוואָס האָט איר אליין אייער גליק צעשטערט? ניט געקאָנט איינאָרדנען אייער איין און איינציק לעבן. געדענקסט?

„אמאָל האָט אין איין ווינקעל פון א גרויסער, רייכער שטאָט געוואוינט א ליבער, שיינער בחור און אין א צווייטן ווינקל, א צאַרטע, וואונערלאכע מיידל. זיי האָבן געבענקט איינער נאָכ׳ן צווייטן, זיך זשעדנע ארומגעזוכט, און ווען זיי האָבן זיך שוין

ענדלאך געטראָפן און גליק דערפילט, האָבן זיי אליין אלץ פאר־ניכטעט, אלעם צוטראָטן. אליין, אליין.״

און א צווייטע שטימע האָט אין אים ווי זיך שטיל געבעטן:

„ניין, ניט אליין און ניט צוטראָטן. עס איז אזוי געשען. עס האָט מעגלאך, אנדערש ניט געקאָנט זיין. מיר האָבן איבערגעטראָטן א מעכטיקן געזעץ פון מענשלאכע נשמות און זיינען פונקט ווי טויזנטער אנדערע גרויזאם באשטראָפט געוואָרן. מיר זיינען דאָך אומבאהאלפן פונקט ווי קליינע קינדער. מיר ווייסן לחלוטין ניט ווי אזוי גליק זיך צו שאפן, און ווי אזוי עס אָנצוהאלטן, ווען עס קומט צופעליק צו אונז. ווייל קומענדיק ווערט עס פאר־שוואונדן. יאָ, יאָ, קומענדיק ווערט עס פארשוואונדן.״

אלטמאן איז שנעל געגאנגען צוריק צום סאָבוויי און טרערן זיינען געפאלן פון זיינע אויגן. ווי דורך א נעבל האָבן פאר אים געשוועבט די שאָטנס פון די ארומיקע הייזער און די רייען בוימער.

אף איין רגע, איידער ער איז אריין אין באן האָט ער פון דער לופט־סטאנציע געווארפן א בליק צום ים. און דער ים, שוין אָן איינגעהילטער אין דעם פינקעלדיק־גאָלדענעם מאנטל פונ׳ם אוועקגייענדיקן טאָג, האָט צו אים א שפּאָטישן לאך געטאָן.

# בלוט

אויפשטיין פלעגט די באָבע מלכה פונקט אכט אזייגער אין דער פרי. ביז צען איז זי געוויינלאַך געווען פארנומען מיט׳ן דאווגען און פרישטיק. דערנאָך פלעגט זי זיך אוועקזעצן צום טיש ברענגען אין אָרדנונג די פילע צעטלען, חשבונות און וועקסלען, וואָס קלייבן זיך טאָג־טעגלאַך אָן אין איר גרויסער גאַלאַנטעריי און שניט־קראָם. אין קראָם איז די באָבע געווען דער פולשטענדיקע הערשעריין נאָך אפילו דאַן, ווען דער זיידע האָט געלעבט. ער איז געווען א שוואכער, א נאָכגעבעדיקער, און זי האָט געפירט דאָס געשעפט מיט א שטאַרקער האנט נאָך אירע אייגענע באַגריפן.

אין א טונקל גרויען קלייד מיט א ווייסן זיידענעם טיכל אפ׳ן קאָפּ, פלעגט זי זיצן פארטיפט אין די פּאפּירן און אירע גרויע אויגן האָבן געקוקט קאַלט און דורכדרינגענדיק. ווען צווישן די חשבונות פלעגט זיך טרעפן א שלעכטער צאָלער, אָדער א ניט־זיכערער וועקסל, פלעגן זיך עטלאכע קנייטשן שאַרף אויסלייגן אַף איר גרויסן שטערן, און די אויגן האָבן א בייזן פינקל געטאָן.

ביז צוועלף אזייגער פלעגט זי אזוי פארברענגען באַם טיש און יעדערער פונ׳ם הויז־געזינד, אפילו דער איינציקער זון בערל, אָדער זיין פרוי, האָבן, ווי מעגלאַך, אויסגעמידן צו איר אריינצוקומען: די שטרענגע אַלטע האָט ניט ליב געהאַט מען זאָל איר שטערן.

די איינציקע, וואָס האָט געוואַגט צו יעדער צייט אריינצושפּאַצירן צו דער באָבען אין צימער, איז געווען די פינף־יאָריקע

מירעלע, בערל'ס איינציקע טעכטערל. זי איז אזוי זיכער געווען אין דער באָבע'ס ליבע, אז ניט דער מוטער'ס שטרענגער באפעל, שטיל צו זיין, ניט אפילו דער באָבע'ס אומצופרידענע בליקן האָבן זי געקאָנט איינהאלטן. אין ערגסטן פאל, ווען אירע שטיפערייען פלעגן שוין פארגיין צו ווייט און די באָבע אליין האָט שוין אף איר אפילו קיין קוק ניט געוואָלט מער טאָן, פלעגט זי זיך צוּוויינען און פארקריכן אין א טונקעלן ווינקעל.

אזא זאך האָט שוין אָבער די אלטע ניט געקאָנט אויסהאלטן. זי פלעגט א כאפ טאָן דאָס אייניקל אף די הענט, זיך צולאכן, פארזיכערן דאָס קינד, אז זי האָט געשפאסט און זיך ניט בארואיקן ביז צווישן זיי איז ניט געוואָרן א פולשטענדיקער שלום.

א חוץ דער ליידנשאפט צו געלט, איז מירעלע געווען דער באָבע מלכה'ס איינציקע שוואכקייט. דאָס קינד איז געווען דאָס איינציקע באשעפעניש אף וועלכן די אלטע האָט ניט געזשאלעוועט, אָדער זיך באמיט ניט צו זשאלעווען, קיין געלט. זי פלעגט זעלטן רופן א דאָקטער, ווען זי אליין איז קראנק געווען, איז אבער דאָס קינד „איינגעפאלן", האָט גלייך געמוזט זיין א דאָקטער אין הויז און קיין זאך איז ניט צו־טייער געווען.

און ווען מירעלע איז שוין א געזונטע ווידער איבער די צימערן ארומגעלאָפן, פלעגט די אלטע א פּאָר טעג ארומגיין אן אומצופרידענע און אלע מאָל אונטערגעפירט דעם חשבון, וויפיל „גאָלד" די „געשיכטע" האָט זי אָפגעקאָסט.

און מירעלע האָט געקלעפּט צו דער שטרענגער באבע מער ווי צו די עלטערן און פלעגט אין די פרימאָרגנס אָפּט שטונדווייז פארברענגען, זיצנדיק אף א שטול נעבן טיש, ווען די אלטע האָט זיך געפּאָרעט מיט אירע פּאפּירן.

— מירעלע, וואָס גייסטו זיך ניט שפּילן א ביסל אין הויף?

— כ'וויל ניט, באבע.

— ווילסטו, אפשר, עפּעס עסן?

— ניין.

— וואָס דען געבן דיר?

— גיב מיר אַ ביסל האַלטן אָט די שיינע פּאַפּירלאַך.

— גוט, נאַ דיר. אָבער זיי פּאַרזיכטיק, מיין קינד. דאָס זיינען וועקסלען. פאַר זיי קריגט מען געלט. און דאָס זיינען פּופּיקערס. שיינע מענטשלאַך, האַ? אָבער פּאַרזיכטיק. ווען מע האָט אַ סך אַזעלכע מענטשעלאַך איז שוין גאָרניט שלעכט צו לעבן אַף דער וועלט. פאַר אָט די מענטשעלאַך האָט דער קיסר אַליין דרך־ארץ. אַז מע פאַרמאָגט זיי, האָט מען פאַר קיינעם קיין מורא ניט. פּאַרזיכטיק ווי דו האַלטסט זיי, מירעלע!

— כ׳וועל ניט צורייסן.

מירעלע באַטראַכט דאָס געלט און די וועקסלען פון אַלע זייטן, קוקט אַף זיי דורך דער שיין, לייגט זיי אויס אין גלייכע פּעקעלאַך און גלעט זיי פּאַרזיכטיק אויס מיט אירע פּוכקע הענטלאַך.

די באָבע קוקט אַף איר אַ ווײַלע, גיט איר אַ קוש אין קאָפּ און פאַרטיפט זיך ווידער אין אירע חשבונות.

די גאַנצע משפחה איז דורכאויס באַשטאַנען פון קבצנים און אַלעמענס האָפנונג איז געווען די רייכע באָבע מלכה. זעלטן ווער עס פלעגט אָבער קריגן פון איר עפּעס אַ הילף און אַלע האָבן אומ־צופרידן צווישן זיך גערעדט:

— זי מיינט, זי וועט עס מיט זיך אין קבר אריין נעמען.

— און ווי קומט צו אַזאַ מכשפה אַזאַ גוטער זון?

— מ׳האָט דעם זיידן, עליו השלום, געמעגט מקנא זיין!

— ווער װייס ניט זי האָט אים פון דער וועלט אַזוי פרי פאַרטריבן!?

— ס׳איז נאָך דעם וואָס לעבט אייביג׳ס נס, וואָס זי ליבט אַזוי מירעלען.

— אַ קליינינקייט, אַ ניכפּע נעמט זי איין פאַר׳ן קינד!

די נויט אָבער ברעכט אייזן. און געטריבן פון הונגער, קעלט און קראַנקהייטן, פלעגן די אָרימע קרובים מוזן קומען צו דער באָבע מלכה בעטן הילף, זוכן אַ גמילות־חסד, דאָס רוב גוט וויסנדיק, אַז זיי וועלן עס ניט קריגן. אָבער נאָך אַלעמען איז דאָך לייכטער צו

האָבן בּאַ וועמען צו בּעטן און ניט קריגן, ווי אײנגאַנצן ניט האָבן צו וועמען זיך צו ווענדן.

קומען צו איר אין אַזאַ פאַל פלעגט מען אין דער פרי, אַרום צוועלף אַזייגער, איידער זי גייט אַרונטער אין קלייט אַריין.

געוויינלאַך, זיצנדיק בּאַם טיש, פלעגט די בּאַבע מלכה, דורכ׳ן פענצטער דערזען דעם קרוב אַריינקומען אין הויף אַריין, און זיך שוין אָנשטויסן, נאָך וואָס יענער גייט.

איר פּנים פלעגט זיך פיינלאַך אַ קרים טאָן, דער שטערן זיך צוזאַמענדריקן. זי האָט דערבּיי גלייך געעפנט דאָס חוב־בּיכל, אַריינגעקוקט צי דער גאַסט איז איר שוין עפּעס שולדיק און בּייז געטראַכט:

„וואָס ווילן זיי פון מיר, די בּאַנדע שלעפּערס? שטענדיק נאָר זיי זיינען הונגעריק, שטענדיק זיינען זיי אין נויט. און וואָס עפּעס, לויפט מען גלייך אַהער, פונקט ווי כ׳וואָלט זיי עפּעס שולדיק געווען? שלעפּערס! דעם בּיסן פון מויל וואָלטן זיי אַרויס־געריסן. גיב זיי, נאָר גיב זיי! די וועלט וואָלטן זיי איינגע־שלונגען. אַזאַ בּאַנדע!"

אירע הענט האָבן געציטערט און דאָס מויל האָט בּייז זיך געקרימט.

אויב דעם גאַסט איז ניט געלונגען בּאַ איר עפּעס אַרויסצו־קריגן, פלעגט זי אים מיט׳ן בּליק בּאַגלייטן איבּער׳ן הויף, שטייענ־דיק צוגעשפּאַרט צום פענצטער. איר פּנים האָט געצוקט און אַ צופרידן־שפּאָטישער שמייכל האָט זיך איבּער אירע ליפּן געשלענגלט. זי פלעגט אים שטיל נאָכשרייען:

„נו, וואָס? עס געפעלט דיר ניט, האַ? געמיינט, אַז אויב דו בּיזט אַ שלעפּער, בּין איך אַן „אָפּגעריסענער" נאַר און וועל דיר אָנטקעגן לויפן מיט׳ן געלט: זיי אַזוי גוט, טייערינקער, טו מיר אַ טובה און נעם בּאַ מיר אַ גמילות־חסד׳ל אַ פּאָר הונדערט קערבּ־לאַך. נו, נעם, נעם, שעם זיך ניט! וואָס אַרט עס דיך? אויב

א פערד גיט — נעם! כא־כא־כא! אזא באנדע! צום גרייטן וואָלטן זיי נאָר געוואָלט קומען!"

און אירע ציטערדיקע פינגער האָבן זיך דערביי ענג געפלאָכטן איינער אין צווייטן.

אמאָל, ווען הילף איז שוין זייער נויטיק געווען און זי האָט דאָך זיך אָפּגעזאָגט דעם קרוב עפּעס צו געבן, פלעגט ארויפקומען דער זון מיט דער שנור.

— מאמע, האָב גאָט אין הארצן. ר' משה מוז האָבן א הונ־דערטער: ס'איז דאָך בא אים אן אומגליק געשען.

— מיש זיך ניט! — האָט די באבע מלכה בייז געענטפערט.— פארוואָס האָט ער ניט גאָט אין הארצן און קומט פון אונז רייסן די הויט? האָבן מיר דאָס געלט גע'גנב'עט? די שטאָט איז איבערפילט מיט שלעפּערס, און אויב מיר זאָלן וועלן זיך צו אלעמען צוהערן, וועלן מיר אליין גיך אין די הייזער דארפן גיין!

— אָבער, מאמע, בא ר' משה'ן איז דאָך א קינד געפערלאַך קראנק. מע מוז האָבן אפ'ן דאָקטאָר.

— זאָל דער דאָקטאָר זיין א גוטער און קיין געלט ניט נעמען. אף קיין שטאָט מיט קרובים וועט אונזער גוטס ניט קלעקן.

דעמאָלט פלעגט זיך די שנור באנוצן מיט'ן לעצטן מיטל:

— שוויגער, איר'ט זען, גאָט וועט אונז שטראָפן! דערפאַר, וואָס מיר ווילן ניט העלפן ר' משה'ס קראנקן קינד, וועט נאָך, חלילה, אונזער מירעלע קראנק ווערן.

די באבע מלכה פלעגט זיך א צאפּל טאָן און מיט א דער־שראָקענעם פּנים נעמען שרייען:

— וואָס פּלוידערסטו, דו? נאָר איינער? וואָס מישסטו אריין דאָס קינד?

— גאָט וועט אונז אזא זינד ניט מוחל זיין! — האָט די שנור געענטפערט, ווישנדיק די אויגן. — פאראיאָרן איידער מירעלע איז קראנק געוואָרן, האָט איר אויך אנטזאָגט ר' חיים'ען צו געבן א פופציקער פאר זיין קראנקן קינד.

די אַלטע גייט דורך אַן אויפגערעגטע איבער'ן צימער, עפנט מיט אמאָל דאָס געלט־קעסטל, כאַפּט ארויס א פּופציקער און גיט אים אַ וואָרף אַפ'ן טיש:

— נאַ, גיב אים, דעם שלעפּער!

— איך קען ניט, — דרייט בערל מיט'ן קאָפּ אַף ניין. — ס'איז ווייניק: אַ חוץ דעם דאָקטאָר מוז מען קויפן אַ פור מיט האָלץ: זיי פרירן אוים. און עפּעס עסן דאַרף מען אויך.

די אַלטע קוקט אַףביידן אַ ווײַלע אויפגערעגט, כאַפּט אַרויס נאָך אַ פינף־און־צוואַנציקער און ווארפט אים צו די פופציק:

— נאַ, אָבער כ'זאָל אים שוין ניט זען דאָ מער!

דער זון נעמט דאָס געלט, גיט אַ טיפן זיפץ און גייט ארויס צוזאַמען מיט'ן ווייב.

— שיקט אריין דאָס קינד! — שרייט די אַלטע זיי נאָך.

באַלד לויפט אריין מירעלע. די באָבע כאַפּט זי אַף די הענט, האַלזט זי, קושט זי, שפּילט זיך מיט איר ביז זי באַרואיקט זיך.

אייניקע פון די נאָענטע קרובים האָבן געוואוסט אַ מיטל ווי אַזוי אמאָל ארויסצוקריגן פון דער אַלטער „קליפּה" אַ פּאָר קערבלאָך. געווײנטלאָך פלעגן זיי קומען בעטן אַ גמילות־חסד. צוערשט האָבן זיי געבעטן שטיל, קוים וואָס מע האָט זייער קול געהערט, אָבער יעדעס מאָל האָבן זיי געהעכערט די שטימע, ביז מע האָט געקענט הערן זייער בעטן און וויינען מיט דריי גאַסן ווייטער. דערביי האָבן זיי געשראָקן זיך דאָס לעבן צו נעמען, אַט דאָ גלייך אַפ'ן אָרט פאַר אירע אויגן און זאָל די וועלט שטוינען, זאָלן מענטשן ווימן.

די באָבע מלכה האָט פיינט געהאַט געשרייען און טרערן און כדי זיך אָפּצוטשעפּן פונ'ם טומלדיקן קרוב, פלעגט זי אים ענדלאָך אַ וואָרף טאָן אין פּנים אריין אַ טייל פון דער געבעטענער סומע און זיך אָפּקערן צו דער וואַנט ביז ער איז ארוים.

דערנאָך פלעגט זי צולויפן צום פענצטער, אים נאָכקוקן מיט

בליקן פול מיט האס, ברעכן די הענט און אים נאָכשרייען, ציטערנ־דיק מיט׳ן גאַנצן קערפער:

— הא, אזא שלעפערשע ,רויבערשע באַנדע! נאָר עס וויינט, שרייט און שנאָרעט! ווי פּיאַווקעס כאַפּן זיי זיך צו! קראַנק זיינען זיי צו אַרבעטן. אין שול זיצט מען גאַנצע טעג און מע קוועטשט די בענק. ווי די הינט וועל איך זיי פון דאַנען טרייבן! אַ קו האָבן זיי געפּונען צו מעלקן. אַזאַ באַנדע!

פון פאַרדרוס פלעגט זי זיך אַ וואָרף טאָן אַפ׳ן בעטל, צור־מאַכן די אויגן און זיך אינגאַנצן צוזאַמענדריקן.

שפּעטער, אַז זי האָט זיך אַ ביסל באַרואיקט, פלעגט זי אַריינ־שרייבן אין איר ביכל דעם חוב און באַמערקן בײַ דער זייט די אורזאַכן, וועלכע דער קרוב האָט אָנגעגעבן, בעטנדיק דאָס געלט. געטאָן האָט זי עס, כדי זי זאָל אים דעם צווייטן מאָל קענען כאַפּן, אויב ער וועט אָנגעבן אַן ענלאַכע אורזאַכע.

און אונטן, אין קראָם, האָט מען שוין געוואוסט, אַז ווען די באַבע מלכה קומט אַראָפּ שפּעטער פון צוועלף און איז אַ ביסל בלייך און נערוועז, איז עס אַ זיכערער סימן, אַז ווער פון די קרובים איז בײַ איר געווען און אַרויסגעקריגן אַ ביסל געלט. — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

די יאָרן לויפן. די באַבע מלכה איז געשטאָרבן און ביז דער לעצטער מינוט ניט אַראָפּגעלאָזט פונ׳ם בעט איר מירעלען.

דער גוטער בערל איז געוואָרן דער בעל־הבית איבער׳ן גאַנצן רייכטום און ניט נאָר די קרובים, נאָר אויך פילע פרעמדע מענטשן האָבן גאָט געדאַנקט פאַר׳ן גרויסן חסד, וואָס מענטשן לעבן ניט אייביק.

די יאָרן לויפן. מירעלע איז אויסגעוואַקסן, האָט געענדיקט אַ גימנאַזיע, זיך דערנאָך פאַרדרייט מיט דער שטורמדיקער יוגנט, איז געוואָרן אַ מיטגליד פון דער געהיימער סאָציאַליסטישער באַ־וועגונג, אַ קעמפערין פאַר׳ן גליק פון פאָלק.

מע האָט זי אויך איינמאָל אַרעסטירט און ס׳האָט דעם פאָטער

נענוג מי און געלט געקאָסט זי פּוג׳ם אַסטראָג אַרויסצונעמען.

שפּעטער איז זי אַוועק אין אַ גרויסער שטאָט פּאַרטוזעצן איר לערנען. מער אָבער ווי אַ יאָר האָט זי דאָרטן ניט געקענט זיין: עפּעס האָט זי געצויגן צוריק צום אַלטן הויז, צום גוטן, שטילן פאָטער, צו דער גרויסער גאַלאַנטערעי און שניט־קראָם.

איר מוטער איז נאָך פריער געשטאָרבן. און ווען זי האָט אין אַ פרימאָרגן ערהאַלטן אַ טעלעגראַמע, אַז דער פאָטער איז געפּערלאַך קראַנק, האָט זי גלייך פאַרלאָזן די גרויסע שטאָט מיט׳ן נעדאַנק זיך מער שוין ניט אומצוקערן צוריק. זי וואָלט עס נאָך פריער געטאָן, ווען ניט באָרים׳עס שיינע, שוואַרצע אויגן און ווייכע רייד. ער האָט באַדאַרפט ענדיקן פאַר אַ לערער און זי האָט צוערשט באַשלאָסן צו וואַרטן אַף אים.

דעם פאָטער האָט זי שוין ניט געטראָפן און נאָך שבעה זיצן האָט זי זיך גענומען איינאָרדנען אַלס בעל־הבית׳טע.

אַלט איז זי דאַן געווען פיר און צוואַנציק יאָר.

אין גיכן איז באָרים געקומען און זיי האָבן חתונה געהאַט. זיין דיפּלאָמע האָט ער באַהאַלטן צווישן זיינע ביכער און ביס־לאַכוויז, אַלץ ריידנדיק וועגן אַ לערער שטעלע, זיך איננגאַנצן אַריינגעטאָן אין דער קראָם. דאָס לעבן אין אַלטן הויז האָט גע־נומען גיין אַפּ׳ן אַמאָליקן שטייגער, ווי פאַר דער באַבע מלכה.

דער אונטערשייד איז בלויז געווען, וואָס זי, מרים׳ען, האָבן אַלע אַרום ליב געהאַט, זי גערופן „מירעלע טייערע", ווייל זי איז שטענדיק באַרייט געווען יעדן איינעם מיט וואָס נאָר מעגלאַך צו העלפן.

מירעלע׳ס טאָג הויבט זיך געוויינלאַך אָן אזוי:

ניין אַזייגער אין דער פרי שטייט זי אויף. ביז צוועלף פאַרברענגט זי אין עס־צימער ביים פרישטיק לעזנדיק אַ בוך אָדער אַ צייטונג. דאָ נעמט זי אויך אויף די אָרימע קרובים, וועלכע קומען גאַנץ אָפט בעטן הילף בא זייער טייערער מירלען. באָרים איז געוויינלאַך אונטן אין קראָם און מישט זיך קיינמאָל ניט אין

דער פרוי׳ס באציאונגען מיט אירע פריינט. זי קען נעמען וויפיל נעלט זי וויל און טאָן מיט דעם וואָס זי וויל.

אין א לייכטן, בלויען מאָרגנקלייד, גלאט פארקעמט, זיצט מירעלע באם זעלבן טיש ווי אמאָל די באָבע מלכה און עטוואָס ענלאכעס צו דער אלטער רייסט זיך אָפּט דורך די שטריכן פון איר פנים אָדער שוועבט ארויס פון אירע באוועגונגען. קיין איין ענלאכער שטריך צווישן איר מיט דער באָבע׳ן איז ניט געווען, דאָך האָט זיך צווישן זיי געפילט זייער פיל געמיינשאפטלאכעס.

ווי די באָבע מלכה, מערקט זי דורכ׳ן פענסטער, ווער עס קומט אריין אין הויף און אויב ס׳איז ווער פון די ארימע קרובים, שטויסט זי זיך שוין אָן, נאָך וואָס יענע גייט. זי ציטערט אויף. עמיץ ווער אין איר, געגן איר ווילן און קלאָרן פארשטאנד, הייבט אָן שנעל און בייז צו טראכטן:

„וואָס ווילן זיי פון מיר, אָט די אלע קבצנישע פריינטלאך מיינע? טאָג ווי נאכט נאָר מען לויפט אהער, נאָר מען בעט, מען קליאנטשעט, מען חנפ׳עט זיך. ס׳איז גאָר אָן א סוף! וואָס מער מען גיט, אלץ מער קומען זיי. ווי א כמארע היישעריקן! מען קען גאָר פון זיי ניט פטור ווערן!“

און אין דער זעלבער צייט ברעכט זי די הענט, הערט זיך צו מיט א פארכאפּטן אָטעם צו דער שטימע אין זיך, און אום דאָס קול צו פארטויבן רעדט זי הויך צו זיך אליין:

— גאָט, ווי געמיין מיינע געדאנקען און געפילן זיינען, ווי שמוציק און נישטיק איך בין אינגאנצן! דאָ ארום שטארבן מענטשן פאר א שטיקל ברויט און איך פארמאָג דאָך אזוי פיל טויזנטער. מענטשן גייען ארום אָפּגעריסן און נאקעט און מיין קראָם איז איבערפילט מיט פארשיידענע סחורות. צו וואָס דארף איך עס אלץ? וועל איך עס, אפשר, מיט זיך אין קבר אריין מיטנעמען?

און עמיצער שרייט פון איר ארויס:

— נארישקייטן! קיין וועלט קען מען ניט פארזאָרגן. דיינע קרובים זיינען אויפגעוואקסן אויף שנאָרעריי. זאָלסט זיי אפילו

אלץ אָפּגעבען, זיך איינגאַנצן לאָזן אויסזויגן, וועלן זיי דאָך בלייבן די זעלבע שלעפּער און דו וועסט מוזן אין די הייזער גיין און זיי אליין וועלן דיך שפּעטער אויסלאַכן. טרייב זיי פון דאַנען ווי די באָבע מלכה האָט עס געטאָן: זי האָט זיי גוט געקאָנט. לאָז זיך ניט מעלקן!

זי כאַפּט זיך פאַר'ן קאָפּ:

— ניט אַנדערש איך בין פון זינען אַראָפּ! ווי קען איך, ווי וואַג איך גאָר צו טראַכטן אַזוי? גאָט, וויפיל קליינלאַכעס, שמוציקעס עס געפינט זיך אין מיין נשמה. איך בין דאָך ערגער פון דער נידעריקסטער! ווי קומט עס צו מיר?

און זי דערמאָנט זיך קליינקייטן, הונדערטער קליינקייטן פון איר גאַנצן לעבן. און זי קומט צום שלוס, אז שטענדיק, אפילו ווען זי איז אין אסטראָג געזעסן און איז פארטיק געווען איר לעבן פאר'ן אידעאל מקריב צו זיין, האָט אין איר געלעבט עמיץ א פרעמדער, א זשעדנער, וועלכער האָט זי אפט געצוואונגען צו טאָן, ווינשן און טראַכטן ניט דאָס וואָס איר איז געפעלן, נאָר וואָס ער האָט געוואלט.

זי דריקט זיך צוזאַמען. יאַ, אַזוי איז עס: דאָס שרעקלאַכע איז אין איר, אין איר נשמה, אין איר בלוט.

זי לויפט מיט אַמאָל צו דער באָבע מלכה'ס גרויסן בילד, וואָס הענגט אָפּ'ן וואַנט, שטרעקט אויס צו אירביידע פויסטן און שעפּטשעט בייז:

— דאָס האָסטו, באָבע, פאַר'סמ'ט מיין בלוט! דאָס האָסטו מיין האַרץ, מיין מח, מיין נשמה אין צווייען צושניטן און זיי פארגיפטעט! דו, דו! אָ, ווי איך האס דיך! ווי איך האס דיך!

טרערן רייסן זיך ארויס. זי פאַרדעקט דאָס פּנים מיט ביידע הענט און וויינט שטיל.

מען קלאַפּט אין טיר.

זי ברענגט זיך אין אָרדנונג, עפנט די טיר, באַגעגנט דעם גאַסט מיט א ליבן שמייכל, זעצט אים אַוועק באַם טיש, הערט אויס די געשיכטע פון אַלע זיינע צרות און ענדלאָך דערוויסט זי

זיך אז ער איז געקומען בעטן אַ גמילות־חסד: צוויי הונדערט קערבלאַך.

ער דערציילט, אַז עס שטייען אים פּאָר גאָלדענע געשעפטען. ממש גליקן וואַרטן אַף אים, בעטן זיך אַליין אין די הענט אַריין. ער קען מאַכן, אויב דער, וואָס לעבט אייביק, וועט נאָר וועלן, אַ פּאָר טויזנטער ריוח. דער איינציקער אָפּהאַלט זיינען די צוויי הונדערט קערבלאַך, וועלכע ער האָט ניט. און אויב זי, דער גוטער מלאך, וועט אים אַרויסהעלפן, איז ער ניט נאָר מיט זיין פרוי און קינדער געראַטעוועט, ניט נאָר וועט ער איר דאָס געלט מיט דאַנקבאַרקייט אָפּגעבן, נאָר ער וועט עס איר קיינמאָל ניט פאַרגעסן, און דער וואָס לעבט אייביק אודאי ניט.

מרים שמייכלט גוטמוטיק, שאָקלט מיטפילנדיק צו מיט'ן קאָפּ.

— גוט, ר' פּנחס, איך וועל אייך אויסלייען די צוויי הונ־דערט קערבלאַך.

דער גאַסט הויבט זיך אַזש אונטער פאַר שמחה.

זי גייט צום קעסטל, עפנט עס, און ווען זי נעמט אַרויס דאָס געלט פילט זי ווי די מוסקולן פון איר גאַנצן קערפּער דריקן זיך צונויף, ווי אירע פינגער קלעפּן זיך צום געלט און עמיצער שרייט אין איר:

„וואָס טוסטו, משוגע'נע? פאַרוואָס קומט עס אים? זאָל ער צו אַנדערע גיין. צוויי הונדערט קערבלאַך! צוויי הונ־דערט! ער וועט אַלעמען פון דיין נאַרישער גוטסקייט דערציילן און די גאַנצע שטאָט וועט צו דיר מאָרגן נאָך גמילות חסדים לויפן. גיב ניט! גיב ניט!"

איר ווילט זיך שרייען. זי פאַרבייסט די ליפּן, רוקט אָפּ אין אַ ווינקל פונ'ם קעסטל דאָס פּעקל געלט און זוכט עפּעס דאָרטן אָנגעשטרענגט. אַ ציטער יאָגט זיך איבער איר גאַנצן קערפּער.

— אָט זיינען די צוויי הונדערט קערבלאַך, ר' פּנחס, און זאָל זיין אין אַ גוטער שעה.

זי דריקט פעסט צוזאמען די ציין און קוקט ערגעץ־וואו אין א זייט. אירע הענט ציטערן לייכט, און אין די אויערן קלינגט:

„משוגענע! משוגענע! גיב כאַטש ניט איינגאַנצן! איין הונדערטער איז אויך איבערגענוג. אזוי ווי אַפּ׳ן פייער פארברענט!“

דער קרוב כאַפּט זשעדנע דאָס געלט, ציילט עס איבער און באהאלט עס טיף אין קעשענע, א קלאַפּ טוענדיק איבער׳ן פלאַץ, וואו עס ליגט.

— איר ווילט, מן הסתם, מירעלע, א וועקסעלע, האַ? — זיין טאָן איז שוין א זיכערער: ער קען זיך שוין אצינד א סך זאכן ערלויבן.

„נעם א וועקסל!“ — שרייט ווידער דאָס קול פון אינווייניק. — ער וועט דיר סיי ווי סיי קיין קאָפּיקע ניט אָפּגעבן, ווען ער וועט אפילו קענען. נעם כאַטש א וועקסל!“

— ניין, ר׳ פּנחס, — שמייכלט מירעלע קרום. — איך גלויב אייך אָן א וועקסל. איר וועט מיר אָפּגעבן, ווען אייערע געשעפטן וועלן זיך פארבעסערן.

— וואָס פאר א פראגע, מירעלע? — קוקט זי דער גאַסט אָן לייכט פארוואונדערט. — אז דער, וואָס לעבט אייביק, וועט נאָר העלפן, איז דאָס ערשטע ברענג איך אייך אָפּ דאָס געלט. א קלייניקייט! א וועלט דארף מען דאָך אויספאָרן ביז מען קען אזא גאָלדענע נשמה געפינען. נו, האָט מיר א גוטן טאָג, און וועגן געלט — זייט זיכער, ווי בא אייך אין קעשענע.

מירעלע שמייכלט ליבלאָך און טראכט, וואָס ס׳וואָלט געווען, ווען זי הייסט אים צוריקגעבן די צוויי הונדערטע קערבלאָך.

ער פארזיכערט איר נאָך אמאָל, אז דאָס געלט איז ווי בא איר אין קעשענע, און גייט ארויס מיט פעסטע טריט און א הויכנעהויבענעם קאָפּ. עפּעס גאָר א נייער ר׳ פּנחס.

איר ווילט זיך אים נאָכלויפן, צוריק בעטן דאָס געלט און, אויב ער וועט ניט וועלן אָפּגעבן מיט גוטן, עס מיט גוואַלד פון אים אוועקנעמען.

זי כאַפּט זיך בא דעם געדאַנק, שפּרינגט אויף ווי אַן אָפּגע־

בריטע, קוקט א ווײלע מיט האַס דער באָבע מלכה׳ן אין פּנים אַרײַן, עפנט פלוצלינג שנעל דאָס געלט־קעסטל, כאַפּט אַרויס א פּופּציקער און לויפט צו דער טיר:

— ר׳ פּנחס, ר׳ פּנחס! זײַט זשע מוחל! נאַט אײַך נאָך א פּופּציקער. טאָמער וואָס, זײַט ניט געאײַנגט. ווי צוויי הונ־דערט, וועט איר מיר אָפּגעבן נאָך א פּופּציקער.

זי הערט זיך ניט צו צו זײַנע ברכות, זעט ניט זײַנע פאַר־וואונדערטע, כמעט דערשראָקענע, אויגן, פאַרמאַכט הינטער זיך די טיר, גייט האַסטיק צו צו דער באָבע מלכה׳ס בילד און שרייט דורך צוזאַמענגעפּרעסטע ציין:

— הערסט, באָבע, דאָס גאַנצע געלט, ביז׳ן לעצטן קערבל, וועל איך צוטיילן! יעדע זאַך פון דער קראָם וועל איך אוועק־געבן, פאַרברענען, מאַכן א תל! און אַלץ פאַר דעם גיפט, וואָס דו האָסט אין מײַן האַרצן אַרײַנגעגאָסן, מיט וועלכן דו האָסט מײַן בלוט פאַר׳סמ׳ט און מײַן לעבן פאַרוויסט! באָבע, איך שווער, איך וועל חרוב מאַכן די אַרבעט פון דײַן גאַנצן לעבן, איך וועל...

זי ברעכט אויס אין א היסטערישן געוויין.

און זיך וואַרגנדיק מיט די טרערן, קלאַפּט א שאַרפער געדאַנק ערגעץ־וואו אין א ווינקל פון איר מוח, קלאַפּט ווי א זייגער, איינ־טאָניק:

— צוויי הונדערט פּופּציק קערבלאַך אוועקגעגעבן פאַר גאָר־ניט... אומזיסט... צוויי הונדערט מיט פּופּציק...

און מיט די זעלבע באַוועגונגען, ווי אַמאָל די באָבע מלכה, וואַרפט זי זיך אין בעט אַרײַן און פאַרגראָבט דעם קאָפּ אין קישן.

# דער גרוס

— הער, וואניא, איך זאָל אזוי געזונט זיין, אויב דו הערסט ניט גלייך אויף ארויסצוציהען די נשמה מיט דיינע ווייגענדיקע קלאַנגען, צוברעך איך דעם פידל אף שטיקלאך!

דער ציגיינער האָט געהאָרכזאם אוועקגעלייגט דעם פידל אף די קני, געקוקט א ווילע פאר זיך און מיד צונעמאכט די אויגן.

— איך האָב אליין ליב טרויעריקע נגונים — האָט חיים פאָרטגעזעצט — אָבער בא דיר איז עס אָן אן אויפהער, אָן א סוף. מען זעט דאָך אף דיין פנים קיין פריילאכן שמייכל קיינמאָל ניט. קוקסט דאָך אוים, ווי א מת! — און באטראכטנדיק א ווילע וואניא'ם צארטן, בלייכן פנים, האָט ער שוין שטילער געענדיקט — אויך מיר א ציגיינער. א ציגיינער דארף זיין געזונט, לעבעדיק, פריילאך, און דו ביסט, ווי אן אויסגע־קוועטשטער ציטרין.

— דערפאר ביסטו שוין אויך פאר מיר געזונט, לעבעדיק און פריילאך — האט וואניא א שוואכן שמייכל געטאָן — אף אן אמת וואָלסטו באדארפט זיין דער ציגיינער, און איך דער איד.

וויינשטיין האָט זיך צולאכט און דערביי וואויל־יונגעריש א וואָרף געגעבן מיט זיין שווארצער קודלע האָר און א הייב געטאָן זיינע צוויי ברייטע פּלייצעם.

— דאָס האָסטו ריכטיק געזאָגט: מיר וואָלט געפּאסט

צו זיין א ציגיינער, און פון דיר וואלט ארויסגעקומען אן אויס־געצייכנטער כניאק, א ישיבה־בחור. און ניט נאר דער אויסזען, נאר אפילו דיין בלוט איז אויך ניט קיין ציגיינעריש. וואסער בלויז. בארעכן זיך אליין. — ער האט זיך אביסל נענטער צוגעבויגן צו אים: — א גאנצן חודש ביסטו געווען א „דענ־שטשיק“ (א דינער) באם ערשטן אפיציר, זיך די גאנצע צייט געדרייט אין קיך ארום דער שיינער מאניע׳ן און... גארניט! בלויז געגענעצט.

— ווער דארף זי? — האט וואניא א הייב געטאן דעם רעכטן אקסל און, שמייכלענדיק, צוגעגעבן: — דערפאר אבער נענעצסטו ניט אצינד ארום איר.

— ניין, א נאר וועל איך זיין! — האט חיים צופרידן א רייב געטאן די הענט. — גלויב מיר, ווען איך לאז איבער אין דערהיים אפילו צען ווייבער, ניט נאר איינע, ווי דו, וואלט איך אויך אזא צוקראכענער, ווי דו, ניט געווען. אויך מיר א סאלדאט!

וואניא האט געשוויגן א פאר מינוט, געקוקט אף די שניי־בערג, אונטער וועלכע די זון האט זיך לאנגזאם געזעגנט, בא־גיסנדיק זיי מיט אזא גערדיכט־גאלדענעם שיין, אז זיי האבן אויסגעזען, ווי פון קופער אויסגעשמידט. די אוונט־שאטנס האבן זיך פון די טאלן צו די בארג־שפיצן געצויגן, ווערנדיק מיט יעדער מינוט גערדיכטער און צוואווארפנדיק זיך אלץ ברייטער.

זיצנדיק אין דער הויך פון דער טאשקענטער פעסטונג־וואנט, האט דאס אויג לייכט ארומגעכאפט דעם גאנצן געגנט. עטלאכע ברייטע און א סך שמאלע וועגן זיינען געלאפן פון דער שטאט צו די ארומיקע דערפער, און איבער זיי האבן זיך געצויגן הונדערטער „ארבאס“ (וועגענער), און רייטערס האבן זיך גע־טראגן, זיצנדיק שטאלץ אף האלב־געצאמטע פערד. העל־גע־פארבטע שטיבלאך האבן חנ׳עוודיק ארויסגעקוקט פון די פרי־

לינגס־בליענדיקע גערטנער, און אין זייער יעדן פענסטער איז א באזונדערע זון פארגאנגען.

— אך, ווי שיין דא איז ארום! — האט ווײנשטיין א זיפץ געגעבן — אונזער בעסאראביע איז, דאכט זיך, נענוג שיין, אבער צו דעם געגנט קומט זי ניט.

ביידע האבן געשוויגן און געקוקט פאר זיך.

— הערסט, ווײנשטיין, — האט זיך וואניא מיטאמאל א רוק געטאן צו אים, און זיינע שווארצע אויגן האבן זיך ברייט צועפנט — א שאד וואס דו ביסט ניט געווען אף מיין חתונה!

— עס טוט מיר אויך לייד — האט חיים א שמייכל גע־טאן — איך האב דאמאלס געהערט, ווי מ'האט בא אייך אין גארטן א גאנצע נאכט געהוליעט. ס'איז דאך ניט מער, ווי א דריי גאסן פון אונז. גיי ווייס, אז מיר וועלן נאך אמאל אין איין ראטע דינען.

— דו הערסט? עס זיינען זיך צוזאמענגעפארן א סך געסט ניט נאר פון דער שטאט, נאר אויך פון טיראספאל און בענדער. פון די רומענישע סטעפעס זיינען אנגעקומען דריי טאבארן ציי־גיינער, מיט וועלכע מיין טאטע האט אמאל צוזאמען געוואנ־דערט. אונזערע דריי גרויסע צימערן האבן ניט געקענט ארייג־נעמען אפילו קיין צענטל פון די געסט. איז מען ארוים אין הויף און ווען ס'איז שפעטער אויך דארטן ענג געווארן, האט מען פארנומען דעם גארטן. פיר קאפעליעס מוזיק האבן געשפילט. אף מיילן ארום האט זיך דאס שפילן געהערט!

חיים האט צוגעשאקלט מיט'ן קאפ.

— מיין נאסטיא איז געווען די שענסטע שיקסע אין גאנצן געגנט. זי איז טאקע מיין פאטער'ס בעסטן פריינט'ס א טאכ־טער. פילע וואנדערנדיקע בעסאראביער ציגיינער, אויך פילע רייכע לייט פון דער שטאט פלעגן שטארבן נאך אירע טריט. די טייערסטע מתנות האבן זיי פאר איר דעם פאטער געוואלט געבן. דער אלטער סטעפאן האט אבער געהאלטן זיין ווארט, וואס ער האט אמאל, נאך מיט אכצן יאר צוריק, מיין טאטן גע־

געבן, און אלעמען געענטפערט, אז זי געהערט צו מיר, אז זי וועט בלויז מיט מיר חתונה האבן. — ער האט א צופרידענעם לאך געטאן און איבערגע׳חזר׳ט: — בלויז מיט מיר! פאר דער חתונה האט מען אונז געלאזט וויסן, אז מען וויל נאסטיע׳ן ארויס׳גנב׳ענען, און א וואך צייט האט מיין פאטער מיט דריי באוואפנטע יונגען זי אלע נאכט געהיט. פארשטייסט? און צוויי טעג פאר דער חתונה זיינען מיינע עלטערן אוועק אין דער גרעסטער מאנופאקטור־קלייט און איוסגעגעבן דריי הונדערט קערבלאך אף פרעזענטן פאר דער כלה און איר פאטער. דריי הונדערטער. ער האט פארשטאנען, דער טאטע מיינער, וואס פאר א שטיקעלע סחורה ער קריגט עס פאר מיר, און זיך געלאזט קאסטן. אך, וויינשטיין, ווען דו זעסט נאסטיע׳ן, ווען זי האט זיך אנגעטאן אין די נייע קליידער מיט די פיל־פארביקע סטענגעס אין די האר איינגעפלאכטן! דאס פנים וויים, ווי מילך, די באקן, ווי צוויי פלאמען, די אויגן טויזנט מאל שווארצער פון מיינע, און די האר, ווי דער בעסטער אטלאס. — טרערן האבן גענומען פאלן פון זיינע אויגן.

— נו, ברודערל, דאס טויג שוין גארניט! — האט זיך חיים צו אים צוגעבויגן — וויינען פאסט שוין גארניט פאר א סאלדאט. הער אויף! שווייג, אויב עס איז דיר שווער צו דערציילן.

— הערסט — האט דער ציגיינער מיט ציטערנדיקע ליפן ווייטער גערעדט — ווי א קעניגן, איז זי צווישן אונז ארומגע־גאנגען. איך האב אף איר מורא געהאט א קוק צו טאן. כ׳האב אבער געזען, ווי אלע נעמען פון איר קיין אויג ניט אראפ, און איך האב זיי אלעמען געהאסט, זיי געוואונשן בלינד צו ווערן.

— א מענטש איז שטענדיק א חזיר — האט חיים א שמייכל געטאן — וויפיל ער האט, איז אים ווייניק.

— ניין, וויינשטיין! — האט זיך וואניא א כאפ געטאן — ניט דאס האט מיך געארט, וואס זיי קוקן אף איר, נאר וואס זיי קוקן מיט חזיר׳שע בליקן. פארשטייסט, מיר האט זיך

געוואַלט אַף די קני פאַלן און די טריט פון אירע שיך קושן, און זיי, פּאַסקודניאַקעס, קוויקן זיך פון ווייטנס מיט אירע בריסטן און פּיס.

— ביסט אַן אייזל, — האָט וויינשטיין שטיל אַ זיפץ געטאָן. — אַ פרוי איז ניט באַשאַפן געוואָרן, כדי מען זאָל פאַר איר אַף די קני שטיין. וואָס איז זי אַ גאָט? אפילו די שענסטע איז אויך ניט מער, ווי אַ באַבע. נו, און, און זי, נאַסטיאַ, האָט דיך כאָטש אויך אַזוי שטאַרק ליב, ווי דו זי?

וואַניאַ האָט מיט׳ן גאַנצן קערפּער אַ פלאַטער געטאָן.

— וואָס פאַר אַ פראַגע?! ווי קען מען גאָר אונזערע געפילן פאַרגלייכן?! איך ליב זי שטאַרק — דאָס איז אמת. אָבער ווי קומט מיין ליבע צו אירער? קיין איין מינוט האָט זי ניט געקענט אָן מיר זיין, און וואוהין איך בין געגאַנגען, האָב איך זי געמוזט מיט זיך נעמען. זי פלעגט איינפאַך משוגע ווערן פון ליבע. אירע צאַרטע רייד, איר האַלדז און קושן איז אוממעגלאַך איבערצוגעבן. שטאַרבן קען מען פון זיי! גאַנצע נעכט פלעגן מיר אין גאָרטן זיצן, צוגעדריקטע איינער צום צווייטן, און וויינען פאַר גליק. דו פאַרשטייסט עס? זיצן און וויינען...

חיים האָט פאַרוואונדערט געקוקט אַף וואַניאַ׳ן און ענדלאַך, מיט צווייפל, אַ הייב געטאָן מיט די פּלייצעס.

— וואָס, דו גלייבסט ניט?! — האָט דער ציגיינער פּלוצלינג בייז אַ קוק געטאָן אַף אים, און זיינע געדיכטע ברעמען האָבן זיך צוזאַמענגעשלאָסן איבער דער נאָז — דו גלייבסט ניט, אַז זי האָט מיך ליב? דו מיינסט, איך נאַר דיך? כ׳בין אַ ליגנער?!

— זע נאָר, ווי ער האָט זיך עס אָנגעצונדן — האָט חיים זיך צולאַכט — ווער האָט דיר געזאָגט, אַז איך גלייב דיר ניט? אַ חידוש איז עס מיר אַביסל יאָ, וואָס זי, אַזאַ שיינע, אַזאַ געזונטע, האָט זיך אין דיר פאַרליבט. אָבער אַף דער וועלט מאַכט זיך אַלעס.

— יאָ, יאָ, אַף דער וועלט מאַכט זיך אַלעס! — האָט וואַ־

ניא אונטערגעכאפּט. — גאַנצע נעכט פלעגן מיר אין גאָרטן זיצן, צוגעדריקטע איינער צום צווייטן, און וויינען פון גליק. פאַר־שטייסט? — וויינען!

וואַניא האָט פאַרדעקט דאָס פּנים מיטביידע הענט און זיך צוכליפּעט — — — — — — — — — — — — — — — — —
— — — — — — — — — — — — — — — — — — — —

און די פרילינגס־טעג זיינען געלאָפן. אַלע פרימאָרגן און פאַרנאַכט פלעגט די זון אויפגיין און פאַרגיין, באָדנדיק די ווייסע שניי־בערג אין טייכן רויט־ברוינעם גאָלד. און די עט־וואָס צושיטערטע ביימער זיינען וואָס אַ טאָג אַלץ גרינער און געדיכטער געוואָרן, און דער רויש פון די לויפנדיקע „אריקן" (טייכלאך) האָט גענומען קלינגען אַלץ פאַר'חלומ'טער, אַלץ מער עפּעס צוזאָגנדיקער.

אַלע צוויי וואָכן פלעגט וואַניא קריגן אַ בריוו פון דער היים. און פּונקט ווי יעדער בריוו וואָלט אַ פּיאַווקע געווען און זיין בלוט געזויגן, אַזוי פלעגט ער יעדעס מאָל אַלץ בלייכער ווערן און אַ טאָג אָדער צוויי נאָכדעם ארומגיין, ווי אַ פאַרלאָרענער.

דעם ענטפער אויף דעם בריוו האָט ער, געוויינלאך, געשריבן ערגעץ־וואו, פאַררוקט אין אַ ווינקל, און חיים האָט פון וויטנס ניט איינמאָל געזען, ווי ער ווישט די טרערן.

כמעט אַלע פאַרנאַכט פלעגן זיי זיצן אויף דער פעסטונג־וואַנט, באַגלייטן דעם אָפּגייענדיקן טאָג, און דער ציגיינער פלעגט אומדערמידלאך דערציילן, ווי גוט, שיין און פרום זיין נאַסטיא איז, ווי שטאַרק זיי ליבן זיך, און וואָס פאַר אַ הייסע, וואַנזיניקע בריוו זי שרייבט אים.

און חיים האָט דערביי ניט איינמאָל געטראַכט, אַז ס'איז טאָקע נאָך אַלעמען גאָר קיין תכלית ניט ארומצובלאָנדזשען דאָס גאַנצע לעבן, ווי אַן איינזאַמער הונט, און זוכן פרעמדע ווייבלאך און אויסגעלאַסענע מיידלאך. און ער האָט פעסט באַשלאָסן, אַז גלייך, ווי ער קומט אהיים פון דער דינסט, וועט ער זען וואָס גיכער חתונה האָבן און ווערן אַ שטיקל מענטש.

אין מיטן זומער איז וויינשטיין פּלוצלינג קראַנק געוואָרן. אַ גאַנצן טאָג האָט אים גאָרניט געפעלט, באַנאַכט אָבער פלעגט ער שטאַרק שוויצן, און ס'האָט אים געוואָרפן, ווי אין אַ קדחת. ער האָט גענומען מאָגער ווערן, און די אויגן זיינען אים טיף אַריין אין קאָפּ.

דער דאָקטאָר אין לאַזאַרעט האָט גלייך אויסגעפונען, אַז ער האָט די „מאַלאַריע" (אַ פיבער־קראַנקהייט), און דאָס איינ־ציקע, וואָס קען אים העלפן, איז, ער זאָל גלייך פאַרלאָזן דעם געגנט. גיך האָט מען אים, נאָך אַ מעדיצינישער אונטערזוכונג, באַפרייט פון דער דינסט אויף אַ יאָר.

דערהערנדיק וועגן דעם, איז דער ציגיינער צוערשט ווילד געוואָרן פאַר פרייד, באַלד אָבער האָט זיך זיין פּנים מיט אַ טרויער פאַרצויגן. ער האָט זיך דערמאָנט, אַז ער פאַרלירט אין וויינשטיינ'ען ניט נאָר אַ פריינט, נאָר אויך אַ באַשיצער. חיים'ס צוויי געזונטע פויסטן זיינען שטענדיק געווען פאַרטיק צו פאַרטיידיקן דעם שוואַכן, טרויעריקן וואַניאַ'ן, פון וועמען די גאַנצע ראָטע האָט ליב געהאַט חוזק צו מאַכן.

וויינשטיין אַליין האָט ניט ערוואַרטעט אַזאַ גליק און איז די ערשטע פּאָר טעג, נאָכדעם ווי מען האָט אים אָנגעזאָגט די גוטע נייס, אַרומגעגאַנגען ווי אַ צוטומלטער. אַ קלייניקייט. ז'יין פריי אַ גאַנצן יאָר, וועלכער וועט אין דער זעלבער צייט צוגערעכנט ווערן צו זיין דינסט.

ער האָט גלייך געשריבן אַהיים און זיך גענומען פאַרטיק מאַכן אין וועג אַריין.

דעם לעצטן אָוונט פאַר'ן אָוועקפאָרן, זיינען זיי, ווי שטענדיק, געזעסן אויף דער פעסטונג־וואַנט, געקוקט אויף די בערג און טרויע־ריק געשוויגן.

— וועסטו, הייסט עס, גיך זיין אין דערהיים — האָט וואַניאַ אַ טיפן זיפץ געגעבן — וועסט אַרומשפּאַצירן איבער די היימישע גאַסן, פאַרבייגייען מיין הויז, זען מיינע עלטערן, נאַס־טיען...

— יאָ, — האָט חיים אויך אַ זיפּץ געטאָן — סיידן ס'וועט עפּעס מיט מיר אפּ'ן וועג טרעפן. אויב דו ווילסט, שרייב אַן אַ בריוו אָדער גיב אַזוי עפּעס איבער דיינע עלטערן. איך וועל דאָס ערשטע זיין באַ זיי.

וואַניאַ האָט געשוויגן אַ פּאָר מינוט, דערנאָך, עפּעס ווי אינגאַנצן גלייכגילטיק, אַ זאָג געטאָן:

— יאָ, איך האָב דיך טאַקע געוואָלט בעטן עס צו טאָן.

— נו, זאָג, וואָס זאָל איך זיי איבערגעבן? אפשר דער־ציילן נאַסטיע'ן, וואָס פאַר אַ נאַר דו ביסט, ווי דו האָסט זיך נעדרייט אַ גאַנצן חודש ארום מאַניע'ן און זיך צו איר אפילו ניט צוגערירט? צו דיך גאָר אפשר פאָרשטעלן פאַר אַ סאָלדאַט אַ העלד?

וואַניאַ האָט לאַנג ניט געענטפערט. זיין פּנים איז געווען בלאַס, און ער האָט אַלעמאָל גענעצט די טרוקענע ליפּן. דערנאָך האָט ער אַ טיפן זיפּץ געגעבן, די אונטערשטע העלפט פון זיין פּנים האָט זיך פּלוצלינג קאָנוואולסיוו אויסגעקרימט, און ער האָט מיטאַמאָל אַ זאָג געטאָן, קוקנדיק אָן אַ זייט:

— איך מוז דיר זאָגן, וויינשטיין, אַז... אַז איך האָב די לעצטע צייט ניט געוואוינט מיט נאַסטיע'ן צוזאַמען.

וויינשטיין האָט ברייט צועפנט די אויגן:

— וואָס מיינסטו, ניט געוואוינט צוזאַמען?

— איך מיין, אַז... זי איז גלייך נאָך דער חתונה אַוועק פון מיר.

— אַזוי גאָר? פאַרוואָס?

וואַניאַ האָט געשוויגן.

— נו קום שוין ארויס מיט'ן גאַנצן אמת, — איז חיים צוגעשטאַנען. — לאָמיך וויסן אַף וואָס פאַר אַ וועלט איך גע־פין זיך.

— זי האָט מיך פיינט געהאַט. זי האָט אינגאַנצן ניט געוואָלט פאַר מיר חתונה האָבן. אָבער איר פאָטער האָט זי געצוואונגען.

— הייסט עס, אַז אַלע דיינע געשיכטעס וועגן אייער ליבע און זיצעניש אין גאָרטן זיינען ניט מער געווען, ווי... אויסגע־טראַכטע מעשיות?

וואַניאַ האָט ניט געענטפערט. זיין קאָפּ איז געווען טיף געבויגן.

וויינשטיין האָט נאָכגעטראַכט אַביסל און פאַרשטאַנען. ער האָט אַ זיפץ געטאָן און געזאָגט:

— אויב אַזוי, האָב איך דאָך אינגאַנצן ניט וואָס צו איר צו גיין.

— ניין, ניין! — האָט זיך וואַניאַ אַ כאַפּ געטאָן — דו מוזט זי זען, איר דערציילן, אַז איך בין געזונט, פריילאַך, בין אַ גוטער, בראַווער סאָלדאַט. זי האָט זייער פיינט טרויעריקע און קראַנקע.

— אָבער וואָס גייט עס דיך אָן, וואָס זי האָט ליב און וואָס זי האָט פיינט?

— וויינשטיין, טו עס, איך בעט דיך! — וואַניע'ס אויגן זיינען פול געווען מיט טרערן.

— גוט, איך וועל עס טאָן. אָבער איך זע קיינע נוצן ניט דערפון.

— דו קענסט זי ניט, וויינשטיין, דערפאַר פאַרשטייסטו עס ניט. אמת, זי איז טאַקע אַ סטערווע, אַן אויסגעלאַסענע, האָט געליבטע אָן אַ צאָל, אָבער אַ האַרץ האָט זי אַ גאָלדנס. די ערשטע נאַכט נאָך דער חתונה האָט זי שוין געוואָלט אַוועק פון מיר. בין איך אָבער צו אירע פיס געפאַלן, ווי אַ קליין קינד געוויינט. האָט זי רחמנות געהאַט און מיט מיר צוויי וואָכן געוואוינט. אַלע נאַכט פלעגט זי וויינען, פון רחמנות, זיך אָפּגעבנדיק מיר און מיך אַזוי קושן און צערטלען, אַז כ'פלעג דערנאָך גאַנצע טעג ליגן אָן כח. איך בין ווי אַ שטרוי געווען, און זי — ווי אַ פייער. דערנאָך איז איר רחמנות אין האַס פאַרוואַנדלט געוואָרן. זי איז אַוועק פון דערהיים און זיך באַ פרעמדע געשטעלט דינען. איך פלעג אַלע טאָג קומען צו איר.

זי פלעגט מיך אָבער טרייבן פון זיך, ווי א הונט. אין זעקס חדשים ארום האָט זיך ווידער דערוועקט אין איר דער רחמנות, און זי איז איינמאָל אַליין געקומען. איך האָב געמיינט, איך וועל פון זינען אראָפּ פון גליק. זי איז אָבער געווען מיט מיר בלויז פינף טעג און איז ווידער אוועק.

— הייסט עס, ניט פון איר פלעגסטו אַלע צוויי וואָכן דיינע בריוו קריגן? — האָט נאָך א שטיל־שווייגן חיים געפרעגט.

— ניין, פון מיינע עלטערן.

א לאַנגע פּאַוזע.

— וואָס־זשע, וואַניא, ווילסטו, זאָל איך טאָן פאַר דיר?

— זאָלסט זיך זען מיט נאַסטיע׳ן, מיך אויסלויבן אביסל פאַר איר, איר געבן מיין בילד, וואו איך שטיי מיט דער ביקס אין האַנט, און בעטן, זי זאָל מיר אַליין כאָטש עטלאַכע ווערטער אָנשרייבן. און אפשר... אפשר וועט זיך איר גאָר פאַרוועלן אראָפּקומען אביסל אהער, צו מיר? און מעגלאך דו וועסט קענען ווירקן אף איר, זי זאָל זיך אויפפירן אביסל אנשטענדיקער. מיינע עלטערן שרייבן, אז זי איז גאָר אראָפּ פונ׳ם וועג, אז זי...

— ער האָט אָפּגעקערט דעם קאָפּ.

— גוט, — האָט חיים א זיפץ געגעבן, — איך וועל עס טאָן.

— ניין, גיב מיר דיין האַנט, אז דו וועסט עס ניט אָפּלייגן אף לאַנג.

ווייַנשטיין האָט איהם די האַנט געגעבן:

— מיין וואָרט איז הייליק, וואַניא! — — — — — — — —

— — — — — — — — — — — — — — — —

אפ׳ן צווייטן פאַרנאַכט, ווי ווייַנשטיין איז אהיים געקומען, איז ער אוועק זען נאַסטיע׳ן אפ׳ן פּלאַץ, וואו זי האָט געדינט. זיין יעדער ארויסטריט אין גאַס האָט געצויגן אַלעמענס אויפמערקזאַמקייט: א הויכער, שיינער סאָלדאַט, אין א „האַקי״ רעקל מיט העל־רויטע, צום פּוס געפּאַסטע, הויזן און א ווייסן,

עטוואָס אַף דער זייט זיצנדיקן היטל. די דינסטן האָבן אים געמאַכט חנ'דלאַך און אָפּן געזוכט זיין באַקאַנטשאַפט.

אַריינקומענדיק אין הויף, וואו נאַסטיאַ האָט געדינט, איז ער שטיין געבליבן און זיך גענומען אַרומקוקן. אין איין עק הויף האָט אַ טשאַטרע אינגלאַך געשפּילט מיט קנעפּ. רעכטס איז אַף אַ גאַניק געשטאַנען אַ פּרוי, אין אַ העל־בלויען קליידל, און זיך געקעמט. וויינשטיין האָט זיך געלאָזט גיין צו איר.

זי האָט אים באַמערקט פון ווייטנס, זיך אויפגעהערט צו קעמען און געוואַרט, מיטביידע הענט אונטערשפּאַרנדיק די זייטן. אַ נייגעריקער, עטוואָס חוצפּה'דיקער שמייכל איז געלעגן אַף אירע פולע זאַפטיקע ליפּן, זיך צושפּרייטנדיק איבער איר טונקעלן פּנים און בראָנז־רויטע באַקן. אין אירע שוואַרצע אויגן האָבן זיך גנבה'שע פייערלאַך געצונדן. איר גאַנצע פיגור האָט אויסגעדריקט אַן אויסערגעוויינלאַך שאַרפע רייפקייט, און איר יעדע באַוועגונג האָט אַנגעפּילט די לופט אַרום מיט באַגער און אויפרעגונג.

— אַך, דער רוח זאָל זי נעמען, איז דאָס אַ פרוי! — האָט וויינשטיין אַ טראַכט געטאָן, און אַ געדאַנק איז פּלוצלינג דורכ־געלאָפן — מעגלאַך, דאָס איז זי טאַקע, נאַסטיאַ?

— ווייסט איר ניט, וואו עס דינט דאָ נאַסטיאַ זוגאַוו? — האָט ער אַ פרעג געטאָן, בלייבנדיק שטיין הארט באַם גאַניק.

דער פרוי'ס אויגן האָבן זיך ברייט און פאַרוואונדערט צו־עפנט:

— נאָך וואָס דאַרפט איר זי?

— איך וויל איר איבערגעבן אַ גרוס פון איר מאַן.

אַ שאָטן איז אַריבער דער פרוי'ס פּנים. דער שמייכל איז פאַרשוואונדן פון די זאַפטיקע ליפּן, די אויגן האָבן אָנגענומען אַ טרויעריקן, עטוואָס פאַרדריסלאַכן אויסדרוק. אַ ווײַלע איז זי געשטאַנען שטיל, ווי נאָכטראַכטנדיק עפּעס, דערנאָך צוגע־גאַנגען צום פאַרענץ פון'ם גאַניק.

— דאָס בין איך, נאַסטיאַ. — האָט איר געדינט צוזאַמען מיט אים?

— יאָ, מיר האָבן זיך באַפריינדעט נאָך פאָרנדיק אין באַז, און אין קאַזאַרמע זיינען אונזערע בעטלאַך געשטאַנען איינס נעבן צווייטן.

— נו, ווי פילט ער דאָרטן?

— זייער גוט. איז אַ גאַנצער העלד געוואָרן. איר וואָלט אים ניט דערקענט, ווען איר זעט אים.

— אַזוי? — זי האָט צוויפלהאַפט אַ שמייכל געטאָן.

„אַך, צו אַלדי שווארצע יאָר! דאָס דאַרף זיין אַ טייוול, ניט קיין פרוי! — האָט וויינשטיין אַנטציקט געטראַכט, וואָרפנ־דיק הינטערווייל־אַכץ זשעדנע בליקן אַף דער ציגיינערקע. — „אַך, גאָטעניו, זיסער, איז דאָס אַ נאַסטיאַ, הלואי אַף מיר גע־זאָגט געוואָרן!“ — און ער האָט צוגעגעבן:

— איר וואָלט באַדאַרפט זען וואַניע׳ן. ער איז אַזוי גע־זונט און שטאַרק געוואָרן, אַז איך אַליין וואָלט זיך אַנטזאָגט מיט אים צו שלאָגן! — ער האָט גלייך פאַרשטאַנען, אַז ער האָט אַריבערגעכאַפּט אַביסל די מאָס, אָבער זיך שוין ניט גע־קענט צוריקכאַפּן.

זי האָט אים באַטראַכט פון קאָפּ ביז די פיס און זיך צולאַכט:

— אַזוי הייסט עס? איז ער דאָרטן אַ גאַנצער העלד גע־וואָרן? אפילו אייך געקענט שלאָגן?

דער שטן פון איר פּנים איז שוין אינגאַנצן פאַרשוואונדן. די שווארצע אויגן האָבן, ווי פריער געגומען שפּילן.

— נו, און וואָס זייט איר פּלוצלינג אַהיימגעקומען?

— נאָך אייך זיך פאַרבענקט! — האָט זיך וויינשטיין צולאַכט.

זי האָט אַף אים געוואָרפן אַ שנעלן בליק, ווי עפּעס אויס־געמאָסטן, און אַ פאַרפירערישער שמייכל האָט אַ הייב געטאָן אירע זאַפטיקע ליפּן.

— ניט שלעכט! — האָט זי, לאַכנדיק, געענטפערט. — איצט דאַרף מען בלויז זען, צי איך וועל זיך נאָך אייך פאַר־בענקען. — אירע אויגן זיינען עטוואָס קלענער געוואָרן, קלענער, פייכטער און צוזאָגנדיקער.

— וואַניאַ האָט מיר געהייסן זייער פיל זאַכן אייך איבער־געבן — האָט וויינשטיין אָפּגעזיפצט און אַ טראַכט געטאָן: „ס׳איז איינפאַך געפערלאַך נאָענט נעבן איר צו שטיין: אַן אמת׳ער טייוול“.

— פלעגט ער אייך אָפט ווענן מיר דערציילן? — זי האָט איבערגעכאַפּט זיין בליק אויף איר בוזים, און אַ קוים מערקבאַ־רער, צופרידענער שמייכל האָט לייכט אַ ריר געטאָן די ווינקלען פון איר מויל.

— יאָ, זייער אָפט. מיר פלעגן אַמאָל, ריידנדיק וועגן אייך, פאַרברענגען ביז האַלבע נאַכט. — ער האָט געוואָלט דערציילן וועגן וואַניע׳ס ליבע צו איר, וועגן זיינע בקשות זי זאָל צו אים קומען, אָבער עפּעס האָט אים אָפּגעהאַלטן. ער האָט געענדיגט: — ער רעכנט, איר וועט אפשר קומען צו פאָרן צו אים.

— איך צו אים? — זי האָט פאַרוואונדערט צוענגט די אויגן און זיך צולאַכט אַפ׳ן קול.

וויינשטיינ׳ען האָט הנאה געטאָן פון איר געלעכטער, אָבער דער שפּאָט, וואָס האָט אַזוי אומפאַרשעמט אין איר שטימע געקלונגען, האָט אים אין דער זעלבער צייט אויך באַליידיקט. וואַניע׳ס אויגן, פול מיט טרערן, האָבן אַ שוועב געטאָן פאַר אים, און אין זיין זכרון האָבן אָפּגעקלונגען זיינע טרויעריקע, אויסגעטראַכטע מעשה׳לאַך וועגן ניט געשטויגענעם גליק מיט נאַסטיע׳ן, ווען זיי פלעגן ביידע גאַנצע נעכט זיצן אין גאָרטן אונטער אַ בוים און וויינען פון גליק.

ער האָט אומצופרידן אַ זאָג געטאָן:

— ווען איך בין אויף אייער אָרט, וואָלט איך פון דעם אַזוי ניט געלאַכט.

— פאַרוואָס? — זי האָט חוצפּה'דיק אַ רוק געטאָן אַף פּאַראויס איר הויכע ברוסט און העכער אויפגעהויבען דעם קאָפּ.

— ווייל ער ליבט אייך אזוי, ווי קיין מאַן וועט אייך זיכער אין אייער לעבן ניט ליב האָבן.

— אָבער וואָס האָב איך פון דעם? — זי האָט אים שאַרף אין די אויגן אריינגעקוקט.

— ער פאַרגעטערט אייך!

— דאָס וועט מיר אפשר צונויץ קומען אין פופציק יאָר ארום — האָט זי אַ שמייכל געטאָן — דערווייל אָבער דאַרף איך האָבן אַ מאַן, ניט קיין צוקוואַטשעטן עפּל!

דאָס וואָרט „מאַן" האָט זי אונטערגעשטראָכן, און איר בליק האָט דערביי אַ פרעכן לאַך געטאָן, און די ליפּן האָבן זיך מיט אַ לייכטן, אויפרעגנדיקן ציטער עטוואָס צושפּרייט.

וויינשטיין'ען האָט אַ קלאַפּ געטאָן אין הארצן. זיינע ליפּן האָבן זיך געגן זיין ווילן אויך עטוואָס צונומען און גענומען פּולסירן מיט'ן זעלבן פלאַטער, ווי אירע.

— צו וואָס האָט איר חתונה געהאַט מיט אים? — האָט ער שוין ווייכער געפרעגט, פילנדיק, ווי וואַניע'ס שאָטן פאַר־שווינדט אין אַ כוואַליע פייערדיקער רויטקייט, וואָס רייסט זיך פון יעדן גליד פון אָט דער אויפרעגנדיק שיינער פרוי פאַר אים.

— דאָס האָט מען באַדאַרפט פרעגן מיין משוגענעם טאַטן און אויך זיינעם — האָט זי שוין אינגאַנצן רואיק געענטפערט— אַלטע אייזלען, וואָס האַלטן פון זייערע צוזאָגן מער, ווי פון אַלץ אין דער וועלט.

— וואו איז אַצינד אייער פאָטער?

— זיך שוין אָפּגעטראָגן.

ביידע האָבן געשוויגן אַ פּאָר מינוטן, אָבער זייערע הייסע בליקן האָבן ווי באַטאַפּט און אויסגעפאָרשט איינער דעם צווייטן.

— הערט, נאַסטיע, — האָט וויינשטיין דער ערשטער גע־זאָגט — ניט איך קען, ניט איך וואָלט געוואָלט אייך צווינגען צו ליבן וואַניע'ן אָדער פאָרן צו אים. ער איז אָבער מיינער

א גוטער חבר, און איך האָב אים געגעבן מיין ערן־וואָרט אייך צו זען און וועגן אים אייך צו דערציילן.

— דאָס ווייזט, אז איר זייט א גוטער חבר, און מען קען זיך אַף אייך פארלאָזן — האָט זי מיט א צארטן שמייכל גע־זאָגט — איך בין אים זייער דאנקבאר, וואָס ער האָט מיט אייך צוגעשיקט א גרוס. מעגלאָך, איך וועל אים קומענדיקע וואָך אָנשרייבן א בריוו. אָבער נאָך בעסער, ווען איר וועט שרייבן, ברענגט מיר אייער בריוו, וועל איך צושרייבן א גרוס. אָבער — זי האָט זיך צוגערוקט אביסל נענטער און אים שטיפעריש אין די אויגן אריינגעקוקט — אָבער פארוואָס ריידן מיר בלויז וועגן אים? נו, און וועגן זיך אליין האָט איר מיר גאָרניט וואָס צו דערציילן?

ער האָט זיך צולאַכט און אינגאנצן זיך צוגערוקט צום באלקאָן:

— זייער א סך, נאסטיענקא, אָבער צוערשט קומט וואַניא.

— אָך, וואָס פאר א טרייער חבר איר זייט! — האָט זי האַלב אין שפּאַס, האַלב־ערנסט אויסגעצויגן.

— מיר סאָלדאטן מוזן פארטיידיקן איינער דעם צווייטן ביז'ן לעצטן טראָפּן בלוט! — האָט וויינשטיין זיך צולאַכט.

— נאסטיא! — האָט זיך א פרוי'ס שטימע פון הויז דערטראָגן.

— די בעל־הבית'טע רופט מיך — האָט זי שטילער א זאָג געטאָן, און ווי געוואַרט אַף עפּעס.

— וואו־זשע קען איך אייך זען? — האָט ער זיך א כאַפּ געטאָן.

— אויב איר זייט ניט פארנומען, וואַרט אַף מיר היינט, זיבן אזייגער, דאָ, אַנטקעגן הויז, וועלן מיר אין שטאָט־גאָרטן צוגיין אביסל שפּאצירן.

— גוט, איך וועל זיכער וואַרטן! — ער האָט איר די האַנט געגעבן און פאַרהאַלטן, שטאַרק דריקנדיק, איר האַנט אין זיינער. זי האָט צופרידן געשמייכלט.

פאר'ן ארויסגיין פונ'ם הויף, באם טויער, האָט ער אויס־גערדרייט דעם קאָפּ אַף צוריק. נאַסטיאַ איז געשטאַנען באַ דער טיר און אים נאָכגעקוקט. ער איז שטיין געבליבן און אַ מאַך געטאָן צו איר מיט דער האַנט. זי האָט אים געענטפערט, אַ מאַך טוענדיק מיט אַ ווייס טיכאַלע אין דער לופטן, דערנאָך צוגעלייגט די פינגער פון איין האַנט צום מויל און אים אַ וואָרף געטאָן אַ לופט־קוש.

— אָך, דער טייוול זאָל דיך נעמען! — האָט וויינשטיין פאַר זיך אַ זאָג געטאָן — שוין איינמאָל אַ ציגיינערין! ווי צינדט זיך עס די גאַנצע הויז ארום איר ניט אָן?!

ער האָט צוגעלייגט די האַנט צום דאַשיק, איר אָפּגעבנדיק מיליטערישן כבוד, און איז אַרויס פונ'ם הויף.

עס האָט גענומען צוויי וואָכן, ביז וויינשטיין האָט ענדלאַך אָנגעשריבען וואַניע'ן אַ בריוו.

אַ גאַנצן טאָג איז ער געווען פאַרנומען אין דער שניט־קראָם, וואו ער האָט צוריקגעקראָגן זיין אַלטע שטעלע. אַהיימ־קומען פלעגט ער יעדע נאַכט זייער שפּעט פון נאַסטיע'ן אַ מידער פון אירע לייִדנשאַפטלאַכע אומאַרמונגען און בלוט־זויגנ־דיקע קושן.

ער האָט זיך שוין ניט איינמאָל צום טיש געזעצט און אָנ־געהויבן דעם בריוו, אָבער אים פאַרטזעצן האָט ער ניט געקענט: עפּעס האָט געשטערט, עפּעס איז געשטאַנען אין וועג. די שווארצע אָנגעשריבענע שורות האָבן געלאַכט פון אים און יעדעס וואָרט איז ווי געשטאַנען אַף אַ פרעמדן פלאַץ און עפּעס באַ־האַלטן אונטער זיך.

ער האָט ניט געקענט באַגרייפן וואָס מיט אים קומט פאָר. זיין איינפאַכער געוויסן האָט אַף זיך קיין שולד ניט געפילט. זיין קלאָרער פארשטאַנד האָט רעכטפאַרטיקט זיין האַנדלונג געגן וואַניען און דאָך האָט עפּעס געשטערט זיך אַוועקצוזעצן און שרייבן.

ער האָט עטלאַכע מאָל געפּרוּווט זיך אַריינטראַכטן אין

זיינע טאטן, געוואָלט זיך אליין ווי אין עפּעס כאַפּן און ניט געקענט. באַגייט ער עפּעס אַ פאַרברעכן געגן זיין פריינט, זיך טרעפנדיק מיט נאַסטיען? ניין: ער נעמט ניט צו יענעמס ווייב. זי וואוינט סיי ווי סיי ניט מיט אים. ווען ניט ער, וויינשטיין, וואָלט זי זיכער אַן אַנדערן געהאַט. און אפשר האָט זי איינעם? ווער ווייסט. זי איז זיכער ניט געזעסן און גע־וואַרט אַף אים. און אחוץ דעם איז ער, דער שוואַכער, שטילער וואַניא, סיי ווי ניט פאַר איר: זי וואָלט אים אין אַ פּאָר מאָ־נאַטן פאַרברענט מיט איר וואַנזיניקער ליידנשאַפט. זיי האָבן זיך צושיידט שוין מאָנאַטן־לאַנג און דאָס וואָס וואַניא האָט זי נאָך אַלץ ליב, פאַרפליכטעט אים לחלוטין צו גאָרניט. אמת, ער האָט זיך מיט איר געטראָפן אַלס שליח פון אים, אָבער ער האָט זיין שליחות אויסגעפירט; איר דערציילט אַלץ, וואָס יענער האָט אים געבעטן. ניין, ס'איז ניט זיין שולד וואָס זי ליבט ניט דעם ציגיינער, לאַכט זיך פון אים אויס. פאַרקערט, זי האָט אים צוגעזאָגט אָנשרייבן וואַניען אַ גוטן בריף און אים אַביסל באַרואיקן. אַ נאַר וואָלט ער געדאַרפט זיין זיך צו אַנטזאָגן פון אַזאַ וואונדערלאַכער פרוי צוליב אַ פּוסטן, אַף גאָרניט באַגרינ־דעטן געפיל.

צום סוף פון דער צווייטער וואָך האָט ער איין מאָל שפּעט באַנאַכט ענדלאַך אָנגעשריבן אַ בריף:

„ליבער פריינט וואַניא! אַנטשולדיק וואָס כ'האָב דיר ניט גלייך אָנגעשריבן קיין בריוו. איך בין געווען שטאַרק פאַרנומען. איך קען דיר שרייבן, אַז איך בין געווען באַ נאַסטיען און זיך אויך נאָכדעם מיט איר עטלאַכע מאָל געזען".

די ווערטער: „עטלאַכע מאָל" האָט ער פאַרשמירט און איבער זיי אָנגעשריבן: "איין מאָל". ער האָט איבערגעלעזן די עטלאַכע שורות און ווייטער געשריבן:

„איך האָב איר אַלץ איבערגעגעבן פּונקט אַזוי, ווי דו האָסט מיך עס געבעטן צו טאָן און... איך מוז דיר זאָגן דעם אמת, אַז צוערשט איז זי אַביסל טרויעריק געוואָרן, אָבער זיך

גלייך בארואיקט. ווען כ׳האָב איר דערמאָנט וועגן פאָרן צו דיר, האָט זי זיך, דער טייוול זאָל זי נעמען, שטארק צולאכט. איך וואָלט זייער צופרידן געווען צו הערן, אז דו האָסט זיך שוין אביסל ארויסגעשלאָגן פונ׳ם מח און זיך געפונען דאָרטן עפּעס א געליבטע. וואָס, צום ביישפּיל, פעלט דער פעטער אַנושקא, וועלכע דינט באם ראָטנע, אָדער מיט וואָס איז ניט גוט די חנ׳עוודיקע טאַניא? פאָלג מיך, וואַניא, און ווער א מענטש גלייך מיט אַלעמען. איך מוז דיר אויך זאָגן, אז מיר איז גע־לונגען בא נאַסטיען צו פּועל׳ן, זי זאָל דיר אַליין אָנשרייבן א בריף. זי האָט מיר אויך צוגעזאָגט, אז מעגלאך ווען דו וועסט קומען צוריק פון דינסט, וועט זי נאָך אמאָל פּרואוון זיך צוזאַ־מענצוקומען מיט דיר. זי דינט אפּ׳ן אַלטן פּלאַץ, פילט גוט און איז שיין און געזונט. דיינע עלטערן זיינען געזונט, האָבן מיך פיין אויפגענומען און גריסן דיר. איך האָב געפונען א פּלאַץ אין א שניט־קראָם און ארבעט ווי פאַר דער דינסט. נו, טייערער וואַניא, בלייב געזונט און ווער א מענטש. גענוג ניט. קלייב אוים צווישן אַנושקע׳ן און טאַניע׳ן. גריס אַלעמען אין דער ראָטע און שרייב אַלע נייעסן.

דיין פריינד ח. ווײנשטײן.“

פּונקט מיט צוויי וואָכן שפּעטער האָט ער געקריגן וואַניע׳ס ענטפער:

„ליבער פריינט וויינשטיין. איך האָב געקריגן דיין בריף, און אים דורכגעלעזן ניט ווייניקער פון הונדערט מאָל. ליבער פריינט וויינשטיין, איך דאַנק דיר זייער וואָס דו האָסט געטאָן אַלעס וואָס איך האָב דיך געבעטן. איך מוז דיר זאָגן, אז וואָס מער איך האָב דיין בריף געלייענט, אַלץ מער בין איך געקומען צום שלום, אז דו ביזט געוואָרן מיין נאַסטיע׳ס געליבטער. איך וויל דיר זאָגן, ליבער פריינט וויינשטיין, אז מיר ווילט זיך איצט וויינען און לאַכן. וויינען, ווייל מיין ווייב איז דיין געליבטע, און זיך פרייען פון דער נקמה וואָס איך האָב אין מיטקא שוקינ׳ען, צו וועלכן זי איז אוועק גלייך פון מיר און וועלכן זי

נארט זיכער איצט מיט דיר. עך, פריינט, איך בין אַן אומ־גליקלאכער אַף דער וועלט געבוירן געוואָרן! פון תמיד אָן אַ שוואכער, אַ בלייכער, אַן איינזאמער. איך בעט דיך, וויינ־שטיין, לייקן ניט אָפּ דיינע באציאונגען צו נאסטיע׳ן. איך בעט דיך, שרייב מיר דייטלאך ארוים ווי אזוי זי זעט אויס, די שלאנג, די פאדליוגע — מיין נאסטיענקא. איז איר קערפּער און פּנים נאָך אַלץ אזוי ווי טייערער בורשטין און די אויגן און האָר פינקלען נאָך אַלץ פון שווארצקייט? זיינען נאָך אַלץ אירע ליפּן אזוי זאפטיק און רונד און די באקן בראָנז־רויט? איז איר בוזים נאָך אַלץ אזוי שטייף און די הענט און פיס אזוי קיילעכדיק און ווייך, אז ס׳זאָל זיך גלוסטן פון זיי שטיקער מיט די ציין צו רייסן? אך, וויינשטיין, דערוואַרגן זאָלסטו זיך מיט איר, דו הינטישער זון! דו ווייסט דאָך גאָר ניט וואָס פאר א טייערע בעסטיע זי, נאסטיענקא, איז! אך, ווען איך וואָלט זי אַף שטיקער געקענט צושניידן, אַף שטיקער מיט אייך דאָרטן אַלע־מען צוזאמען! איך גלויב זי וועט מיר, אפשר, איצט אָנשרייבן א בריף. אָבער זי וועט עס טאָן צוליב דיר. איך בין פאר איר גאָרניט. ענטפער גלייך, אויב דו ווילסט איך זאָל פון זינען ניט אראָפּ. וואָס דאַרף מיר, אייגנטלאך, אַרן, צי דו ביזט איר גע־ליבטער, צי א צווייטער?! ניין, טאַקע בעסער דו, מיין פריינט, מיט וועמען כ׳האָב אזוי פיל צרות איבערגעטראָגן. האָב רחמנות, וויינשטיין, שרייב דעם אמת. די נקמה אָן מיטקא שוקינ׳ען פארשאפט מיר א גרויסן פאַרגעניגן. איך וואָלט א שטיק לעבן אָפּגעגעבן אַבי צו זען זיין מערדעריש פּנים אין יענעם מאָמענט, ווען ער וועט אויסגעפינען דעם אמת! גאָט, ווי איך וואָלט בא דער זייט געוואָלט שטיין און עם צוקוקן! ער האָט מיך ניט איינמאָל געשלאָגן, ווען ער פלעגט מיך כאַפּן אים און נאסטיע׳ן נאָכשפּירנדיק. און וואָס האָט אזא גאָרניט, ווי איך, געקענט עפּעס אַנדערש טאָן, אַחוץ נאָכגיין זיי און צוקוקן ווי זיי האַלזן און קושן זיך?! אויב ער וועט דיך אמאָל טרעפן מיט איר און זיך א וואָרף געטאָן צו דיר זיך שלאָגן, האָב ניט קיין מורא: דו

קענסט דריי אזעלכע ווי ער בייקומען. היט זיך בלויז פאר זיין מעסער, וואס ער טראגט שטענדיק אין לינקן שטיוול. שרייב מיר, בייסט זיך נאך אלץ נאסטיענקא באם קושן זיך? אך, דער טייוול זאל זי נאר נעמען, די שלאנג! מיין גאנצן לעבן האט זי פארגיפטעט, און דאך האב איך זי ליב און וועל שוין פגר'ן אזוי! מיר גייט דאס לעבן אוים נאך איר, און זיין מיט איר דארפן אנדערע. אך, וויינשטיין, דערווארגן זאלסטו זיך מיט איר, דו הינטישער זון! נו, אנטשולדיק. איך בעט דיך, ענטפער גלייך און שרייב דעם ריינעם אמת!

דיין פריינט וואניא."

קריגנדיק דעם בריף איז חיים לאנג געשטאנען טיף פאר־טראכט, מיט פיינלאך פארביסענע ליפן און שאטנס האבן זיין פנים פארצויגן. דערנאך האט ער זיך אנטשלאסן צוגעזעצט צום טיש און האסטיק אנגעשריבן:

„ביזט גערעכט, ברודער וואניא, איך לעב מיט נאסטיע'ן! איצט, שוין קענענדיק זי, פארשטיי איך דיר פיל בעסער ווי פריער. איך גיב צו, זי קען פונ'ם זינען אראפפירן. איך האף מיט מיר וועט עס ניט געשען. אירע האר און אויגן פינקלען נאך אלץ פאר שווארצקייט. איר לייב און פנים זיינען ווי דער בעסטער סאמעט און די רויטע, זאפטיקע ליפן ברענען אוים שטיקער לעבן. אנטשולדיק וואס איך טו דיר וויי. כ'קען זיך אבער ניט העלפן: דו ווילסט דאך דעם אמת. גלויב מיר, וואניא, ניט אלץ גייט ווי מיר ווילן. כ'האב זיך אליין א ביסל פארפלאנטערט. איך האב זי ליב מער פיל ווי מען דארף אזעלכע ווי זי ליב האבן, אבער כ'קען זיך העלפן פונקט אזוי פיל ווי דו. נו, בלייב געזונט.

דיין ח. וויינשטיין."

פיר וואכן האט חיים געווארט אף א בריף און ערשט צום סוף פון דער פינפטער וואך ערהאלטן וואניע'ס ענטפער. יענער האט אים געשריבן:

„טייערער פריינט וויינשטיין! דיין בריף ערהאַלטן נאָך מיט צוויי וואָכן צוריק און דיר ניט גלייך געענטפערט, ווייל כ'בין געווען שטאַרק פאַרנומען. איך קען דיר שרייבן, ליבער פריינט וויינשטיין, אַז כ'האָב אָנגענומען דיין עצה און קלייב זיך אין עטלאַכע וואָכן אַרום חתונה צו האָבן. וואָס איז די נוץ פון אַרומגיין שטענדיק אַ צוקנייטשטער, אַ טרויעריקער, אַ „צו־קוואַטשטער עפּל", ווי נאַסטיאַ פלעגט מיך רופן. מענטשן האָבן ניט ליב קיין נעבעכלאַך און איך אַליין האָב זיך אויך דערפאַר פיינט געהאַט. איך זע דאָך קלאָר, אַז כ'וועל שוין ניט זען מער די שלאַנג, נאַסטקען, פונקט ווי מיינע אויערן. יעדער הונט, יעדער מערזאַוועץ קען זי קריגן, און איך ניט. וואָס קען מען זיך העלפן? מן־הסתם איז מיר אַזוי באַשערט. געדענקסט, ליבער פריינט וויינשטיין, ווי דו אַליין פלעגסט מיך מוסר'ן פאַר מיין שוואַכקייט און נאַכגעביקייט, פאַר מיין שטענדיקן טרויער און אָפטע טרערן. כ'האָב זיך אָבער ניט געקענט העלפן. איצט האָט אָבער גאָט רחמנות געהאַט און מיר צוגעשיקט זיין הילף.

ליבער פריינט וויינשטיין, קענסט זיך פאָרשטעלן ווי אַזוי איך האָב געפילט דערהאַלנדיק דיין בריף. בין איך יענעם טאָג אַזוי געלעגן אויף מיין בעטל אין קיך (איך דין שוין ווידער באַם ראָטנע אַלס דענשיק) און געוויינט. איז פאַרביי געלאָפן אַנושקאַ און געפרעגט וואָס ס'איז מיט מיר. האָב איך איר אַלעם דער־ציילט און געוויזן דעם בריף. און, וועסט מיר גלייבן, ליבער פריינט וויינשטיין, זי האָט זיך צעוויינט אַפּ'ן קול, מיך אַרומ־גענומען, צוגעדריקט צום האַרצן און מיך געקושט, פונקט ווי כ'וואָלט אַ קליין קינד געווען. עך, וואָס זאָל איך דיר שרייבן? כ'האָב זיך אין אירע ווייכע, וואַרימע אָרימס דערפילט אַזוי לייכט, פונקט ווי הונדערטער שווערע שטיינער וואָלטן מיט אַמאָל אַראָפּגעפאַלן פון מיין נשמה.

איך וועל עס מאַכן קורץ. אין צוויי חדשים אַרום וועלן מיר חתונה האָבן. זי האָט מיך ליב און איך זי אויך. איך האָב שוין אינגאַנצן מיין האָפנונג פאַרלוירן עס זאָל מיך נאָך ווער

אין מיין לעבן אביסעלע ליב האָבן. גלויב מיר, ווען דו זעסט מיך איצט, וואָלסטו מיך גאָרניט דערקענט. איך פיל זיך פונקט ווי גאָר א נייער מענטש, עפּעס א צווייטער וואַניא. נעכטן האָט מיר לוקאשקא פון דער דריטער ראָטע א זעץ געטאָן אין קאָפּ, דערפאר וואָס כ'האָב אים ניט געוואָלט העלפן איבערטראָגן זיין בעטל. מיינסטו אודאי, אַז כ'האָב אים אָפּגעשוויגן? האָסטו א טעות. כ'האָב אים דערלאַנגט צוריק אין דער מאָרדע אריין און מיר האָבן זיך גענומען שלאָגן. אמת, ער איז שטארקער און מיך גוט אָנגעקלאַפּט, אָבער דאָס איז גאָרניט: די קלעפּ וועלן זיך פארהיילן. דאָס וויכטיקסטע — איך האָב אים דערלאַנגט צוריק.

טייערער פריינט וויינשטיין, ווען דו הערסט איצט מיין פידל, וואָלסטו אים זיכער שוין ניט געוואָלט צוברעכן. אַנושקא קען זיך גאָר זאַט ניט אָנהערן מיט אונזערע בעסאראַביער ליד־לאך און גיט מיר א קוש פאר יעדן נייעם נגון. זי זאָגט, אַז דו ביסט א פּאָסקודניאַק, א פּאָדלעץ, און כ'זאָל דיר מער קיין וואָרט ניט שרייבן. וועגן נאַסטיען זאָגט זי, אַז זי איז א ביליקע פעל, וועלכע האָט מיך ניט דערוועדט. זי, אַנושקא, טרייבט איצט די סאָלדאַטן פון זיך, ווי די הינט, און האָט לעצטע וואָך דעם פעלדפעבל אַליין ארויסגעוואָרפן פון קיך. איטלאַכער ווייסט, אַז מיר וועלן אין גיכן חתונה האָבן. זי האָט אין באַנק 207 קערבל־לאך און וויל, אַז ווען איך וועל ענדיקן די דינסט זאָלן מיר זיך עפענען א שפּייז־קרעמל, טאַקע נעבן דער קאַזאַרמע.

נו, טייערער פריינט וויינשטיין, בלייב געזונט און גליקלאך. שרייב אָפטע בריף און לאָז מיר וויסן, ווען נאַסטיאַ וועט דיך אוועקוואַרפן. זי, ברודערקע, איינצוהאַלטן דאַרף מען האָבן א בלייענעם קאַנטשיק. האָסט שוין געהאַט א געשלעג מיט שור־קינ'ען? היט זיך פאַר זיין מעסער! ער האָט מיך ניט איין מאָל געשראָקן צו קוילענען, ווען כ'פלעג אים מיט נאַסטיען נאָכשפּיאָנירן. ענטפער גלייך.

דיין פריינט וואַניאַ.״

ווײנשטײן האָט צופרידן געשמייכלט. עס איז אים לײכ־טער געוואָרן אַפ׳ן האַרצן. און באַנאַכט, האַלטנדיק נאַסטיען שוין אַ האַלב נאַקעטע בא זיך אַפ׳ן שויס האָט ער זיך דערמאָנט וועגן בריף און צווישן איין קוש און דעם צווייטן איר געזאָגט:

— ווייסט, נאַסטיע, כ׳האָב פאַר דיר אַ גוטע גיים!

— וואָס איז געשען, טייערער?

— כ׳האָב היינט אין דער פרי דערהאַלטן פון וואַניען אַ בריף.

איר אונטערשטע ליפּ האָט זיך גלייכגילטיק אַ רוק געגעבן אַף פאָראויס.

— נו, וואָס שרייבט ער? ווײנט נאָך אַלץ?

— ניין. אַ העלד מיט אַמאָל געוואָרן!

זי האָט פאַררויכערט אַ סיגאַרעט און פאַרוואָרפן איין האַנט אַרום ווײנשטײן׳ס האַלז:

— דו שפּאַסט!

— כ׳מיין עס ערנסט.

— וואָס איז דען געשען?

— ער האָט אָנגענומען מיין עצה און כ׳האָף ער וועט אפשר איצט שוין ווערן אַ שטיקל מענטש.

— אין וואָס איז באַשטאַנען דיין עצה?

— ער זאָל זיך אויסזוכן אַ געליבטע. כ׳האָב אים אפילו אָנגעוויזן אַף אַנושקע׳ן, דעם ראָטנע׳ס דינסט.

נאַסטיאַ האָט זיך שנעל אויסגעדרייט: — דו לאַכסט?

— איך זאָל אַזוי לעבן, ווי ס׳איז אמת! כ׳וועל דיר ברענ־גען דעם בריף. זיי וועלן אין גיכן חתונה האָבן.

נאַסטיאַ האָט זיך האַסטיק אויפגעהויבן פון זיינע קני, אירע אויגן האָבן זיך אָנגעצונדן:

— וואָס פאַר אַ פּאַסקודנער, לויזיקער הונט דיין פריינט וואַניאַ איז! — האָט זי גענומען כמעט ווי שרייען, נערוועז צוקלאַפּנדיק מיט׳ן רעכטן פוס. — יעדע פאַרשיווע האַנט, וואָס שטרעקט זיך נאָר אויס און גיט אים אַ גלעט, איז ער פּאַרטיק

צו לעקן! אזא פאדליעץ! און שפילט נאך די ראלע פון א היים-פארליבטן! דער טייוול זאל אים נעמען!

וויינשטיין האט זי אנגעקוקט מיט ברייט אפענע אויגן:

— זאל מיך א דונער דערשלאגן, נאסטיא, צו איך פארשטיי עפעס! וואס ארט עס דיך, וואס ער האט דארטן א געליבטע? צו ס'איז דיר אפשר אנגענעמער צו הערן, אז ער מאטערט זיך, וויינט, ביינקט, שיקט פארליבטע בריף? איך פארשטיי נים! דו דארפסט זיך דאך פרייען!

זי האט א בייזן ווארף געטאן דעם סיגארעט אין ווינקל און גענומען ארומלויפן איבער'ן שטיבל.

וויינשטיין האט זי פארוואונדערט אנגעקוקט און ענדלאך שוין בייז א פרעג געטאן:

— וואס שליידערסטו זיך אזוי? זאג, אפשר ביסטו גאר פארליבט אין אים?

זי איז שטיין געבליבן און ציטערנדיק מיט'ן גאנצן קערפער פאר כעס, גענומען ווארפן אין דער לופטן מיט אירע צוזאמענגעדריקטע פויסטן:

— אף טויזנט כפרות דארף איך אים, דעם פארשיווין הונט, דעם צוקוואטשטן עפל! עס האט דאך גערונען פון אים מיט טרערן און קרעכצן בא יעדן ריר, בא יעדן גוטן אדער שלעכטן ווארט. פו, ווי עס עקלט מיך איצט! ער וואלט זיך דאך שוין פון לאנג געהאנגען אדער דערטרונקען, ווען איך האב נים רחמנות אף אים און לאז אים נים צו אביסל צו זיך. נא, גענגר'טער, קוש מיך, לאסטשע_מיך, נעם מיך, אבי לעב, מוטשע זיך! און דא פלוצלונג . . .

— אבער אום גאטעס ווילן, וואס ארט עס דיך? — האט שוין וויינשטיין געשריען. — וואס ארט דיך אז ער האט חתונה?

זי האט אף אים געקוקט מיט אירע ברענענדיקע אויגן און די ווייסע קליינע ציינדלאך האבן ציטערנדיק געביסן די ליפן:

— ווער זאגט דיר, אז עס ארט מיך? עס ארט מיך גאר נים! אבער ווי האט ער געקענט, דער צוקראכענער, ווי האט

ער געוואגט אזוי צו האנדלען? ער האָט דאָך ערשט ניט לאַנג געשריבן צום טאַטן זיינעם, אז ער פגר׳ט נאָך מיר, אז ער קען אָן מיר ניט לעבן, אז ער וועט זיך שיסן, אויב כ׳וועל אים אליין קיין בריף ניט שרייבן. ערשט ניט לאַנג אזוי געשריבן, און איצט . . .

ווי א שטורם-ווינט האָט זי זיך געטראָגן איבער׳ן שטיבל, געוואָרפן פון זיך יעדע זאַך וואָס איז איר אין וועג געשטאַנען, נעקריצט מיט די ציין און געריסן אַף זיך דאָס העמד.

וויינשטיין האָט געקוקט אַף די לאַנגע, קרעפטיק-ברוינע פאַסן לייב, וועלכע האָבן ארויסגעקוקט דורך איר צוריסענעם העמד, געזען ווי עס פלאַטערן דערשראָקן אירע שטייפע בריסט און ווי עס הויבן זיך קאַנוואולסיוו די קיילעכדיק-אויסגעפילטע אקסלען. ער האָט ניט געקענט קלאָר באַגרייפן, וואָס דאָ קומט פאָר, געפילט בלויז ווי טיף אין אים צינדט זיך עפּעס אָן, צור־ברענט זיך, צוואוואַקסט זיך גרעסער, הויבט אים אונטער. אין דער אויבערשטער טייל פון זיין ברוסט-קאַסטן האָט עפּעס גע־נומען ווי זידן. אים האָט זיך פאַרוואָלט צולויפן צו נאַסטיע׳ן, זי א כאַפּ טאָן פאַר׳ן האלז, צוזאַמענדריקן די פינגער און זי ניט אָבלאָזן ביז איר קערפּער וועט שווער און מאַכטלאָז בלייבן הענגען אַף זיינע הענט. צו זיך גאָר איינבייסן מיט די ציין אין אירע בריסט, אָדער קיילאַכדיקע אקסלען און רייסן שטיקער פלייש, פילנדיק דאָס בלוט אַף די ליפּן.

ער האָט איר פאַרצאַמט דעם וועג:

— געגוג זיך צו וואַרפן, ווי א משוגע׳נע!

זי איז שטיין געבליבן הארט פאַר אים און פינקלענדיק מיט דער שוואַרצקייט פון די אויגן און ווייסקייט פון די ציין אים גלייך אין פנים אריין געגומען שרייען:

— און דו ביסט אויך א גוטער! ביסט אויך א פאַסקודנער הונט! איך דאַרף דיך ניט מער! האָסטו מיך געפרעגט צו דו זאָלסט אים עצות געבן וואָס צו טאָן? פאַרוואָס זוכסטו זיך אליין שוין ניט אויס קיין נייע געליבטע? ווער דאַרף דיך?

ביסט אויך איבערגעפילט מיט רחמנות, פונקט אזא צוקוואטשע־טער עפל ווי ער! לאָז מיך דורך!

און וויינשטיין האָט דערפילט ווי דער אינוועניקסטער פייער האָט זיך שנעל צושפרייט איבער'ן גאַנצן קערפּער, זיך אָנגע־שלאָגן אָן זייט הויט, וועלכע איז זיך גלייך ווי צוגאַנגען און ער איז אינגאַנצן פאַרוואַנדלט געוואָרן אין איין שטיק פלאַם. עפּעס האָט אים ווי א הויב געטאָן אין דער לופטן, אין דער ברוסט האָט געגומען קאָכן ווי אין א קעסל.

און מיט אַמאָל, אַליין ניט וויסנדיק וואָס ער טוט, פילנדיק בלויז, אַז ער וועט אין שטיקער צוריסן ווערן, אויב ער וועט זיך איצט צוריקהאַלטן, האָט ער א שפּאַן געטאָן אָן א זייט, שנעל א הויב געטאָן די האַנט און מיט אַלע כחות א זעץ געטאָן נאַסטיע'ן אין פּנים אריין.

נאַסטיע האָט א קוויטש געגעבן און א לויף געטאָן אָף צוריק.

און דאָס קאָכן אין וויינשטיין'ס ברוסט האָט זיך פון האַלז אין א ווילדן ברום ארויסגעריסן. ער איז איר נאָכגעלאָפן, איר דערלאַנגט נאָך צוויי קלעפּ אין פּנים אריין, און ווען זי איז אָפּ'ן בעט געפאַלן, האָט ער זיך איבערגעבויגן איבער איר און זי גע־שלאָגן מיט די פויסטן אין פּנים, אין בויך, אין ברוסט.

זי האָט געקרעכצט, פאַרשטיקט געשריען און אים צוריקגע־שלאָגן מיט די הענט און פיס. אָבער יעדער קלאַפּ פון אירע נאַקעטע, ווייכע פיס און הענט האָבן געשטייפט זיינע מוסקלען און געדיכטער געמאַכט דעם רויטלאַכן נעבל פאַר זיינע אויגן.

— גענוג, טייערער, איך בעט דיך! גענוג! — האָט ער פּלוצלונג דערהערט איר געשריי.

ער איז צו זיך געקומען.

זי איז געלעגן אינגאַנצן א נאַקעטע, א צושלאָגענע, די האָר צופּאַטלט, דאָס פּנים רויט און ווילד מיטביידע הענט אויסגע־שטרעקט צו אים.

— גענוג, ליבער, זיי מיר מוחל! נעם מיך ארום! נאָר שטאַרק, שטאַרק!

און ווידער האָט דער פריערדיקער פייער אים ארומגעכאַפּט, דער רויטלאכער נעבל האָט זיך אַ שפּרייט געטאָן פאַר זיינע אויגן. דאָס זידן איז אָבער פאַרשוואונדן פון זיין ברוסט און אַף דעם פּלאַץ האָט זיך איצט געשפּרייט און געוויטיקט אַ שאַר־פער געפיל פון רחמנות און חרטה.

ער האָט ארומגענומען איר הייסן, ווייכן קערפּער און אים צוגעדריקט צו זיך.

— שטאַרקער, שטאַרקער! טייערער מיינער, איינציקער!

זי האָט ארומגעכאַפּט זיין קאָפּ און אים שטייף געדריקט צו איר ברוסט.